# כתוב זאת זכרון בספר.

החבור הזה לא חברתי ללמד לבנ״א את אשר לא ידעו, אלא להזכירם את הידוע להם כבר ומפורסם אצלם פרסום גדול וכו׳, אלא שלפי רוב פרסומם ואע״פ שאמתתם גלוי׳ לכל, ההעלם מהם מצוי מאד והשכחה רבה (ר׳ משה חיים לוצאטו אין דער הקדמה צו זיין ספר מסילת ישרים).

דער צוועק פון דער דאָזיגער שריפט איז, דאָס בעקאַנטע אויפצופרישען, אַן דעם וואָס יעדער ווייס, צו דערמאָנען, און דאָס וואָס איז געשעהן פאַר אונ־זערע אויגען, פעסטצוהאַלטען אינם זכרון פון אונזער פאָלק.

דער דור יתום נויטיגט זיך אין מעוררים, אין וועקער, וועלכע זאָלען אויפטרייסלען די בערוהיגטע פון זייער רוהיגקייט, פון זייער איינגעהאַלטענ־קייט. עס איז געקומען אַ צייט, ווען דער ייד מוז ערשט אויפמערקזאַם געמאַכט ווערען אויף זיין אייגענע וואונד, מען מוז איהם עראינערען און מאָהנען: עס דאַרף דיר וועה טאָן, ווייַן איבער דיין שמערץ און געדענק, ווער עס האָט דיר די וואונד געמאַכט, ווער עס האָט דיך אַזוי פאַטאַל פערלעצט.

קוים זיינען עטליכע יאָהר פערלאָפען זינט דעם מורא׳דיגען מאַסען־מאָרד, און שוין טראַכטען פילע, אַז זיי האָבען שוין יוצא געווען, שוין אבגע־טרויערט, שוין גענוג זיך אויסגעוויינט, אַצינד מוז מען זיך צוגעוויינען, זיך מחזק זיין, זיך ליב האָבען, זיך זעלבסט אָבנאַרען, פּטור, פערפאַלען, מה דהו׳ הו׳, דאָס לעבען געהט ווייטער.

ריכטיג, דאָס לעבען מוז ווייטער געהן. אָבער דאָס לעבען נאָך אַ חורבן מוז צוגעפּאַסט זיין צום חורבן. וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען, וואָס ציהט זיין יניקה פון שכחה, וואָס איז אויפגעבויט אויף דעם אַוועקיאָגען פון מחשבות און געפיהלען, וועלכע דאַרפען אויספילען אונזער בעוואוסטזיין? ווי קען אונז ניחא זיין אַ דאָ־זיין, וואָס איז פערבונדען מיט אַ שטענדיגען פערדעקען, בעהאַלטען און פערגעסען? קען אונז שיינען די זון, קענען אונז פרייען איהרע שטראַהלען, קענען מיר נהנה זיין פון דער וועלט אין דעמ־זעלבען מאָס ווי פאַר דעם חורבן? איז עס מעגליך צו לאַכען מיט אַ פול מויל, זיך משמח צו זיין מיט אַ גאַנץ האַרץ, מעגען מיר האָבען אַ גענוס פונם לעבען, ווען מיר ווייסען, וואָס עס האָט ערשט נישט לאַנג פּאַסירט מיט אַזוי פילע פון אונזערע נאָהנטסטע?

צו שנעל האָבען מיר זיך בערוהיגט, גאָר גיך האָבען מיר שלו׳ געמאַכט

מיט דער אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן יידען. אַצינד האַלט עס שוין ביי אַ שלו' מיטן אויסראָטער גופא, מיטן דייטשען רוצח (אייגענטליך אַ פּלעאָנאַזם, ווייל דייטש אַליין מיינט שוין רוצח).

די אומות העולם האָבען זיך מיט איהם תיכף איבערגעבעטען. זיי — און זאָגאָר מאַנכע פון אונז — מוסר'ן אונז שוין אויס, הלמאי מיר האָבען „נאָך אַלץ״ אַ בייז האַרץ אויף דעם פאָלק פון קאַניבאַלען.

היטען מיר זיך טאַקע אַ הויכען קרעכץ צו טאָן, זיינען מיר שוין פאַר־זיכטיג, נישט חלילה פּוגע צו זיין אין דעם כבוד פונם מערדער; גייען מיר אויף די שפּיצפינגער און האָבען מורא פאַרן אייגענעם הויך, פאַר אייגענע ליידענסגענאָסען, פאַר מיטבעטעראָפענע, טאָמער וועלען זיי נישט מסכים זיין צום זיפץ, ווייל אַ זיפץ איז דאָך אַ אַנקלאַגע געגען די דייטשען, אַ אנקלאַגע געגען די דייטשען ווידער איז בכלל אויפפאָדערונג צו נקמה, און נוקם זיין אָן די דייטשען טאָר זיך אַ ייד נישט (אַזוי פּסק'נען מענשען, וואָס טוען זאָנסט אַלעס וואָס מען טאָר נישט).

כהיום, מוז מען זיך אבווישען דאָס מויל און מאַכען אַ שוויג איבער די פאַר מיליאָן יידען, וואָס זיינען דאָרט עפּעס געשאָכטען, פערגאַזט, פערברענט, געהאנגען, דערוואָרגען אָדער גלאַט אַזוי פערמוטשעט געוואָרען צום טויט.

איז עס שטיל געוואָרען אינם לאַגער פון די לעבען־געבליבענע און אַלעס איז איינגעהילט אין אַ טיף שווייגען. עס שווייגט דער דור, עס שווייגען די מנהיגים, וועלכע זיינען דאָך אייגענטליך בערופען, צו ווייזען אַ וועג דעם פאָלק, ווי זיך נוהג צו זיין נאָך אַזאַ פאָלקס־שרפה.

ביז צום היינטיגען טאָג איז נישט געשאַפען געוואָרען קיין שום תפלה, איז נישט איינגעפיהרט געוואָרען קיין איינציגע תקנה, וואָס זאָל אויף אירגענד אַ אופן פעראייביגען די שוידערליכסטע קאַטאַסטראָפע פון אַלע צייטען.

אָט די אונפערשטענדליכע ערשיינונג האָט אַ זעירא דמן חבריא בע־וואויגען זיך צו מעלדען און פעסטצושטעלען אונזערע אויפגאַבען, אונזערע פליכטען. מיר געהערען צו די יעניגע, וואָס האָבען זיך „נאָך אַלץ״ נישט בערוהיגט, וואָס ווילען בלייבען רוהלאָז, וואָס קענען זיך נישט קיין אָרט געפינען און פיהלען אין זיך דעם דראַנג אַרויסצורופען אין די יידישע גאַס: ווי לאַנג נאָך וועט איהר שווייגען? שוין גענוג נישט יוצא געווען!

די בעסטע פאָרם פון פעראייביגען, איז ריטואַליזירען. וויבאַלד מיר וועלען אַריינגעהמען דעם חורבן אין אונזערע תפלות און מנהגים, וועט ער נישט פער־געסען ווערען. ציון און ירושלים זיינען אונז אין אַ צוויי־טויזענד־יעהריגען גלות אַזוי נאָהנט געבליבען, נאָר ווייל אונזערע חכמים האָבען פערשטאַנען, צו מאַכען זיי פאַר אַ בעשטאַנדטייל פון אונזער טעגליכער רעליגיעזער בע־טעטיגונג.

די תקנות, וועלכע זיינען געבראַכט אין אָט דער אבהאַנדלונג, דאַרפען פערברייטערט און פערפולשטענדיגט ווערען דורך אַ כנסי' פון רעליגיעזע פיהרער. דאָ זיינען בלויז אָנגעצייכענט געוואָרען סקיצען, ראָשי פרקים.

אויף די יידישע ליידען אין די לעצטע 15 יאָהר ווערען אין דיזער שריפט נאָר אין קורצע אומריסען, אין מיניאַטור געשילדערט. די אכזריות פונם שונא קענען אודאי נאָר ברמיזא אָנגעדייטעט, אָבער קיינמאָל נישט גרינדליך בעהאַנדעלט ווערען. ווער קען דען אַזוי פיל הינדישקייט דערגרינטעווען אָדער גאָר אויסשעפּען?

דאָ ווערט בלויז געמאַכט דער פּערזוך, צו געבען אַ כראָנאָלאָגישען אי־בערבליק איבער דעם ווערדעגאַנג פון אַ אונפאָרשטעלבאַרען מאַרטיריום; אויפצואוועקען די בערוהיגטע פון זייער בעטויבטקייט; מעורר צו זיין צו איינריכטונגען, וואָס זאָלען אונז פון צייט צו צייט צווינגען צו לאָזען אַ טרער איבער 6 מיליאָן יידען, וואָס זיינען פערניכטעט געוואָרען על לא חמס בכפּם, וועמעס איינציגער חטא איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זיינען געווען קינדער פון אונזערע הייליגע אבות; און נאָך עפּעס בעצוועקט די שריפט: צו צייגען מיטן פינגער אויף דעם היסטאָריש גרעסטען, ברוטאַלסטען, גרויזאַמסטען פיינד און פערניכטער פון אונזער פאָלק.

* * *

מיט ריקזיכט אויף דעם אומשטאַנד, אַז עס איז נאָך נישט ערפונדען גע־וואָרען דער פּאַסיגער אויסדרוק פאַרן דייטשען באַרבאַרענטום, האָבען מיר זיך בעדינט מיט בעצייכענונגען פון דער טיער־וועלט. מיר וואָלטען בע־דאַרפט בעטען אום ענטשולדיגונג ביי די חיות או. א. וו. פאַר דעם מיסברויך פון זייערע נעמען. בעזיצען זיי דאָך — אין זייער אַרט — מעהר אנשטענ־דיגקייט ווי די קולטיווירטע דייטשע בעסטיע. דעם פערגלייך האָבען די אָרימע בעשעפּענישען ווירקליך נישט פערדינט.

* * *

צוליב דאָקומענטירונג און אַלגעמיינער אָריענטאַציע, זיינען מיר גע־צוואונגען, אין דער שריפט אויסנאַהמסווייז אָנצוגעבען די יאָהרען לויט דער וועלטליכער צייט־רעכנונג.

* * *

דאָס ספר איז לכתחלה געשריבען געוואָרען אין לשון־הקודש, אָבער כדי עס צו מאַכען צוגענגליך אויך פאַר די ברייטע מאַסען, ערשיינט עס קודם אין יידיש. מיר פּלאַנען אויך אַרויסצוגעבען אַ ענגלישע איבערזעצונג.

# יזכור...

די דאָזיגע אַרבייט איז געווידמעט מיין יינגסטער שוועסטער מרים שרה (שרטשה), וועלכע איז אומגעקומען על קדוש השם.

זי האָט אין זיך פעראייניגט אַלע מעלות פון אַ יידישער טאָכטער. בע־שענקט מיט אַ העלען גייסט און אַ וואַרים יידיש האַרץ, איז זי געווען אונ־געוועהנליך אינטעליגענט, קלוג, אַ יפת תואר, אַ גראַדליניגער כאַראַקטער, הילפסבערייט און זעלבסטלאָז. נישט נאָר אַ מלומדת איז זי געווען און אָנ־געזאַפט מיט יידישע ידיעות, נאָר אויך פילזייטיג געבילדעט, בעלעזען אין דער וועלט־ליטעראַטור און בעוואַנדערט אין אַלע פּראָפאַנע פעכער.

והעולה על כלם האָט זי זיך אויסגעצייכענט מיט איהר יראת שמים און צניעות. זי איז געווען טיף רעליגיעז, פול אמונה, דורכגעדרונגען מיט איבערצייגטער גלויביגקייט און יידישער פעסטיגקייט. זי האָט מדקדק געווען במצות כחוט השערה און האָט געוויסענהאַפט איינגעהאַלטען יעדען חסידישען מנהג. זי איז געווען אַ אמת׳ע צדיקת, די ריכטיגע אשה יראת ה׳, אַ האַר־מאָנישע פערזענליכקייט, אַ ווירדיגע טאָכטער פון אונזערע גרויסע עלטערען זצוקללה״ה.

איהר יוגענד האָט זי פערבראַכט אין וויען, אָבער געהייראַטעט האָט זי אין קראקא מיט דעם אויסערסט חסידישען בחור, הרה״ג ר׳ שלמה (ב״ר יוסף) קלוגער זצ״ל. קוים 7 יאָהר שפּעטער איז איהר מאַן נפטר געוואָרען. די יונגע אלמנה האָט נישט אויפגעהערט צו טרויערען נאָך איהם, יעדע וואָך האָט זי אויפגעזוכט זיין קבר, און האָט אויף זיך גענומען נישט מעהר חתונה צו האָבען. זי איז געבליבען אַליין מיט דריי קליינע קינדער און האָט מקדיש געוועזן איהר לעבען פאַר זייער ערנעהרונג און ערציהונג. ווי אַ עכטע אשת חיל האָט זי, אונטער שווערער אנשטרענגונג, די יתומים פערזאָרגט מיט אַלעם גוטען און זיי אויפגעצויגען על ברכי התורה. דאַביי האָט זי נאָך געפונען צייט פאַר איהרע גייסטיגע אינטערעסען און — אַנדערע צו העלפען.

דען זי איז נישט בלויז געווען אַ איבערגעגעבען, אויפאָפּפערונגספול קינד, אַ גוטע שוועסטער, אַ געטרייע פרוי און אַ צערטליכע מוטער, נאָר אויך אַ נאָבעלער מענש, וואָס איז תמיד גרייט געווען בייצושטעהן יעדעם, וועלכער האָט בעדאַרפט איהר הילף. מיין לעצט געשפּרעך מיט איהר איז געווען תחילת תרצ״ט, בעת איך בין געווען אין ציריך, ווען זי האָט מיך טעלעפאָניש

אויפגערופען פון קראקא וועגען אַ משפחה, וועלכע האָט געזאָלט געראַטעוועט ווערען פון אַ סכנה אין דייטשלאַנד.

גאָר האַרט האָט זיך געשטאַלטעט איהר קאַמף אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אָבער אויך דאַמאָלט האָט זי איהר שווערע אויפגאַבע ערפילט און מאַנכמאָל זיך זעלבסט איבערטראָפען אין העלדישקייט. זי האָט אַלעס אָנגעווענדעט, דאָס לעבען פון איהרע קינדער צו בעשיצען און האָט צו־גלייך געזאָרגט פאַר אַנדערע מיט־בעדראָהטע. ווען דאָס יידישע וואוינגעביט איז איינגעשרענקט געוואָרען אויף אַ זעהר ענגען שטח, האָט זי דורכגעזעצט צו קריגען אַ דירה און צו פערשאַפען נאָך אַ אַנדערער פאַמיליע אַ דאַך איבערן קאָפּ.

דאַן זיינען געקומען די מלאכי חבלה פון דער פערשאָלטענער דייטשער אומה און האָבען אַ סוף געמאַכט צו דעם געראַנגעל פון דער ערהאַבענער פרוי. מיטוואָך פּ׳ וירא, י״ז מרחשון, תש״ג, אין אַ קאַלטען פרימאָרגען זיינען זיי אַריינגעשטורמט אין איהר וואוינונג און האָבען אַוועקגעפיהרט די בעטריבטע אלמנה מיט איהרע דריי יתומים קיין בעלזעץ — צו דער שחיטה.

דאָס איז געוועזן קוים 9 טעג נאָכדעם ווי אונזער ברודער, הרב הגאון הצדיק ר׳ שרגא זאב, אבד״ק אלטשטאדט זצוקללה״ה, הי״ד איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און זייערע 5 קליינע קינדער פערשיקט געוואָרען צו דעמזעלבען אָרט, צו דעמזעלבען טויט.

דריי וואָכען פאָרהער איז אונזער הייליגער פאָטער נסתלק געוואָרען אַלס קרבן פון די דייטשע רדיפות. ביי אַ „אַקציע״ געגען די אַלטע יידען איז דער הייליגער מאַן גענומען געוואָרען פון אלטשטאדט, כדי געבראַכט צו ווערען קיין דראָהביטש, וואו עס האָט זיך געפונען אַ פערניכטונגס־פּלאַץ פאַר יידישע זקנים. די פערצווייפלונג פון אונזער טייערען ברודער איז געווען אין לשער, ער האָט אַלאַרמירט די יידען־רעטע פון דער געגענד און האָט איינגעריסען וועלטען, ביז ער האָט דורכגעזעצט, אַז דער טויטגעווייהטער סבא קדישא איז אינמיטען וועג בעפרייט געוואָרען.

אוי לנו מיום הדין, אוי לנו מיום התוכחה! טראָץ דעם חשכות וואָס האָט דאַמאָלט בעדעקט דעם יידישען הימעל, טראָץ דעם אונבעשרייבליכען פּחד וואָס האָט געלעהמט יעדע יידישע אַקטיוויטעט, האָט אַ ייד, וואָס איז אַליין געווען אין דער ביטערסטער נויט, אַ ייד, וואָס האָט שוין דייטלעך געזעהן דאָס שווערט פונם דייטשען מלאך המות שוועבען איבער די קעפּ פון די אייגענע קינדער, אין דעם פינסטערסטען מאָמענט זינט בריאת העולם, געצעהלטע טעג פאַר דעם אייגענעם אומקום און דעם אומקום פון זיין גאַנץ הויזגעזינד, האָט אַ ייד מיט זיינע לעצטע כחות בעוויזען אַ צווייטען ייד אַרויסצורייסען פון די טרפה׳נע דייטשע נעגעל! וואָס וואָלטען ערשט מיר געקענט ערווירקען און

אויפטאָן פאַר די געקוועלטע ברידער ווען מיר וואָלטען אויך אַ ביסאלע מרעיש עולמות געווען, ווען מיר וואָלטען אין אונז געהאַט אַ פונק פון מיין הייליגען ברודער׳ס התלהבות . . . ווי אַזוי וועלען מיר דאָס פּרעגנטפערען? נאָר איין ענטפער איז דאָ אויף דעם: אבל אשמים אנחנו על אחינו, אשר ראינו צרת נפשו בהתחננו אלינו ולא שמענו.

אַלס רעזולטאַט פון די אויפרעגונגען און שטראַפּאַצען איז דער טייערער טאַטע גלייך אַריינגעפאַלען אין אַ שמערצפולער קראַנקהייט און איז י״ט תשרי (דעם 3טען טאָג חוהמ״ס) אין דעם סאַמבאָרער געטאָ נסתלק געוואָרען, איבערלאָזענדיג זיינע קינדער, זיינע כתבים, זיין פאָלק אין אַ מבול פון בלוט און טרערען.

17 טעג איידער זי איז גע׳הרג׳עט געוואָרען האָט די שוועסטער בעריכטעט פונם טאַטענס פטירה צו אַ בעקאַנטען אין דער שווייץ מיט פאָלגענדע ווער־טער: „ליידער קום איך מיט אַ נאַכריכט, וואָס איז פאַר אונז אַלע אַ זעהר טרויעריגע: אונזער טייערער, געליבטער פאָטער איז דעם 30־טען סעפּטעמ־בער, 12 אוהר מיטאָג נפטר געוואָרען. איך בעט, דאָס זאָל מיטגעטיילט ווערען דעם ל׳ אהרן אויף אַ פאָרזיכטיגען אופן, דען איך וויים, ווי דאָס וועט איהם און אַלע געשוויסטער טרעפען. האָבען מיר דאָך דאָס טייערסטע, אונזער אַלעס פערלוירען. ווי שטאַרק בין איך, ווען איך בין נאָך פעהיג, דאריבער צו שרייבען. אונזער שטאָלץ, אונזער זון איז אונז אונפערהאָפט פערלאָשען געוואָרען. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: די קינדער, ער זאָל זיי נאָך זעהן . . . ״

דאָס איז דער אינהאַלט פון איהר לעצט קאַרטעל, וואָס איז געווען אויפ־געגעבען פונם קראַקאָווער יודען־ראַט און פערזעהן מיט אַ האַקענקרייץ־זיגעל און אַ צייכען פונם דייטשען צענזאָר. די שוואַרצע האַנד פונם דייטשען שד האָט געדריקט אויף די פעדער פונם ליידנפולען ייד. זי האָט נישט געטאָרט מרמז זיין אַז אַ גרויסער טייל פון אונזער משפחה איז שוין ליק־ווידירט, זי האָט נישט געטאָרט אָנדייטען איהר געוויסהייט, אַז דאָס זעלבע שטעהט אויך איהר און איהרע קינדער בעפאָר. זי האָט נישט געטאָרט בעטען אום הילף, אום די רעטונג פון איהרע קינדער. דאָס האָבען בעדאַרפט די שווייצער יידען אַליין פערשטיין און אַרויסלעזען דעם צער, דאָס געוויין וואָס איז געלעגען צווישען די שורות. מיט עטליכע וואָכען צוריק האָבען זיי נאָך אַלע געשריבען אין די שווייץ אַריין, בעטענדיג רחמים אום טאַנטע פעסעל (ד. ה. אויסלענדישע פעסער) און אנדערע הילף, ווי וויט זיי האָבען געמעגט פערשטעלטערהייט אַרויסשרייבען. אָבער די יעניגע, צו וועלכע זיי האָבען זיך געווענדעט, האָבען געמיינט, אַז זיי טאָרען נישט פערשטיין דעם וואונק, די פערצוויפעלטע שטימע, דעם לעצטען רוף, וואָס האָט אַרויסגעשריען פון

די צוריקגעהאַלטענע ווערטער. די קרובים אל החלל, די רוימליך נאָהנטסטע צו אונזערע נאָהנטע, האָבען נישט אַרויסגעשפּירט די התעוררות צו מסירת־נפש׳דיגע האַנדלונגען — — —

„די קינדער, ער זאָל זיי נאָך זעהן . . . " עס איז נישט פערגאַנגען קיין גאַנצער חודש, און דער הייליגער טאַטע האָט זיך ווידער געזעהן מיט עלף פון זיינע קינדער און אייניקלעך. פירציג אַנדערע פון זיינע קינדער — איי־ניקלעך, אוראייניקלעך, איידעמס או. א. וו. — זיינען נאָך פריהער אומגע־בראַכט געוואָרען פונם דייטשען באַנדיטען־פאָלק. ביי פילע פון זיי זיינען נאָך נישט קלאָרגעשטעלט געוואָרען די טעג און ערטער פון זייער אומקום.

ווען די דייטשע רוצחים האָבען אַ ענדע געמאַכט צו מיין שוועסטער׳ס לעבען, איז זי אַלט געווען קנאַפּע 41 יאָהר. דאָס „אַלטער" פון איהרע קינ־דער איז געווען: נתן 16 יאָהר, אלי׳ 13, בלימא יכט 10.

אַזוי איז אָבגעהאַקט געוואָרען אַ פּרעכטיגער, יונגער בוים צוזאַמען מיט די יונגע, בליהענדע צווייגלעך. אין אַ וועלט פון פינסטערניש איז נישט גע־ווען קיין פּלאַץ פאַר ליכטיגע מענשען.

איהר, דער מושלמת, דער עדעלער יידישער פרוי, וואָס האָט אויסגעפילט איהרע ווינציגע יאָהרען מיט אונערמידליכער אַרבייט, מיט לערנען און מעשים טובים, איהר אָפּפעררייך ווירקען און מוסטערהאַפטער אויפפיהרונג, איהר הערצאָיש לעבען און שרעקליכען ענדע, מיין געליבטער שוועסטער איז די דאָזיגע שריפט געווידמעט, איהר און איהרע דריי געלונגענע, טייערע קינדער. יהי זכרם ברוך וה׳ ינקום דמם הטהור.

א׳ י׳.

יום ה׳ לס׳ וג"א שמעתי את נאקת בנ"י, כ"ו טבת, ה׳ תש"ט.

רחמנות מיטן נרדף די טרייב־קראַפט פון שנאה צום רודף.

זכור את אשר עשה לך עמלק, געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן. — צו דעם פסוק ווערט אין פרקי דרבי אליעזר בעמערקט פאָלגענדעס: כתוב זכור את יום השבת לקדשו, וכתוב זכור את אשר עשה לך עמלק, כיצד יתקיימו שני מקראות הללו, אלא זה לקדשו ולכבדו, וזה להממו ולאבדו. איינמאָל שטעהט: געדענק דעם שבת צו הייליגען איהם און ווידער שטעהט: געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן. ווי אַזוי קענען זיךביידע פסוקים אויסגלייכען? מוז מען ענטפערען, אַז שבת איז צו הייליגען און מכבד צו זיין, עמלק אָבער, איז צו פערטיליגען און צו פערניכטען.

די מפרשים וואונדערען זיך, וואָס דער פרקי דרבי אליעזר וויל מיט דער בעטראַכטונג בעצוועקען. סיי די קשיא, סיי דער תירוץ זיינען אונ־פערשטענדליך. פאַרוואָס זאָל זיין אַ פראַגע, צי דיביידע מצות — דאָס געדענקען דעם שבת און דאָס געדענקען פון עמלק — קענען צוגלייך אויסגע־פיהרט ווערען? בעשטעהט דען אַ סתירה, אַ קאָנטראַסט צווישען די ביידע בעפעהלען? שליסט דען אויס דאָס געדענקען פון שבת דאָס געדענקען פון עמלק? זיינען זיי דאָך צוויי גאַנץ פערשידענע געבאָטען, וואָס איינער צום צווייטען שטעהט נישט אין קיין שום פערהעלטניש.

און וואָס טוט אויף דער תירוץ? זה לקדשו ולכבדו וזה להממו ולאבדו? געוויס איז די זכירה וואָס בעציהט זיך אויף שבת אַ געדענקען פון כבוד און דאָס געדענקען עמלק׳ס — אַ פערשאָלטענער. דאָס ווייסט מען אויך אָהן דער בעמערקונג פון פרקי דרבי אליעזר.

מיין גרויסער, הייליגער טאַטע, דער אַלטשטעטער גאון, רבן של ישראל, מרן ר׳ חיים יצחק ירוחם זצוקללה״ה, האָט דעם דאָזיגען ר׳עטזעלהאַפטען פדר״א בעלויכטען אויף פאָלגענדען אופן: ביי אַ נעהנטערע בעטראַכטונג פון ביידע מצות פאַלט אונז אויף אַ שנוי, אַ פערשידענהייט, אין דער פאָר־מולירונג, אין דעם נוסח פון די ביידע בעפעהלען. ביי דער הייליגונג פון שבת שטעהט קודם דאָס געבאָט (זכור את יום השבת לקדשו וגו׳) און דאַן קומט דער טעם, די בעגרינדונג (כי ששת ימים עשה ד׳ את השמים ואת הארץ וגו׳); אָבער ביי עמלק איז עס לגמרי פערקערט, די מאָטיווירונג שטעהט פאַר דעם בעפעהל. דער פסוק הויבט זיך אָן מיט דער בעגרינדונג (זכור

את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים, אשר קרך בדרך ויזנב בך כל הנחשלים אחריך ואתה עיף ויגע ולא ירא א׳ וגו׳), מיט דער שילדע־רונג פון עמלק׳ס אינטערווילעכסדיגען איבערפאַל, און ערשט דאַן איז ער מסיים מיט דער אייגענטליכער מצו׳, נישט צו פערגעסען עמלק׳ס נידערטרעכ־טיגקייט (והיה בהניח ה״א לך וגו׳ תמחה את זכר עמלק מתחת השמים לא תשכח).

דער פאַקט, אַז צוויי געבאָטען ווערען פערשידען סטיליזירט, האָט בע־וואויגען דעם גרויסען תנא דעריבער נאָכצודענקען, ווי אַזוי קען מען אויס־גלייכעןביידע טעקסטען, כיצד יתקיימו שני מקראות הללו. די פראַגע בע־ציהט זיך נישט אויף שתי מצות הללו, ווייל צווישען די מצות זעלבסט בע־שטעהט נישט קיין שום ווידערשפרוך. אויפפאַלענד איז נאָר די פערשידענהייט אין דער זאַץ־קאָנסטרוקציע פון ביידע מצות. דארויף ענטפערט ר׳ אליעזר: אלא זה לקדשו ולכבדו, וזה להממו ולאבדו. דאָס שבת־געזעץ איז אַזוי סאָציאַל לאָגיש, אַזוי הומאַניטאַר זעלבסטפערשטענדליך און נאַטירליך, אַז מען קען זיך מיט איהם צו דער יידישער מענשהייט ווענדען אָהן יעדע פּאָראוי־סיגע בעגרינדונג, ווייל מיט פולער בערעכטיגונג פערדינט דער מענש, וואָס אַרבייט די גאַנצע וואָך בזיעת אפו, אַ טאָג פון רוה. דעם געפּלאָגטען אינ־דיווידואום קומט אַ פרייער טאָג, אין וועלכען ער זאָל קענען אָפּפרישען זיין גייסט, בעפרידיגען זיינע זעעלישע הצטרכויות און פערשאַפען אַ תענוג רוחני זיין העכערען איך. מיט רעכט איז דער מענש בעשענקט געוואָרען מיטן שבת, כדי זיין נשמה זאָל זיך קענען דערהויבען, דאַמיט זיין גייסט זאָל נישט פערטריקענט ווערען, אום איהם צו שיצען פאַרן אונטערגאַנג אינ׳ם תהום פון דער טאָג־טעגליכער בעשעפטיגונג.

אַ שבת בעפעהל קען דעריבער אַרויסגעגעבען ווערען אַפילו אָהן אַ פריהערדיגער מאָטיווירונג, אָהן טעמים, אָהן הקדמות און אָהן פּסיכאָלאָגישע הכנות. אויב די תורה גיט שפּעטער יאָ אָן אַ טעם (ווייל כביכול האָט אין דעם טאָג גערוהט), איז עס נישט ווייל שבת אָדער אַ אַנדערע מצו׳ בויטיגט זיך אין אַ מאָטיוו, וואָס איז צוגענגליך צו אונזער פערשטאַנד; דער אָנוויז אַז הש״י האָט שבת גערוהט, דינט בלויז דעם צוועק, כדי דעם טאָג צו פערג־טליכען, כדי אונז דעם הימלישען צוצופאַסען.

אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער טראָגט דאָס עמלק געבאָט. דאָ איז די רייד פון „להממו ולאבדו״. דאָ ווערט אוי־פגעפאָדערט צו מעשים, וועלכע ליגען נישט אין דער מענטאַליטעט פון ישראל, צו אַ זאַך וואָס ווערט בכלל אין דער תורה און אין אונזערע אַלע כתבי הקודש אַמשאַרפסטען פעראורטיילט, פערדאַמט און בעקעמפט. אייביגער האַס, שטענדיגע פעראַכטונג ווערט אין דעם פאַל פערלאַנגט. כאָטש די ראַכע בעציהט זיך אויף דעם פסולת

פון דער מענשהייט, אויף דעם גרויזאַמען שונא און ערבאַרמלאָזען העצער, האַנדעלט עס זיך אָבער דאָך אום מענשליך בלוט וואָס זאָל פערגאָסען ווערען, און פאַר בלוט, האָבען מיר יידען דעם גרעסטען עקעל. קיין שום פאָלק איז די עהרפורכט פאַר דעם מאַיעסטעט פון לעבען אַזוי אימאַנענט, אַזוי איינגעוואָרצעלט ווי דעם יידישען פאָלק. מיר זיינען רחמנים בני רחמנים, דער בעגריף רחמנות, מיטלייד, רופט אַרויס אין אַ יידיש האַרץ די צערט־ליכסטע, ערשיטערענדסטע עמפינדונגען. פערניכטונג, פערוויסטונג — דאָס געהערט נישט אין געביט פון אונזערע טעטיגקייטען. די שווערד, דעם ועל חרבך תחי׳, די מאָרד־געצייג, דאָס לאָזען מיר פאַר אַנדערע. זאָגאַר אונזער דוד המלך, דעם גרויסען העלד און קעניגליכען משורר איז אַ פאָרוואורף געמאַכט געוואָרען פאַר׳ן פערגאָסענעם בלוט. ווען ער האָט דעם בית המקדש געוואָלט בויען, האָט דער אויבערשטער צו איהם געזאָגט: דם לרוב שפכת, ומלחמות גדולות עשית, לא תבנה בית לשמי (דה״י א׳, סי׳ כ״ב). דערצו בעמערקט דער רמב״ם: הגם די מלחמות, וואָס דוד האָט געפיהרט, זיינען געווען מלחמות מצו׳ וחובה, הייליגע קריג, ביי וועלכע ער האָט זיין לעבען איינגעשטעלט כדי די שונאי ישראל מכניע צו זיין און דעם קרן ישראל צו הייבען, אף על פי כן, ווער עס פערנעהמט זיך מיט בלוט־פערגיסען, אַפילו לויט אומשטענדען וואָס מאַכען עס גאָר נויטיג און פערוואַנדלען עס אין אַ מצו׳, טראָץ דעם בירגערט זיך אין איהם איין אַ מדה פון אכזריות. דעריבער איז דער בנין ביהמ״ק איבערגעלאָזט געוואָרען פאַר שלמה, דעם קעניג פון פרידען, הוא יהי׳ איש מנוחה, והניחותי לו מכל אויביו מסביב, כי שלמה יהי׳ שמו ושלו׳ ושקט אתן על ישראל בימיו, הוא יבנה בית לשמי.

אַזוי וויט געהט די יידישע פעראַכטונג צו אַלץ וואָס איז קריגעריש. אַזוי טיף איז אין יידישען בלוט איינגעבאַקען די פעראורטיילונג פון אַלעם, וואָס איז פערבונדען מיט שפיכת דמים.

דערפאַר, ווען לגבי עמלק ווערט געמאַכט אַ אויסנאַהם, ווען די תורה פערלאַנגט דאָס מאָל פון אונז יאָ האַרטקייט, פיינדשאַפט און נקמה, איז וויכטיג, קודם כל די סבה, אַזוי צו זאָגען די ענטשולדיגונג אַוועקצושטעלען, כדי אונז זעעליש פאָרצובערייטען. די תורה שטרייכט אונטער קודם די אכזריות פון דעם גרונדלאָזען איבערפאַלער, אשר קרך בדרך וגו׳, זי איז מקדים דעם טעם, כדי מיר זאָלען בעגרייפען דעם בעפעהל, אין דער ערשטער ריי ווערט געשילדערט אין קלאָרע פאַרבען עמלק׳ס רשעות, זיין אָנגריף אויף אַ געפלאָגט, אויסגעמאַטערט פאָלק, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס אויף דער פריי נאָך אַ לאַנגער קנעכטשאַפט, אשר קרך — צננך, ווי ער האָט דיך ביליג געמאַכט, געצייגט די פעלקער, אַז מען קען דיך אַטאַקירען און אויף דיר טרעטען. און ווען מיר האָבען זיך שוין בעקענט מיט די ליידען, וואָס

עמלק האָט אונז, אָרימע וואגלער, פערוּרזאַכט, איז בולט די בערעכטיגונג פון דעם בעפעהל, אַזאַ שונא מיט שנאה צו בעגעגענען.

נישט בכדי צו דערוועקען סאַדיסטישע אינסטינקטען האַנדעלט עס זיך דאָ. נישט די בעפרידיגונג פון נקמה־געפיהלען איז דער מקור פון אונזער האַס. אונזער שנאה צו עמלק איז באַזירט אויף דעם מיטגעפיהל, אויף דעם מיטלייד מיט זיינע אונשולדיגע קרבנות.

ר׳ יוסף אַלבו שרייבט אין זיינע עקרים: אַזוי ווי דאָס בעשטראָפען דעם שולדיגען געהערט דאָך צום משפט, און איז נישט די אנגעלעגענהייט פון רחמנות, וואָלט דאָך ביי דער ווארנונג, נישט מצער צו זיין אַ אָרימען, בעדאַרפט שטעהן: ושמעתי כי שופט אני, איך וועל דעם בעולה׳טען דערהערען און דעם בעדריקער שטראָפען, ווייל איך בין גערעכט, ווייל איך בין שטרענג. מיט אַ ספּעציעלער כוונה בענוצט זיך אָבער די תורה מיטן אויסדרוק ושמעתי כי חנון אני (שמות סי׳ כ״ב, פכ״ו), איך וועל דעם האַרצלאָזען בע־שטראָפען גראד ווייל איך האָב רחמנות, דוקא ווייל איך בין באַרימהאַרציג. דאָס רחמנות מיט דעם פערפאָלגטען וועקט ביי אונז די תשוקה צו בעשטראָפען דעם פערפאָלגער.

וואָס מעהר מיטלייד אַ מענש פיהלט, וואָס מעהר בעל רחמנות ער איז, אַלץ שטאַרקער און קרעפטיגער טרעט ביי איהם אַרויס דאָס רעכטס־געפיהל, דער פערלאַנג נקמה צו נעמען ביי יענע, וועלכע פערלעצען די רעכט פון די שוואַכע. ווער עס איז בטבע אַ גוטער, ווערט גיכער אויפגעבראַכט ווען ער זעהט אַ אָרימען בע׳עולה׳ן. די גוטסקייט פון אַ מענש און זיין עמפינדליכקייט צו אונרעכט שטעהן אין אַ פּראָפּאָרציאָנעלער פערהעלטניש. דאָס רחמנות־געפיהל מיט דעם געליטענעם פערטרישט די גרויסע מאָס פון איידעלקייט אין אַ גרויסער מאָס פון כעס געגען דעם אכזר.

### פּרעדעסטינאַציע פונם דייטשטום צו באַרבאַריזם.

דער מענש איז אַ טייל, אַ גליד פון אַ פאָלק. דאָס פאָלק איז די צוזאַ־מענזעצונג, די פעראייניגונג פון מענשען, אַ פערגרעסערטער מענש. דאָס זעלבע, וואָס שפּילט זיך אָפּ ביים איינצעלנעם, קענען מיר בעאָבאַכטען ביי דער גרופּע, ביי דער פעראייניגונג פון איינצעלנע, ביי דער „מאַסע מענש״, ביי דער געזעלשאַפט.

עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס ווערען געבוירען מיט גוטע אָדער מיט שלעכטע אייגענשאַפטען, און מיט דער צייט געהען זיי דורך אַ מעטאַמאָרפאָזע. אַלס אַ הולך, אַלס אַ דינאַמישע סובסטאַנץ, איז דער מענש אונטערגעוואָרפען

פערשידענע ענדערונגען. ענטוועדער ער נעמט אָן אַ שנוי לטובה, ער בעסערט זיך, ער אַרבייט זיך אויס, ער איז מגביר און מנצח דאָס שלעכטע אין איהם און „ווערט אַ לייט״, אָדער ער פערערגערט זיך, ער מאַכט פאַרשריט אין זיין פערדאָרבענקייט, ער ווערט מעהר פערגרעבט און ער פערגרעסערט די צאָהל מדות רעות. אויב ער האָט פריהער געהאַט בלויז אַ נייגונג צו זאָגען ליגען, ווערט ער שפּעטער אַ גנב און דערנאָך אַ רוצח.

דאָס איז תלוי פון דער סביבה וואו ער לעבט, פון דער אומגעבונג וואו ער פערקעהרט. דאָס הענגט אָפּ פון די אויסערליכע איינפלוסען, פון וועלכע ער ווערט בעווירקט, פון זעלבסט־ערציהונג אָדער זעלבסט־פערנאַכלעסיגונג — דאָס רופען מיר בחירה אָדער אינדעטערמיניזם.

דאָס זעלבע איז מיט דעם קאָלעקטיוו, מיט דעם קבוץ פון יחידים, מיט דעם פאָלק. עס גיבט פעלקער, וואָס אַוואַנסירען, וואָס ענטוויקלען זיך גייסטיג און מאָראַליש; זיי שטייגען פון שטופע צו שטופע, זיי הייבען זייער עטישען סטאַנדאַרד און ברייטערען אויס זייער האָריזאָנט, זיי פּראָגרעסירען פון דעם נידעריגען, פּרימיטיווען צושטאַנד צו אַ הויכען, קולטיווירטען ניוואָ. מיר געפינען אין דער געשיכטע פעלקער, וואָס זיינען לכתחילה געווען קריגע־ריש, עראָבערונגס־לוסטיג, עקספּאַנסיוו, מיליטער־צענטריש, אָבער שפּע־טער האָבען זיי זיך אומגעשטעלט צו פרידליכקייט, רוהיגקייט און זיינען גע־וואָרען אַ מוסטער פון פּאַציפיזם. זיי בעשרענקען זיך מיט דעם, וואָס איז זייער אייגענס און קוקען נישט אַריבער אין שכנ׳ס הויז. זיי זיינען געוואָרען ליבהאָבער פון פרידען און זיינען עס שוין געבליבען אויף שטענדיג. אַלס ביישפּיל זאָל דאָ דערמאָהנט ווערען שוועדען.

מיר זעהען אויך פעלקער, וואָס נישט נאָר זיי האָבען זיך נישט גע־בעסערט, נישט נאָר האָבען זיי נישט פערביטען די רויקייט צו וועלכער זיי זיינען צוגעוועהנט, אין רוהיגקייט, אין פיינקייט — נאָר פערקערט, זיי זיינען נאָך געמיינער געוואָרען, זיי זינקען נאָך טיפער און עס זעהט זיך קיין גבול נישט צו זייער נידעריגקייט.

די דייטשען האָבען פון תמיד אָן נוטה געווען צו העפטיגקייט און צו גרוי־זאַמקייט. פון אור־אַלטע צייטען האָט זיך אין זייער בלוט איינגעפלאַנצט דער הונגער צו מאַכט, אונטערדריקונגס־לוסט און הערשערישקייט. ריקזיכט־לאָזיגקייט, געוואַלדטעטיגקייט, ברוטאַליטעט זיינען שטענדיג געווען דער כאַראַקטער־שטריך פונ׳ם דייטש.

שוין די אַלטע גערמאַנען ווערען פון אַלע געשיכטס־שרייבער בעצייי־כענט אַלס קריגעריש פאָלק, וועמעס הויפּט בעשעפטיגונג איז געווען מלחמה און יאַגד. אַקערבוי האָט קיינמאָל נישט ענטשפּראָכען דעם טעווטאָנישען שטאָלץ; די אַרבייט האָבען שקלאַפען געמוזט פאַר זיי אויספיהרען. די

גערמאַנישע רעליגיע איז געווען אַ געמיש פון ראַסישער גאוה און פער־הערלעכונג פון קאַמף. זייער גלויבען האָט פערגעטערט די פּרעהיסטאָרישע עקזיסטענץ פון דעם גערמאַנישען שטאַם, און דעם הויפּטגאָט, וואָטאַן, איז צוגעשריבען געוואָרען צוגלייך די ראָלע פון אַ קריגסגאָט. אַלס פאָלק וואָס דינט צום וואפען האָבען זיך די טעווטאָנען נישט בענוגענט מיט איין קריגס־גאָט, זיי האָבען זיך געשאַפען אַ צווייטען, מיטן נאָמען טיר. די צוויי קריגס־געטער האָבען זיך נישט געקענט פערטראָגען, האָבען זיי געפיהרט צווישען זיך קריג, ביז איין קריגסגאָט, וואָטאַן נאַטירליך, דער שטאַרקערער, האָט אַוועקגעלייגט דעם צווייטען, דעם שוואַכערען קריגסגאָט.

זאָגאַר נאָכ׳ן טויט פונ׳ם טעווטאָנישען אבערמענש לעבט זיין מלחמה־גייסט ווייטער. נאָר געפאַלענע קריגער האָבען די זכי׳, פון די וואַלקירען (שלאַכטיונגפרויען) אַריינגעפיהרט צו ווערען אין די וואַלהאַלאַ (דאָס איז זייער גן עדן). דאָרט לאָזט די גערמאַנישע אמונה זיי אָנטיילנעהמען אין די קאַמפשפּילען פון די געטער. אַזוי ציהט זיך, ווי אַ רויטער שנור, דער קריגס־דראַנג דורך די גאַנצע גערמאַנישע מיטאָלאָגיע, וואָס האָט אָפּגעשפּיגעלט דאָס זעעלענלעבען און דאָס לעבענסציל פון די גערמאַנען אין אַלטערטום.

אין מיטעלאַלטער פלעגען די דייטשע ריטער איינאָרדענען אין די קע־לערס פון זייערע בורגען „פערליעסע״, דאָס זיינען געווען פינסטערע, פייכטע היילען, אין וועלכע זיי האָבען אַריינגעוואָרפען די שונאים וואָס זיינען אַריינ־געפאַלען אין זייערע הענד. דער נאָמען „פערליעס״ האָט זיין מקור אין דעם פאַקט, דאָס די יעניגע, וועלכע זיינען דאָרט פערשפּאַרט געוואָרען, זיינען פון אַלעמען פערגעסען און פערלאָזט געוואָרען. אויבען, אין דעם בורג, האָט דער דייטשער ריטער געפיהרט זיין לוקסעריעז און זאָרגלאָז לעבען, פול מיט אויסגעלאַסענקייט און הולטייסטווע, אין דער צייט, וואָס אונטען, אין דעם פערליעס, אין דעם קעלער־קבר, זיינען די געפאַנגענע אויסגעגאַנגען פון הונגער, פייכטקייט און קעלט.

קריג, רויקייט, אונבאַרימהאַרציגקייט זיינען אין אַלע צייטען און פון די פערשידענסטע ריכטונגען גלאָריפיצירט געוואָרען אַלס דייטשע טוגענד.

נישט נאָר גענעראַלען און פּאָליטיקער, אויך דיכטער און דענקער האָבען בעזונגען דעם דייטשען קאַמף־גייסט און פערהערליכט די שווערד.

אַלס ביישפּיל זאָלען בלויז ערוועהנט ווערען העגעל און ניטשע. דער ערשטער האָט פערהייליגט דעם שטאַט, וועלכער איז פאַר איהם די פער־קערפּערונג פון דער אידעע; ער בעטראַכט דעם קריג אַלס אונענטבעהרליך פאַרן פּאָליטישען פאָרשריט. דער צווייטער, ווידער, האָט געשאַפען אַ פילאָ־זאָפישע סיסטעם איבער דעם טאָטאַליטאַרען שטאַט און האָט פערוועלטאנשוי־ליכט די מאַכט, געוואַלט און האַרטקייט. נאָר דער טאפּפערער, טיכטיגער האָט,

לויט זיין טעאָריע, אַ עקזיסטענץ־בערעכטיגונג. פאַר דעם שוואַכען, רוהיגען, איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין דייטשען ראַום.

דער צושטאַנד פון פרידליכער ענטוויקלונג, מנוחה, רוהיגקייט, איז פאַר די דייטשען געווען צו מאָנאָטאָן, צו לאַנגווייליג און פּשוט אַ אָפּקומעניש. זיי פלעגען זיך קלאָגען: „די צייטען זיינען געווען שלעכטע, ווייל פרידען האָט געהערשט אין לאַנד" (רודאָלף באַומבאַך אין „ס׳ פעטער אונד די לאַנדס־קנעכטע").

כדי זייער ליבשאַפט צו שנאה צו בעפרידיגען, האָבען זיי בעדאַרפט האָבען אַ אָביעקט אָן וועמען אָנצוהענגען און אויף וועמען אויסצולאָזען זייער מאָרד־חשק. אַלס בעקוועמע ציל־שאָב האָט זיי געדינט דער ייד. איהם האָבען זיי פעראַנטוואָרטליך געמאַכט פאַר אַלע זייערע צרות, פון דער שוואַר־צער פעסט ביז צו זייערע מפּלות אין די לעצטע צוויי מלחמות.

מיט הונדערטער יאָהרען צוריק בעגעגענען מיר דייטשען, וואָס טראָגען די פיל־זאָגענדע נעמען „יודענטעטער", „יודענבראַטער".

אין עסטרייך געפינט זיך אַ שטאָדט מיטן נאָמען יודענבורג (יודען־וואורג), ווייל דאָרט האָבען די דייטשען אַלע יידען פון דער שטאדט אויסגע־וואָרגען.

אין מיטען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבען די דייטשען בעהויפּ־טעט, אַז די יידען זיינען נישט גענוג פערטראָטען אין דעם מיליטער. כדי דאָס צו בעווייזען, האָבען זיי דורכגעפיהרט אַ „יודענצעהלונג". דער רעזולטאַט איז אָבער געווען, אַז די יידען האָבען געהאַט אַ גרעסערען אָנטייל אין דער אַרמעע ווי זייער פּראָצענט־זאַץ האָט אויסגעמאַכט אין דער בעפעלקערונג.

אין יאָהר 1916 (לסה"נ) האָט לודענדאָרף אויסגעפלאַנט אַ מיטעל, די דייטשע מאַרינען פון פיינדליכע קוילען צו שיצען. פרויען און קינדער האָ־בען געזאָלט אַריינגעזעצט ווערען אין אַלטע טראַנספּאָרט־שיפען און געבראַכט ווערען צווישען די אייגענע און די פיינדליכע קריגס־שיפען. רעכענדיג, אַז די אַליאירטע וועלען נישט שיסען אויף ציווילע מענשען, האָבען די דייטשען גע־זאָלט אונגעשטערט אָנפיהרען זייערע אָפּעראַציעס הינטער די מיט ציוויליסטען געפּאַקטע שיפען און דערמיט ערצילען טאַקטישע נוצען. דאָס מענשען־מאַטע־ריאַל האָט געזאָלט רעקרוטירט ווערען פון פוילישע יידען. יידען האָבען געזאָלט געשיקט ווערען אין פייער, אויסגעזעצט ווערען צו די גרעסטע סכנות, כדי דעם דייטשען פלאָט צו „דעקען". קוים מיט צרות איז עס דעם „הילפס־פעראיין פון די דייטשע יודען" געלונגען מבטל צו מאַכען די גזרה, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָנגעוויזען אויף דעם שעדליכען עפעקט, וואָס אַזאַ באַרבאַרישע האַנדלונג וואָלט אַרויסגערופען אין דער ציוויליזירטער וועלט.

פערגוואַלטיגונג און אונטערדריקונג פון שוואַכע איז דעם דייטשען

פֿאָלק אָנגעבוירעט. אַ טייוולאָנישער קריגס־גייסט בעגלייט זיי דורך די יאָהר־הונדערטער. לאָ די וואָס זיי ענדערען זיך נישט צום גוטען, מאַכען זיי נאָך ריקשריט אין דער ריכטונג און ווייזען אַרויס אַ שטרעבען וואָס אַמאָל זיך מעהר צו באַרבאַריזירען. אַלס רעזולטאַט פֿון אַט דער דענק־ווייזע, צינדען זיי אָן יעדע פֿאַר צענדליג יאָהר אַ מלחמה־פֿייער און ברענגען אויף דער וועלט אַ מבול פֿון בלוט, ליידען און צעשטערונג.

האַרט פֿאַר'ן ערשטען וועלט־קריג האָט אַ דייטשער גענעראַל געזאָגט צו זיינע זעלנער: „אונזער (דייטשע) ציוויליזאַציע מוז אויפֿבויען איהר טעמ־פּעל אויף בערג פֿון מתים, אויף אַ ים פֿון טרעהרען און דעם געקרעכץ פֿון אונצאָהליגע גוסס'דיגע מענשען".

ווילהעלם דער צווייטער האָט אויסגערופֿען, אַז די דייטשען מוזען שניידען די העלזער פֿון פֿראַנצויזען, און נישט איבערלאָזען קיין איין גאַנץ הויז, קיין איינציגען בוים אין פֿראַנקרייך. „נאָר מיט אַזעלכע מעטאָדען קענען מיר ברעכען דעם ווידערשטאַנד פֿון אַזאַ דעגענערירט פֿאָלק ווי די פֿראַנ־צויזען".

בעת דעם ערשטען וועלט־קריג האָבען די דייטשען פֿערלעצט אַלע אינ־טערנאַציאָנאַלע קריגס־געזעצען און בעגאַנגען געמיינע פֿערברעכען געגען קריגסגעפֿאַנגענע און ציוויל־פֿערזאָנען. אָבער גלייך נאָך זייער מפּלה זיינען די דייטשע בראַנדשטיפֿטער אַרויס מיט דער טענה, אַז זיי זיינען נישט פֿער־אַנטוואָרטליך פֿאַר די מעשים פֿון זייערע פֿיהרער. דאַמאָלסט האָבען זיי זיך ערקלערט אַלס די קרבנות פֿון זייער קייזער און פֿון פּרייסישען יונקער־טום, אַלס אונשולדיגע פֿערפֿיהרטע און בעטראָגענע. זיי האָבען פֿערלאַנגט און דורכגעזעצט רחמנות. נישט נאָר דאָס דייטשע פֿאָלק אַלס גאַנצעס, נאָר אַפֿילו די אונמיטעלבאַר שולדיגע קאַרפּען־קעפּ זיינען נישט צוגעצויגען געוואָרען צו פֿעראַנטוואָרטליכקייט.

נישט אומזיסט האָט אַ דייטשער דיפּלאָמאַט אינמיטען פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה געענטפֿערט אויף דער פֿראַגע: וואָס וועט דייטשלאַנד טאָן אויב זי וועט דעם קריג פֿערלירען? — „אין דעם פֿאַל וועלען מיר אָרגאַ־ניזירען אַ קאַמפּיין פֿאַר וועלט־מיטלייד". די וועלט איז טאַקע צעפֿלאָסען געוואָרען פֿאַר רחמנות, פֿון אַלע זייטען האָט געשטראָמט מיט לעבענס־מיטעל פֿאַר דייטשלאַנד. די דייטשען זיינען בעשיט געוואָרען מיט אויפֿמערקזאַמ־קייט און הילף. די סקאַנדינאַווישע מלוכות און די שווייץ האָבען אָרגאַ־ניזירט ערהאָלונגס־טראַנספּאָרטען פֿאַר דייטשע קינדער. זיי זיינען אויס־געהאַלטען און געפֿיטערט געוואָרען ביי גאַסטפֿריינדליכע פֿאַמיליעס (צו וועלכע עס האָבען נאַטירליך אויך געהערט די יידישע בירגער פֿון די בע־טרעפֿענדע לענדער). נאָך דער ערהאָלונג, נאָך דעם רייכליכען גענוס פֿון

דער הכנסת אורחים אין דער פרעמד, זיינען די קעסט־קינדער, גוט דערנעהרט און געקרעפטיגט, צוריק געקומען אין דער דייטשער היימאַט, כדי דאָרט צו נעהמען אַ קלאַס אין שנאה צו פרעמדע. פון די אָרימע „שיצלינגע״ זיינען שפּעטער ענטשטאַנען די שטורמטרופּלער און מאַסען־מערדער.

די באַרימהאַרציגע בעהאַנדלונג מצד די זיגער, האָט ווידער בעלעבט און ערמוטיגט די דייטשע חוצפּה און אַגרעסיווקייט. די דייטשען האָבען ווידער אויפגעמאַכט זייערע פרעכע מיילער און גענומען האָבען טענות צו די זיגער. אויף שריט און טריט איז זיי געקומען אַרויסצוצאָהלען. זיי האָבען נישט אויפגעהערט צו זיין די בע׳גזל׳טע.

זיי האָבען אַזוי לאַנג און אַזוי ענערגיש בעקעמפט דעם פרידענס־פּערטראַג אַלס „האַרטען דיקטאַט״, ביז די איבעריגע וועלט האָט שוין אויך דערין אָנגעהויבען גלויבען און איז הכנעה׳דיג איינגעגאַנגען אויף הנחות. דאָס האָט אָבער געהאַט די פערקעהרטע ווירקונג. יעדעס ענטקעגענקומען האָט פערגרעסערט דעם דייטשען אַפּעטיט.

די דייטשען האָבען אָנגעהויבען שמועסען תכלית, ד. ה. ווידער־אויפבוי פון דעם אַמאָל אַזוי שטאָלצען רייך, אויפפרישונג פונ׳ם גרויס־דייטשען געדאַנק, און דאָס וויכטיגסטע, וואָס האָט בעשעפטיגט אונאויפהערליך די דייטשע פאַנטאַזיע און נאָך וועלכען יעדער דייטש האָט געלעכצט און געברענט: רעוואַנזש, נקמה אָן די זיגער.

אויב מען האָט געגען זיי נישט אָנגעווענדעט קיין ראַכע, ווילען די דייטשע ריטער דאָס גוטמאַכען, פערבעסערען און זיך יאָ רעוואַנזשירען געגען די „דעקאַדענטע״ פעלקער, וואָס האָבען געוואַגט זיי פון דעם „אַך זאָ נאָהנטען זיג״ צו בערויבען. און פאַרוואָס זאָל דער דייטש נישט וואַגען נאָך אַ קריג? וואָס שטעלט ער דאָ איין? ער האָט דאָך נישט מורא־צו־האָבען פאַר בעשטראָפונג, זעהט ער דאָך, אַז ברוטאַליטעט, פערניכטונג און מאָרד זיינען פאַר איהם בלויז one way.

אויסגעהענדיג פון דעם דאָזיגען געדאַנקענגאַנג, האָבען זיך אַלע דייטשען צונויפגענומען און האָבען בעשלאָסען נאָך אַמאָל די וועלט צו רואינירען. קריג איז פאַר אַ דייטש וויכטיגער ווי אַ זיג. אַ דייטש פרעהט זיך זאָגאַר מיט דער נידערלאַגע, ווי באַלד די נידערלאַגע שטעלט אין אויסזיכט אַ נייע מלחמה. אויף דעם נירענבערגער פאַרטיי־טאָג אין יאָהר 1937 האָט היטלער ערקלערט: „וואָס וואָלט אויב דייטשלאַנד געוואָרען ווען עס וואָלט אין יאָהר 1914 אַ לייכטען זיג דערגרייכט? אַזאַ זיג וואָלט געווען אַ אונגליק״.

כדי דעם ערפאָלג פון דעם צווייטען וועלט־קריג צו זיכערען, מוזען גרינדליכע פאַרבערייטונגען געמאַכט ווערען. די פאַראייניזירונג דערצו איז די

פעראייניגונג פון אַלע דייטשען הינטער איין פּאַהן, די בלינדע געהאָרזאַמקייט און בעדינגונגסלאָזע טרייהייט צו איין פיהרער.

דאָס האָבען זיי געפונען אין דעם בעזעסענעם דעמאַגאָג היטלער. אין די אויגען פון אַלע דייטשען איז ער געוואָרען די פּערזאָניפיצירונג פון דייטשער געוואַלט, די אינקאַרנאַציע פונ׳ם דייטשען וועזען, לויט וועלכען די גאַנצע וועלט וואָלט בעדאַרפט געזען. אין איהם האָבען זיי געזעהן און אָנגעבעטען דעם פערווירקליכער פון זייערע טרוימען, דעם רעאַליזירער פון יאָהרהונדערטע אַלטע דייטשע אַמביציעס.

ער האָט געוועקט די דייטשע אַראָגאַנץ און אויפגערודערט זייערע שאָ־וויניסטישע גלוסטונגען. זיין ראַדיקאַלער, מענשענפרעסערישער האַס האָט גערייצט זייער גיריגקייט. דאָס מערדערישע אין איהם האָט זיי אימפּאָנירט.

אַזוי זיינען די דייטשען אונטער איין פיהרער געוואָרען איין פאָלק פון מערדער, דאָס מערדער־פאָלק מיט דער ה׳ הידועה.

## די בלוט־שולד פון אַ גאַנץ פאָלק.

נאָרמאַלערווייז זאָלען פלוראַליזירונגען פערמידען ווערען. עס איז שווער צו פעראַורטיילען דעם קאָרפּאָראַטיוו, די געזאַמטהייט, פאַר די זינד פון אַ יחיד. יעדעס לאַנד, יעדע גרופּע, יעדע משפחה האָט אונטער זיך גוטע און ווייניגער גוטע אינדיווידואומס. דער כלל דאַרף נישט ליידען פאַר די פעהלערען פונ׳ם פּרט. עס איז נישט לייכט, למשל, אַלע ענגלענדער פעראַנטוואָרטליך צו מאַכען פאַר די פערברעכענס וואָס זייערע רעגירונגען האָבען בעגאַנגען געגען אונז אין די לעצטע יאָהרען. מיר קענען זיי פער־דאַמען פאַר זייער פאַסיוויטעט און שב ואל תעשה־איינשטעלונג צו די אונ־מענשליכע מעשים פון זייערע פּאָליטיקער. אָבער די חטאים פון יחידים צו פעראַרלגעמיינערען, אָנצוקלאָגען דאָס גאַנצע ענגלישע פאָלק דערפאַר — דאָס וואָלט אפשר געווען נישט־ריכטיג.

אַ יוצא מן הכלל איז דאָס דייטשע פאָלק. דאָ איז אַ גענעראַליזירונג נישט בלויז בערעכטיגט, נאָר אויך אַ הכרח. ביי דעם חורבן וואָס די דייטשען האָבען איבער אונז געבראַכט, האָט דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק קאָאָפּערירט און אַקטיוו מיטגעווירקט. דאָס דייטשע פאָלק האָט אין זיין געזאַמטהייט אַ טעטיגען אָנטייל גענומען אין דער אויסראָטונג פונ׳ם אייראָפּעאישען יידענטום. פונקט ווי בנוגע די קרבנות איז נישט געמאַכט געוואָרען קיין שום אויסנאַהם פון עלטער אָדער סאָציאַלער שטעלונג, נאָר אַלע יידען, אנשים, נשים וטף זיי־נען געשלעפּט געוואָרען צו דער שחיטה, אַזוי האָט עס אין די רייהען פון די דייטשע שוחטים, פון די דייטשע פערניכטער, נישט געגעבען געוואָרען

קיין חילוק צווישען דייטש און דייטש. אַזוי ווי יעדער ייד איז געווען אַ פערפאָלגטער, אַזוי איז יעדער דייטש געווען זיין פערפאָלגער. יעדער ייד איז געווען אַ קרבן, יעדער דייטש זיין מערדער.

אין דעם ביישפּיללאָזען בעסטיאַלישען מאַסענמאָרד פון אַ וועהרלאָז און שוצלאָז פאָלק האָבען זיך אַלע דייטשען וויסענטליך און דירעקט בעטייליגט.

דאָס עם השקר קען נישט בעהויפּטען, אַז עס איז פון היטלער׳ן פער־גוואַלטיגט געוואָרען. די נאַציאָנאַלסאָציאַליסטישע מגפה איז נישט פּלוצלינג אויסגעבראָכען. דער משחית איז נישט אַרונטערגעפאַלען ווי אַ מעטעאָר פון הימעל. נישט דורך אַ רעוואָלוציע איז דער שענדליכסטער מערדער פון אַלע צייטען געקומען צו דער מאַכט. נישט דורך אַ אויפשטאַנד איז ער אויף די דייטשען אַרויפגעצוואונגען געוואָרען. זעעליש האָט ער זיי עראָבערט, געדאַנקליך בעצוואונגען, ווייל ער האָט אַפּעלירט צו די נידעריגסטע סאַ־דיסטישע אינסטינקטען פון דער דייטשער מאַסע. געוועהלט האָט איהם דאָס דייטשע פאָלק אַלס פיהרער, פריייוויליג האָט עס דעם וואַמפּיר געגעבען די פולמאַכט אינ׳ם נאָמען פון גאַנצען דייטשען פאָלק צו רעגירען און צו בעליידיגען, צו שענדען און צו מאָרדען. יאָהרען־לאַנג פאַר זיין רעגירונגס־אַנטריט האָט ער אין וואָרט און שריפט די דייטשען בעקאַנט געמאַכט מיט זיין גענגסטער־פּראָגראַם; זיין פּראָגראַם איז געווען „זיין קאַמף״, און דוקא דורך זיין פּראָגראַם, די אנקינדונג, אַז ער וועט דעם רויב צווישען די דייטשען פערטיילען, דאָס האָט איהם פּאָפּולער געמאַכט. זיין פערשפּרעכען אויפצו־בויען אַ מעכטיג רייך אויף די חורבות און דורך דעם בלוט פון אַנדערע, דערמיט האָט ער די הערצער פון זיינע פאָלקס־גענאָסען געוואונען.

נישט איבעראיילט, נישט בחפזון, נישט אונטער צוואַנג, נישט איבעראַשט האָבען זיי איהם אונטערגעטראָגען דעם מאַנדאַט, נאָר לאַנגזאַם, איבערלעגט, עוואָלוציאָניסטיש, סיסטעמאַטיש און מיט ישוב־הדעת — אויב מען מעג אָנווענדען דאָס וואָרט „דעת״ ביי מערדער — האָבען זיי איהם פריייגעמאַכט דעם וועג צו זיינע נצחונות און רציחות.

קודם האָבען זיי געוועהלט דעם סענילען הינדענבורג אַלס פּאָרפּאָסטען, וועגבערייטער און קוואַרטירמאַכער. דערנאָך האָבען זיי דעם מאָנסטער היטלער וואָס מער שטימען געגעבען, ביז זיין פּאַרטיי איז געוואָרען די שטאַרקסטע אין פּאַרלאַמענט. ביי ראַיעלע, אין געהיים דורכגעפיהרטע דעמאָקראַטישע וואַהלען האָט די דייטשע נאַציע אין איהר איבערוויגענדער מעהרהייט זיך צו איהם בעקענט. דער ערץ־בעטריגער האָט די דייטשען נישט בעטראָגען, דער וועלט־אַפּנאַרער האָט זיי נישט גענאַרט. געגנוי און קלאָר האָט ער דעפינירט און דעטאַלירט וואָס ער וויל טאָן מיט די יידען און וואָסערע מיינונג ער האָט בנוגע אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכונגען. און גראָד זיינע דראָהונגען

געגען די יידען און אַנדערע פעלקער האָבען געבראַכט די דייטשען אין עקס־טאַז. אויף גרונד פון זיין פערברעכערישער דאָקטרין האָבען זיי איהם געמאַכט אַ וואַרע, אַרומגעטראָגען אויף די הענד און ברצון השלם אויס־געוועהלט.

אַזוי ווי ער, האָט דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק, פון די עקסטרעם רעכטע ביז צו די ראַדיקאַל לינקע, געלעכצט נאָך וועלט־בעהערשונג און פעל־קער־אונטעריאָכונג. יעדער דייטש האָט געהאָלפען לענדער עראָבערען און פעלקער רואינירען, רויבען און הרג׳ענען. מיט דעם הויפּטלינגס נצחונות האָבען זיי זיך אַלע געפרייט, מיט דעם רויב האָבען זיך אַלע געטיילט, און ווען דער ענד־זיג וואָלט חלילה געווען זייער, וואָלטען זיי אַלע טריאומפירט און בייגעטראָגען צו דער פולקאָמער פערניכטונג פון דעם מענשליכען מין, ווי ווייט ער איז נישט דייטש.

טאָמער האָט זיך נאָך אין אָנהויב געפונען אַ דייטש, וואָס האָט אין מאַנכע „אידעאָלאָגישע" פּונקטען נישט איינגעשטימט מיטן נאַציזם, האָט ער „תשובה" געטאָן אין דעם מאָמענט, ווען דער פיהרער איז אַריין אין זיין גלאַנץ־פּע־ריאָד און האָט אָנגעהויבען זיינע הבטחות צו רעאַליזירען. ווי באַלד ער האָט בעוויזען, ווי גוט ער פערשטעהט פעלקער צו טעראָריזירען און די וועלט אין אָטעם צו האַלטען, איז דאָס לעצטע ביסעל פון די נאָך שוואנקענדע, צו איהם צוגעשטאַנען. אין דער צייט פון זיינע מיליטערישע זיגען אויף אַלע פראָנטען האָט זאָגאַר דער „מערטירער" ניעמעלער געבעטען, ער זאָל אויפ־גענומען ווערען אינם רויבער־בונד פאַר אַ קעמפער אַלס דער לעצטער. ווען דער דייטשער מיליטערישער קאָלאָס האָט זיך געפונען ברום המעלה, ווען די אויוועגס פון מאַידאַנעק און אָשוויענטשים האָבען געברענט יידישע קערפּערס 24 שעה אַ טאָג, אין דעם „גאָלדענעם" דייטשען צייטאַלטער, האָט זיך קיין איין דייטש נישט געפונען וואָס האָט נישט געזאָלט זיין אַ נאַצי מיט זיין גאַנצען טרפה׳נעם נפש.

ווען די צוויי־פיסיגע חי׳ איז געווען אין די הויכע פעדערען און זיינע פינסטערע טעאָריעס האָבען זיך געהאַלטען אין קאָנקרעטיזירען, האָבען זיך די וועניגע, וואָס זיינען נאָך געשטאַנען אין אַ זייט, גלייכגעשאַלטעט און אומ־געשטאַלטעט, פערקויפט און פערשאכערט. די בעסטע פון זיי האָבען פער־ראַטען זייערע פריהעריגע אידעאַלען און עקסטאַטיש, אויסגעלאַסען צוגעיובעלט דעם „גרעסטען דייטש פון אַלע צייטען".

דאָס אָטענטאט אויף זיין לעבען, וואָס עטליכע אָפיצירען האָבען שפּע־טער אונטערגענומען, איז נישט געווען דער פועל יוצא פון זייער אונצו־פרידענהייט מיט זיינע באַרבאַרייען, נייך, דערמיט זיינען זיי אַלע געווען איינפערשטאַנען, דערצו האָט יעדער בייגעטראָגען. דער מאָטיוו פון זייער

פּרואוו איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער. די אַטענטעטער זיינען אונגעדולדיג גע־וואָרען, ווייל דער געפּרייטער האָט שוין נישט געטויגט, ער האָט אָנגע־הויבען מאַכען פעהלערען און צו געהן „אינטואיטיוו" באַרג־אַראָפּ.

אָבער אַזוי לאַנג ווי דאָס רעדעל האָט זיך געדרעהט און די קרעמאַטאָ־ריעס האָבען פלייסיג פונקציאָנירט, איז נישט פאָרגעקומען קיין איינציגע פערשווערונג. אין גאַנץ דייטשלאַנד איז נישט געווען קיין שום „אונטערגרונד" און קיין איינציגער פּאַרטיזאַנער. ווייל אַלע האָבען אַקצעפּטירט דאָס רעזשים, יעדער דייטש האָט זיך געפיהלט זיכער אינ'ם שאָטען פון האַקענקרייץ און יעדער פון זיי האָט אין זיך געפיהלט אַ „הייליגע" מיסיע: צו ברענען און צו בראָטען יידישע לייבער, צו רייסען שטיקער פון לעבעדיגע און צו שענ־דען טויטע.

און די קראַנקע, אַלטע דייטשען, וואָס זיינען שוין נישט געווען בכח אויפצוהייבען זייערע הענד אויף יידישע קינדער, זיינען געלעגען אויסגע־שטרעקט אין די שפּיטעלער און האָבען זיך צוגעהערט צו דער אַמוזאַנטסטער זענדונג פון דעם דייטשען רונד־פונק, וואָס האָט געהייסען „מען שלאָגט יודען". דאָס דייטשע ראַדיאָ האָט איבערגעטראָגען די יעמערליכע קולות פון די יידען בעת זיי זיינען געפּייניגט און געטויטעט געוואָרען. די דייטשע פּאַציענטען אין די שפּיטאָלען האָבען זיך צוגעהערט צו די געוויינען און געשרייען פון יידישע קינדער און דערביי געשעפּט נחת.

ווען אַמעריקאַנער קאָנגרעסלייט האָבען אונמיטעלבאַר נאָכ'ן קריג בע־זוכט דייטשלאַנד, האָבען זיי שפּעטער אין קאָנגרעס דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק פעראַנטוואָרטליך געמאַכט פאַר די בעגאַנגענע געוואלטאַקטען.

קלעיר בוטה לוס (רעפּוב' רעפּרעז') האָט נאָך איהר בעזוך אין בו־כענוואַלד (20טען אַפּריל 1945) ווערטליך געזאָגט: „פאַר עטליכע יאָהר האָבען מאַנכע בעהויפּטעט, אַז עס גיבט צווישען די דייטשען גוטע מענשען. אָבער נאָך דעם וואָס איך האָב געזעהן, צווייפעל איך צי עס איז פאַראַן אירגענד וואו אַ גוטער דייטש". ביי דער זעלבער געלעגענהייט האָט לעאָנאַרד האַלל (רעפּוב' רעפּרעז') אויסגערופען: „ווען מען זעהט בוכענוואַלד, זעהט מען וואָס פאַר אַ ענטאַרטעטע בעסטיע דאָס דייטשע פאָלק איז".

אין זייער רעפּאָרט צום קאָנגרעס זאָגען די רעפּרעזענטאַנטען פוןביידע פּאַרטייען או. א.: „די לאַגערען אין דייטשלאַנד זיינען געווען אין געדיכט־בעפעלקערטע געגענדען, אַזוי, אַז דאָס פאָלק האָט יעדען טאָג געקענט זעהן וואָס זייערע פיהרער ערלויבען זיך געגען מענשען. זיי קענען נישט זאָגען, אַז זיי האָבען נישט געוואוסט" („קאָנגרעשיאָנעל רעקאָרד" פון 15טען מאַי 1945).

אָבער נישט בלויז געהערט, געזעהן און געוואוסט האָט דאָס פאָלק.

מיטגעמאָרדעט, מיטגעפייניגט האָבען אַלע דייטשען, פון דער ס.ס. ביז דער היטלער־יוגענד. קיין האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַ פאָלק. דער פּרימיטיווער קיין איז געווען איינער אַליין, אָבער דער מאָדערנער קיין־דייטש איז בעשטאַנען פון אַ גאַנצען שטאַם, אַ מעכטיג מיליאָנען־פאָלק. דער מיליאָנען־פאַכיגער קיין האָט זיך בעראַטען, געפאַסט בעשלוסען, אַריינגעלייגט „שכל" און אָנגעווענדעט „טריקס", נישט איין מאַן נאָר אַ גאַנצע אומה אומצוברענגען.

ביי דעם שוידערהאַפטען פערניכטונגס־ווערק האָבען זיך אַלע מתעסק געווען. יעדער דייטש און יעדע דייטשקע איז געווען אַ קאַלטבלוטיגער מענשען־שעכטער. יונג און אַלט, רייך און אָרים, וואָפענטרעגער און ציוויליסטען, אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרען און סטודענטען, גלחים און פּראָלעטאַריער, אינטעליגענטען און אַנאַלפאַבעטען, רעאַקציאָנערען און פּאָרגעשריטענע קלעריקאַלען און פרייגעזאָנענע, קאַפּיטאַליסטען און גאַסען־קעהרער, קינסטלער און דיכטער, פון גערהאַרט הויפּטמאַן ביז צום לעצטען קרימינעלען פערברעכער, צוגעהעריגע צו יעדען שטאַנד און „גלויביגע" פון אַלע אמונות — אַלע, אַלע האָבען געהאַט אַ חלק אין דער קאַטאַסטראָפע פון אונזער פאָלק.

די דייטשע פרויען זיינען בנוגע ברוטאַליטעט און מאָרד־גיריגקייט מיט גאָרנישט צוריקגעשטאַנען לגבי זייערע מענליכע רוצחים־ברידער. פּראָפעסאָר דר. גוסטאַוו ביכאָווסקי, אַ בעראַטער פון דעם אַמעריקאַנער וויסענשאַפטליכען אַמט אין דייטשלאַנד, ציטירט אַ בריוו, וואָס איז געפונען געוואָרען אין דער טאַש פון אַ דייטשען סאָלדאַט. אין דעם בריוו שרייבט זיין פרוי צו איהם: „איך דאַנק דיר פאַר דעם הערליכען זיידענעם קלייד, וואָס דו האָסט מיר געשיקט. מיין ליבער פריטץ, זאָרג זיך נישט וועגען די רויטע בלוט־פלעקען. אונזער וועשעריי האָט ענטוויקעלט אַ וואונדערבאַרע כעמישע מעטאָדע פּטור צו ווערען פון אַזעלכע פלעקען".

זיי האָבען זיך נישט בענוגענט מיט די גערויבטע קליידער און צירונג פון די געה׳רג׳עטע יידישע טעכטער, וואָס זייערע מענער־מערדער האָבען זיי צוגעשיקט אַלס צייכען פון „אויפמערקזאַמקייט". פערזענליך האָבען זיי געוואָלט מוטשען יידישע פרויען און ווארגען זויגעדיגע קינדער. פרייוויליג האָבען זיך די גרעטכענס געמאָלדען צו דער „אַרבייט" און בעגאַנגען די זעלבע שוידערליכקייטען ווי זייערע מענליכע אַרט־גענאָסען.

ווען אַליאירטע פליהער האָבען געמאַכט אַ נויט־לאַנדונג אינמיטען פעלד, פלעגען זיך צוזאַמענלויפען די דייטשע פעלדאַרבייטערינס פון אַלע זייטען און, שליסענדיג אַ רינג אום די פליהער, האָבען זיי מיט די לאָפּעטעס געה׳רג׳עט די פליהער נאָכדעם ווי זיי האָבען געהאַט אַוועקגעוואָרפען די וואפען און זיך אונטערגעגעבען.

די ראָלע פון די דייטשע אינטעלעקטועלע.

ציהט מען אַ פּאַראַלעל צווישען אַ דייטשער האָכשולע און, להבדיל בין טומאה לטהרה, אַ יידישע ישיבה, קומט צום אויסדרוק דער גאַנצער קאָנטראַסט צווישען אונז און זיי. אין דעם מהות פון די לעהר־הייזער שפּיגלען זיך אָפּ די תכונות הנפש, די כאַראַקטער־שטריכען פון די צוויי גרונד־פערשידענע פעלקער.

די ישיבה איז נישט בלויז אַ פּלאַץ וואו מען ערווערבט זיך וויסען. זי דינט אויך אַלס חנוך־אַנשטאַלט, אַלס מקום־קדוש, אַלס אָרט פון אַנדאַכט און גע־הויבענקייט. זי נעהרט און שאַרפט נישט בלויז דעם מח, זי איז אויך משפּיע אויפן גייסט, זי ערציהט, זי בילדעט אויס דאָס האַרץ, לייטערט דאָס גע־מיט, פאָרמט די זעעלע, פעראיידעלט די מדות און הויבט די נשמה. דאָס לערנען איז פאַר דעם ישיבה־מאַן נישט אַ פּראָפאַנע לעקטור, נישט אַ פּראָ־זאַאישער, טרוקענער שטודיום. ער לערענט אויפן הויכען קול, ער זינגט די גמרא, ער בעגעהרט צו לערנען, ער לערענט מיט חשק, מיט התלהבות, און זעהט פאַר זיך די תנאים און אמוראים בשעת׳ן לערנען.

וועלט איז ביי איהם גייסטיגקייט. די „וועלט״ פרעגט, כולי עלמא לא פליגי. ער לערנט תורה לשמה, שטודיום הייסט ביי איהם תורה. ער לערנט די רעליגיעזע לעהרע, דאָס לערנען איז פאַר איהם אַ רעליגיעזע טאַט. ער לערנט כדי צו וויסען ווי אַזוי מקיים צו זיין די מצוות, שהתלמוד מביא לידי מעשה. דער יידישער בחור איז זיך מיגע, ער קווהלט זיך איבער אַ האַרבען רמב״ם. אַ שווערע סוגיא שרעקט איהם נישט, ער האָט נישט קיין מורא פאַר פערפּלאָנטערטקייטען. אדרבה, אויב אַ סברא קומט איהם פאָר צו „גלאַטיג״, וואָלט ער זי געוואָלט קאָמפּליצירען, אַזוי גרינג טאָר עס איהם נישט אָנקומען. תנ״ך איז איהם צו לייכט. ער כאַפּט זיך גלייך צו דער גמרא און מאַכט זיך בעקאַנט מיט די פּסוקים דורך דער גמרא. ווי באַלד ער איז מסיים אַ מסכתא, געזעגענט ער זיך נישט מיט איהר, ער זאָגט הדרן עלך — איך קום באַלד צוריק צו דיר, מסכתא — און הויבט דערווייל אָן אַ אַנדערע. ער לעבט אין דער תורה, ער איז עוסק אין דער תורה (דרך טורח דוקא, שעוסק בפלפול, טו״ז או״ח סי׳ מ״ז, סק״א). ער איז „פּערטאָן״ אין לערנען און דער אידעאַל־צושטאַנד, צו וועלכען ער שטרעבט איז, אַז עס זאָל זיין תורתו אומנתו — ער זאָל נישט האָבען קיין שום ביטולים. אַפילו ווען ער מאַכט צו דאָס ספר, „שמועסט״ ער אין לערנען. ער קען נישט קיין פויזען און ער ווייסט נישט פון קיין פעריען. ער איז אַ מתמיד, און זאָגאַר בין הזמנים געהט ער נישט „לעדיג״. ער איז אַ שפּיגעלבילד פון טהרה, אונבע־פלעקטקייט און אונפערדאָרבענקייט. ער קוקט נישט אַרויס פון די ד׳ אמות און געהט נישט אַרויס פון די ד׳ אמות של הלכה. זיין וועלט איז דער אהל תורה.

ער לערענט מהרש״א און וואָלט אויך געוואָלט האָבען דאָס יראת שמים פון מהרש״א. ער וויל נישט בלויז פערשטעהן דעם תוספות, ער וויל אויך זיין אַזוי נאָהנט צו דער קדושה ווי די בעלי תוספות. צוהערענדיג זיך צום שיעור, קוקט ער דעם רבין אין מויל אַריין (הוריות י״ב ע״א), ער איז איהם משמש כדי זיך ביי איהם אויך התנהגות אָפּצולערנען. וואָס מער ער קען, אַלץ בעשיידענער ווערט ער. מיט דעם וויסען וואַקסט זיין ענִיוות. און ווען ער האָט זיך שוין גאָר משלים געווען, איז ער בלויז אַ תלמיד חכם. אַפילו אַלס זקן לערענט ער נאָך אַלץ, פערטיג ווערט ער קיינמאָל נישט, אויסגעלערענט האָט ער זיין גאַנץ לעבען נישט.

דער ישיבה־טיפּ צייכענט זיך אויס מיט זיין איידעלקייט און אָפּפערוויליג־קייט, נאָבעלקייט און צניעות, דורך זיין מאָראַלישען וואַנדלען און עטישען לעבענסשטייגער, דורך זיין פעראַכטען ערדישע גיטער און אויסגעטאָנקייט פון „דער" וועלט. ער איז דער סימבאָל פון פיינסטען און ערהאבענסטען וואָס ישראל רופט אָן זיין אייגען.

גאַנץ להיפך פערהאַלט עס זיך מיט דער דייטשער אוניווערסיטעט און איהרע סטודענטען. דאָס געגענבילד פון דער קדושה איז טומאה. אַזוי ווי פאַר דעם ישיבה־בחור איז גדולה דעה שניתנה בין שתי אותיות און ער פלאַנקירט די ידיעות מיט „זיין הייליגען נאָמען", אַזוי ווייסט, להבדיל אלף אלפי הבדלות, דער דייטשער סטודענט, אַז „וויסען איז מאַכט". זיין גייסט איז קאָמבינירט מיט ערדישקייט. אַפילו דער גייסטיגסטער אונטער די דייטשען, געטהע, לאָזט פויסט'ען זוכען ערקענטניש פון דעם ערדגייסט. די אולא איז דער טומעל־פלאַץ פון וויסטע געשלעגערייען, דועל־קאַמפען און אויסגעלאסענקייט. דער דייטשער סטודענט לייגט דאָס הויפט־געוויכט אויף די אונוויכטיגסטע אויסערליכקייטען. ער איז אוניפאָרמירט, געוויקסט, פערקאפּט, קאָקאַרדירט, בעשטיפעלט. ער פילנעוועט זיינע מוסקולען און איבט זיין פויסט. דאָס לערנען גופא איז ביי איהם דער הויפט־טפל. ער שוועגצט, ער בעשווינדעלט דעם פראָפעסאָר, נאַרט אויס פרעקווענץ־טעסטורען און פלאַגיאַטירט דיסערטאַציעס. איידער ער הויבט אָן, זיינען שוין זיינע מחשבות ביים פערטיג ווערען. ער וויל וואָס פריהער פטור ווערען. דאָס לערנען איז ביי איהם אַ קלאָפּאָט, אַ לעסטיגע לאַסט. ער האַסט דאָס שטודיום און מאַכט ליצנות איבער דעם לעהרער. ער זינגט נישט ביים לערנען, ער זינגט חוזק־לידער איבער דעם לערנען. „אקוואַ, דאָס וואַסער, ווינום, דער וויין, דער טייוועל זאָל האָלען דאָס פערפליקסטע לאַטיין". צו וואָס דאַרף ער זיך פלאגען גרינדליך צו פערשטעהן, ווען ער איז איבערצייגט, אַז „ווער עס אינסקרי־בירט, דער פראמאווירט, עס זיי דען דאסס ער פאָרהער קרעפירט".

אינ'ם געגענזאַץ צום ישיבה־בחור, וואָס פלאגט זיך אין דער תורה,

וואָס ברענגט קרבנות פאַר׳ן לערנען, וואָס ערוואַרט נישט קיין מאַטע־ריעלע נוצען, וואָס זעהט נישט קיין פּראַקטישע צוקונפט און זאָרגט נישט פאַר אַ שפּעטערע עקזיסטענץ, בעטראַכט, להבדיל, דער דייטשער סטודענט דאָס שטודיום אַלס מיטעל צום צוועק. ער לערענט צו האָבען עולם הזה. בעת דעם שטודיום שטעהט איהם דער רוהם, דער טיטול און די מאַטעריעלע צוועקמעסיגקייט פאַר די אויגען. אַנדערש פונ׳ם צוריקגעצויגענעם, שטילען ישיבה־בחור, צייכענט זיך אויס, להבדיל, דער דייטשער האָכשילער מיט זיין „ראַדוי״־מאַכעריי, מיט זיין אַגרעסיוויטעט און מאַטעריאַליסטישער איינ־שטעלונג. אויפ׳ן אַקאַדעמישען באָדען זוכט און געפינט ער אַ פּלאַץ פאַר הולטייסטווע און — פּאָליטישע אבענטייער.

די דייטשע הויכע און אַפילו נידעריגע שוהלען זיינען מימי קדם גע־ווען נעסטען פון שאָוויניזם, אונדולדזאַמקייט און פעלקישער ענגהערציגקייט. שוין אין מיטעל־אַלטער האָבען די יידען געהאַט נישט וועניג אויסצושטעהן פון די „שילערגעלייפע״. פון דער דייטשער אוניווערסיטעט איז אַרויסגע־גאַנגען די „לעהרע״ פונ׳ם שלאַגבערייטען, מיליטאַנטען נאַציאָנאַליזם. די הער־זעלע (לעהר זאלען) זיינען געווען די וויג פון דער דייטשער שלאַנג, די בילדונגס־הייזער — אַ פעסטונג פון דייטשער פינסטערניש.

ווען דאָס דייטשע פאָלק האָט אָנגעהויבען צו שמידען זיינע וואַפען, „מסדר״ צו זיין זיינע צעשטערונגס־פּלענער און צו גיסען אַלע זיינע בייזע געדאַנקען אין איין פאָרם — נאַציזם, איז די אַלמאַ־מאַטער געוואָרען די היים פון דער נייער „אידעע״, וואָס האָט אין זיך איינגעשלאָסען אַלע אַלטע דייטשע צילען. דער נאַציסטישער שגעון האָט די פּראָפעסאָרען און סטו־דענטען געהויבען אין די לופטען. היטלער האָט זיי פונ׳ם האַרץ גערעדט. ער האָט דאָס אויסגעשפּראָכען צו וואָס זיי האָבען אַזוי געגלוסט און געגאַרט. זיי זיינען געוואָרען די פאַנאַטישסטע שטרייטער פאַר דעם נאַצי־אַקסיאָם, וועל־כען זיי האָבען בעטראַכט אַלס די אידעאַלסטע וועלט־אנשויאונג פונ׳ם „דייטשען מענש״. די „גייסטיגע״ אַרבייטער זיינען געוואָרען די פאַקעל־טרעגער און די טעאָרעטישע אויסטייטשער פון דער „מאָדערנער״ בעווע־גונג. זיי האָבען ערפונדען און וויסענשאַפטליך בעגרינדעט די ראַסענלעהרע, די לעהרע פון „בלוט און ערדע״. די וויסענשאַפטלער האָבען אויסגעאַרבייט אַ היתר אויסצוראָטען „מינדערוועראַטיגע״, ד. ה. נישט־דייטשען. פילאָזאָ־פען און מעדיצינער, פיזיקער און טעכניקער, דייטשע מענער און פרויען פון אַלע וויסענס־צווייגען און אַלע פאַקולטעטען האָבען זיך געשטעלט אין דינסט פונ׳ם מאָרד־געזינדעל. זיי האָבען צוגעגרייט די מעדיציניש־וויסענ־שאַפטליכע מכשירים פאַר דער דייטשער בעסטיע און געשאַפען די „אַקאַ־דעמישע״ פּרעמיסען, די פּלאַטפאָרם צו אונזער טראַגעדיע.

דאָס דייטשע פאָלק האָט זיין גייסטיגע עליט דערפאַר בעלוינט. די „פאָרשער״ זיינען בעשענקט געוואָרען מיט אַזאַ מתנה, מיט אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס קיין שום פאָלק האָט נאָך נישט בעוויזען צוצושטעלען זיינע געלעהרטע: מיט לעבעדיגע מענשען אַלס פערזוכס־אָביעקטען. די דייטשע „הייל״קונדע האָט אויפגעלעבט. די דייטשע מענשען־„העלפער״ האָבען פשוט נישט גע־וואוסט ווי אַזוי דעם פיהרער צו דאַנקען. יעדען טאָג האָבען זיי בעקומען נייע „סחורה״. נאָך בעליבען האָבען זיי זיך אָנגעשאָפּט און בעקומען יעדערליי גאַטונג און יעדעס קוואַנטום.

אַזוי האָט די דייטשע אוניווערסיטעט אין שטראַסבורג געוואָלט צו־זאַמענשטעלען אַ קאָלעקציע פון סקעלעטען, זיינען גלייך 86 רעפּרעזענטאַנטען פון פערשידענע יידישע טיפּען אויסגעשאָכטען און פּינקטליך געליווערט גע־וואָרען.

דאָס איז אַ משל פון דער „ריין״ וויסענשאַפטליכער זייט. אַממייסטען פּוּ אָפּיטירט ביי דער שפּע פון ביליגע, „ווערטלאָזע״ לעבענס האָט די מעדיצין.

די דייטשע מעדיצינער זיינען זיך געזעסען אין זייערע לאַבאָראַטאָריעס און האָבען אין רוהיגקייט און „געוויסענהאַפטיגקייט״ דורכגעפיהרט פער־שידענע פּראָבען און שטודיען, די שוידערליכסטע עקספּערימענטען און די געוואַגטסטע פערזוכען ביי בליהענדע יידישע מענער און פרויען. ביים פּוילען בעוואוסטזיין האָבען די אונגליקליכע קרבנות געמוזט דורכגעהן די פּורכטבאַרסטע טאָרטורען. די ווירקונג פון די פערשידענסטע גיפטען און גאַזען זיינען אָן זיי אויספּרובירט געוואָרען. די „פּראָפעסאָרען״ האָבען רוהיג געקענט אַרויסרייסען און אַריינזעצען ביינער, אַרויסרופען קינסטליכע פיבער־צושטאַנדען און אַלערליי אינפעקציעס ביי די מענשליכע פּראָבע־אָביעקטען, אונטער די שרעקליכסטע יסורים און פּיין. די געשרייען און די געבעטען פון די געפּייניגטע האָבען די דייטשע שדים נישט געריהרט. די „באַרימהאַרציגע״ שוועסטער זיינען דערביי געשטאַנען און האָבען „גע־האָלפען״, האַלטענדיג די אָרימע אָפּפער ביי די הענד און פיס, פאַרשטאָ־פּענדיג זיי די מיילער, כדי די וויסענשאַפטלער זאָלען נישט געשטערט ווערען אין זייער וויכטיגער אַרבייט דורך דעם יאָמערליכען געוויין פון די גע־קוועהלטע.

עס איז נישטאָ דאָס שוידערליכסטע און שענדליכסטע עקספּערימענט, צו וועלכען די אונשולדיגע מענשען האָבען נישט געזאָלט פערוועגדעט ווערען. ווי זיינען דערהיצט און אויסגעפרוירען געוואָרען, אין דער סטראַטאָספערע אַרויפגעשיקט און אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען. זיי זיינען געפּייניגט גע־וואָרען ביז צו אָהנמאַכט און ווידער אויפגעוועקט געוואָרען צום לעבען, צו ווייטערע ליידען. אויפ׳ן סמך פון די ליידען, וואָס דער פערזוכס־ייד איז

אויסגעשטאַנען, האָבען זיי געוואָלט אויסגעפינען מיטלען ווי אַזוי צו היילען דייטשע ליידענדע. די „שטודיען״ האָבען אויך געזאָלט דינען דעם צוועק, פעסטצושטעלען אַ מעטאָדע, לויט וועלכער מען קען אויף דעם שנעלסטען וועג מעגליכסט פילע אונטערמענשען, ד. ה. נישט־דייטשען אומברענגען.

די רעזולטאַטען און אַלע וויכטיגע ערשיינונגען ביי דער פּראָצעדור האָבען די „געלעהרטע״ גענוי פּראָטאָקאָלירט און פערצייכענט.

איינער פון די בעריכטען זאָל דאָ איבערגעגעבען ווערען. דאָס איז אַ אויטענטישע פערצייכענונג וואָס אַ דייטשער דאָקטאָר האָט געמאַכט, בעת ער האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ ייד אויף אַ הויך פון 47.000 פוס. דער ייד איז אַריינגעזעצט געוואָרען אין אַ קאָמער פון נידעריגען לופט־דרוק אָהן אַ אָקסידישע מאַסקע, וועהרענד דער דייטשער „פאָרשער״ איז זיך געזעסען אין אַ קאַבינע, וואָס איז געווען פערזעהן מיט אַלע שוץ־ און פּאָרזיכטס־מיטלען. מיט אַ פעדער אין דער האַנד בעשרייבט ער גענוי און געמיטליך ווי אַזוי דער ייד רעאַגירט אויף דערווירקונג פון דעם לופט־לעערען רוים: „קראַמפּהאַפטע צוקונגען, די הענד אויסגעשטרעקט, זיך אויפגעזעצט ווי אַ הונד, די פיס שטייף פונאַנדערגעשפּרייט, ציטערדיגער, שמערצפולער אָטעם, ערשיטערונג, זיפצט אויפ׳ן העכסטען קול, מאַכט גרימאַסען, בייסט די צונג, ענטפערט נישט. גאַנץ אַראָפּ פון זינען״.

די דאָזיגע מאָמענט־אויפנאַהמען ערצעהלען נישט בלויז די יסורים פון אונשולדיגע יידען, נאָר אויך פון דער אונאויסשעפּליכער געפאַלענקייט פון אַ פאָלק, וואָס איז מעהר ווי אַראָפּ פון זינען.

דאָס איז איינס פון די אונצעהליגע דאָקומענטען, וואָס האָבען געזאָלט „בעווייכערען״ די דייטשע וויסענשאַפט.

און יעצט וועלען מיר פאָרשטעלען אַלס מוסטער, איינעם פון די דייטשע וויסענשאַפטלער זעלבסט.

דער 60־יעהריגער יאָהאַן פּאול קרעמער איז געווען דער בעזיצער פון צוויי דאָקטאָראַטען (מעדיצין און פילאָזאָפיע) און האָט בעהערשט עטליכע שפּראַכען. ער איז געווען דאָצענט אין דער אוניווערסיטעט מינסטער. אין דער מלחמה האָט ער געדינט דייטשלאַנד׳ס וויסענשאַפט און פאָלק אין דעם נאַטאָרישען מארטער־ און פערניכטונגס־לאַגער אָשוויענטשים. ער האָט גע־הערט צו די גאָר וועניגע, וואָס האָבען נאָך דער מלחמה נישט בעוויזען צו ענטלויפען.

שטעהענדיג פאַר זיינע ריכטער אין קראקא, האָט ער ערקלערט: „אַלס דאָקטאָר האָב איך זיך צוגעקוקט ביים פערגאַזען. דערביי פלעג איך צוליב וויסענשאַפטליכע צוועקען אַריינשפּריצען גיפט אין די אינטערנירטע און

בעאָבאַכטען זייערע שמערצען. פון די נאָך וואַרעמע קערפּער האָב איך אויסגעשניטען די לעבער און אַנדערע אָרגאַנען״. אויף דער פראַגע פון פּאָרזיצער, פאַרוואָס ער איז נישט איינמאָל אַריינגעגאַנגען אין איינע פון די גאַז־קאַמערען כדי פערזענליך צו פיהלען דעם טעם פון פערגאַזטע, האָט דאָצענט ד״ר קרעמער געענטפערט: „איך האָב מורא געהאַט, עס איז דאָרט געווען אַזאַ מהומה, אַז ווען איך וואָלט דאָרט אַריין אויף אַ מינוט, וואָלט מען מיך דורך אַ טעות צוזאַמען מיט די יידען פערגאַזט. דאַנטע׳ס גיהנם איז אַ קאמעדיע לגבי דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אָשוויענטשים. אין די גאַז־קאַמערען זיינען פּאָרגעקומען שרעקליכע סצענעס. צוליב די קולות פון די פערגאַזטע האָט מען געקענט טויב ווערען. די מענשען זיינען מיט געוואַלט אַריינגעשטופּט געוואָרען אין די קאַמערען און אַזוי פיל מיטאַמאָל, אַז די ס.ס.־לייט איז אָנגעקומען שווער די טיר פון דרויסען צוצושטופּען. יידישע פרויען האָבען זיך געוואָרפען מיט די נעגעל אויף אונזערע מענשען. נאָך דער אַקציע האָבען מיר געגעסען געשמאַקע לעבער־װאורשט. יעדער האָט זיך געריסען צו זיין אַ פערגאַזער, צוליב דער צוגאָב וואָס מען האָט דערפאַר בעקומען: 5 ציגאַרעטען, 200 גראַם שנאַפּס און אַ שטיק ברויט״.

עס איז אויך כדאי צו ציטירען איניגע אויסצוגען פון דעם דייטשען וויסענשאַפטלערס אַ טאָג־בוך וואָס איז ביים פּראָצעס פאָרגעלעזען געוואָרען:

„4־טער סעפּטעמבער 1942, 8 אַזייגער אָוונט, פערגאַזונג פון האָלענדישע יידען. איך האָב בעקומען אַ פינפטעל ליטער שנאַפּס, 5 ציגאַרעטען און אַ שטיק ברויט. 9־טער אָקטאָבער 1942. היינט האָב איך אַהיימגעשיקט אַ פּאַקעט פון 9 פונט זייף מיט אַ אַנצוג פון אַ פערגאַזטען ייד. 16־טער נאָ־וועמבער 1942. פאַר מיין סימפּאַטישען גרעטכען האָב איך אַהיימגעשיקט 16 פונט זייף, קרעם, פּארפום״.

אויף דער פראַגע, צי עס שטימט מיט דער אַקאַדעמישער עטיק צו בערויבען אונשולדיגע קרבנות, האָט דער דייטשער געלעהרטער געענטפערט: „ווען איך וואָלט עס נישט גענומען, וואָלטען עס צוגערויבט אַנדערע דייטשע דאָקטוירים״. ווי אַ עכטער דייטשער „מיכעל״ האָט ער זיך דערנאָך געפרואווט ענטשולדיגען מיט דעם יעקישען אויסרייד, אַז זיין הויפּט־מיסיע איז נישט געווען צו פערגאַזען, נאָר אום די ס.ס.־לייט צו מונטערען, וועלכע זיינען מאַנכעס מאָל פער׳חלש׳ט געוואָרען ביים אַריינשטופּען די יידען אין די גאַז־קאַמערען.

## דער דייטשער סאָציאַליסט.

„נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע דייטשע אַרבייטער פּאַרטיי״ האָט גע־הייסען היטלער׳ס פאָלקס־בעוועגונג. דער גרעסטער טייל פון זיין אָנהענ־גערשאַפט האָט זיך רעקרוטירט פון דעם אַרבייטער קלאַס. די ס. א. איז בעשטאַנען הויפּטזעכליך פון פּראָלעטאַריער. אַרבייטער האָבען אויסגעפילט זיינע מאַסען קונדגעבונגען, אַרבייטער זיינען געווען די גרונד־זיילען פון דער פּאַרטיי שוין ביים אָנהויב פון איהר ענטשטעהונג. גלייך ווי דער איבער־ברוך איז געקומען, זיינען איבערנאַכט די לעצטע סאָציאַליסטען און קאָמו־ניסטען אַריבער אין דעם נאַצי־לאַגער. אָהן יעדער בושה האָבען זיך פייער־דיגע לינקע מיטאַמאָל איבערגעפאַרבט פון רויט אויף ברוין. אַ דייטש האָט בכלל נישט קיין פעסטען כאַראַקטער (עס האָט ביי איהם נישט וואָס פעסט צו זיין, ווייל ער האָט נישט קיין כאַראַקטער), מכל שכן ווען דער פערראַט איז פערבונדען מיט מאַטעריעלע פאָרצוגען. האָט דאָך „דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד אין משך פון 5 יאָהר מעהר סאָציאַליזם פער־ווירקליכט, ווי די מאַרקסיסטישע אַרבייטער פּאַרטיי אין 50 יאָהר״ (לאָנדאָנער צייטשריפט ״Action״, סעפּטעמבער 1938).

היטלער וואָלט קיינמאָל נישט אימשטאַנד געווען צו אָרגאַניזירען און אין גאַנג צו האַלטען אַזאַ ריזיגע קריגס־מאַשין אָהן דער אינערליכער סימ־פּאַטיע און אויפריכטיגער אונטערשטיצונג פון דער דייטשער אַרבייטערשאַפט. ווער זיינען געווען די דייטשע זעלנער, די אויסראַטער און פּייניגער? מער־סטענטיילס אַרבייטער.

מיט רעכט האָט אין מיטען קריג אַ פיהרער פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי, וואָלטער סיטרין, ערקלערט: „דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק מוז פער־אַנטוואָרטליך געהאַלטען ווערען פאַר די נאַצישע גרויזאַמקייטען. אויב נישט, וועלען מיר נאָכן קריג געפינען אין דייטשלאַנד לויטער אַנטי־נאַציס, אַזוי אַז עס וועט שווער זיין פעסטצושטעלען, ווער עס האָט זיך בעטייליגט״.

די ענגלישע אַרבייטער פּאַרטיי האָט דעמאָלט טאַקע אָנגענומען אַ רע־זאָלוציע, וועלכע פערוּרטיילט די גאַנצע דייטשע אַרבייטערשאַפט פאַר איהר מיטהילף צום נאַצי־רעזשים.

## דער אנטייל פון די דייטשע קירכען.

דער משוגענער שיקלגרובער האָט נעבען זיך נישט געדולדעט קיין אַנדערע אויטאָריטעט. ער איז געווען להוט צו קריגען געטליכע פער־עהרונג און די דייטשען האָבען עס איהם צוגעטיילט. געבעלס און קעררל האָבען דעם נאַציזם בעצייכענט אַלס רעליגיעזע בעוועגונג, און סוקצעסיוו

האָט יעדע אַנדערע רעליגיע געזאָלט בעזייטיגט ווערען. מיט דעם פיהרער איז געטריבען געוואָרען אַ אָפּגעטישער קולט און מיט דער צייט האָט ער געזאָלט פּראָקלאַמירט ווערען אַלס די איינציגע, אָפיציעלע דייטשע עבודה זרה.

צוואר האָט ער ביים שלוס פון יעדער רעדע, אין וועלכער ער פלעגט אויפפאָדערען צו רציחה און רויב, פערגלייזט די מערדערישע אויגען און זיך פערנייגט פאַר דער „פּאָרזעהונג". אָבער די דייטשען האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דאָס טויג אַזוי מאָמענטאַן, כדי די אַנטי־רעליגיעזע רוסען צו רייצען און די וועסטליכע שטאַטען צו געפעלען. לעת מצוא וועט ער שוין די „פּאָרזעהונג" פּטור ווערען אַזוי ווי ער האָט אַנדערע ערלעדיגט, טראָץ דעם וואָס ער האָט זיי מיט אַ צייט פריהער כבוד אָנגעטאָן (שטאהלהעלם, הוגענבורג א. א.).

די עלימינירונג פון יעדען רעליגיעזען איינפלוס איז געווען אַ אונ־אויפהאַלטזאַמער פּראָצעס און אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דער טאָטאַלער, אויסשליסליכער מאַכט קאָנצענטרירונג אין די הענד פונ׳ם אַליינהערשער היטלער.

די הויכע נאַצי־באַנדען האָבען נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגענהייט אונטערצוגראָבען דעם אָנזעהן פון די קירכען און אָנצוגרייפען די קירכען־פיהרער. דער נאַציזם האָט וואָס אַמאָל מעהר זיך אַריינגעמישט אין די רעליגיעזע ענינים און כסדר בעשרענקט די קאָנפעסיאָנעלע אויטאָנאָמיע.

דאָ האָט זיך היטלער צום ערשטען מאָל אָנגעשטויסען אויף אַ ווידער־שטאַנד. צו אַלע זיינע שאַנדטאַטען האָבען די גלחים פון ביידע קריסטליכע קאָנפעסיאָנען מסכים געווען, ווייל צו לאָזען הרג׳ענען און ראַבעווען איז דאָך נישט קיין רעליגיעזער ענין, אָבער ווי באַלד עס איז שוין געגאַנגען אום דעם אייגענעם כבוד און פערזענליכער מאַכט, האָבען זיי אָנגענומען אַ אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג. דאָ האָבען זיי אָנגעהויבען קלאָגען איבער אונגע־רעכטיגקייט . . .

אָבער וואָס מעהר זיי האָבען געשפּילט די ראָלע פון בעליידיגטע, אַלץ ערגער זיינען זיי בעהאַנדעלט און בעשימפּט געוואָרען. דער דייטשער רייכס־קירכען־מיניסטער קעררל, וועלכער האָט דעפינירט דעם בעגריף „רעליגיע" אַלס די „פרייע ערקענטניס פון דעם יחיד, ווי אַזוי ער זאָל זיין פליכט ער־פילען", האָט אַמאָל ערצעהלט: „ווען די קאַטוילישע בישאָפען זיינען צו מיר געקומען און זיך בעקלאָגט: ראָזענבערג האָט געזאָגט דאָס, שיראַך האָט געזאָגט יענעס, א. א. וו., האָב איך זיי געענטפערט, אַז זיי דערמאָהנען מיר דאָס וואָרט: אה איהר הייכלער און ליגנער, איהר פערשליסט דאָס הימעלרייך, אַנדערע לאָזט איהר נישט אַריין און איהר אַליין קומט אויך נישט אַריין".

די דאָזיגע שענדליכע אַרט בעהאַנדלונג האָט אָבער די אָנגעפּאַטשטע גלחים נישט געהינדערט ווייטער פאַר היטלער'ן אויפן בויך צו קריכען. יעדעס מאָנטאָג און דאָנערשטאָג האָבען זיי אַרויסגעגעבען לאָיאַליטעטס־מאַניפעסטאַציעס פאַר דעם געליבטען פיהרער. לדוגמא זאָלען דאָ בלויז אַ פּאָר קונדגעבונגען ערוועהנט ווערען: דעם 3־טען יאַנואַר 1937 איז פון די קאַנצלען פון אַלע קאַטוילישע קירכען אַ געמיינזאַמער הירטען־בריוו פון די קאַטוילישע בישאָפען פאָרגעלייענט געוואָרען אין וועלכען עס ווערט געזאָגט: „די דייטשע בישאָפען האַלטען עס פאַר זייער חוב, דאָס אויבערהויפּט פון'ם דייטשען רייך, דעם פיהרער אַדאָלף היטלער אין זיין קאַמף געגען דעם באָלשעוויזם און אין זיינע אַנדערע אויפגאַבען אונטערצושטיצען".

דעם 28־טען מערץ 1938 האָבען די קאַטוילישע בישאָפען פון עסטרייך, מיטן קאַרדינאַל איניטצער בראש, אַרויסגעלאָזט אַ ערקלערונג, וואָס איז אין אַלע קאַטוילישע קירכען אין עסטרייך אויף אַ פייערליכען אופן פּראָקלאַמירט געוואָרען. אין דער ערקלערונג ווערט בעגריסט דער אנשלוס פון דעם קאַטוילישען עסטרייך אַלס „ערפילונג פון אַ טויזענד יעהריגען חלום" און אַלס „גרויס געשיכטליך עראייגניס". ווייטער הייסט עס דאָרט ווערטערליך: „אויס אינערסטער איבערצייגונג און מיט פרייען ווילען ערקלערען מיר פריידיג, אַז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע בעוועגונג לייסטעט אויף דעם פעלד קישען און ווירטשאַפטליכען געביט גלענצענדע אַרבייט. מיר בעגלייטען דאָס דאָזיגע ווירקען פאַר דער צוקונפט מיט אונזערע בעסטע ברכות און מיר וועלען אויך די גלויביגע אין דעם זין מעורר זיין".

די דייטשע קאַטאָליקען זיינען אַלזאָ נישט געשטאַנען אַליין אין זייערע רציחות. די פערזאָרגער פון זייערע נשמות האָבען זיי נישט פערלאָזט אין דער צייט פון זייערע מערדערייען. זיי האָבען זיך סאָלידאַריזירט מיט די גלויביגע באַנדיטען און האָבען געבענשט דאָס ווערק פון זייערע מערדער־הענד.

כמעט אַלעס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען איבער די קאַטאָליקען, גילט אויך פאַר דער פּראָטעסטאַנטישער קאָנפעסיאָן, מיט דעם איינעם אונטערשיד, וואָס די עוואַנגעלישע גייסטליכע זיינען נאָך מילדער געווען מיט לויבגעזאַנגען פאַרן פיהרער. אַזוי ווי די מייסטע נאַצישע רעדעלפיהרער זיינען געווען פּראָטעסטאַנטען, האָבען צווישען זיי און די פּראָטעסטאַנטישע פּאַסטוכער געהערשט אַ בעסער פערהעלטניש.

אין איהר פּחד, אַז אַ פערוועזער דייטשער גואף וועט חלילה פערגעסען ווערען, האָט די עוואַנגעלישע קירכע אין דעצעמבער 1937 בעשלאָסען אין ברעמען אַ האָרסט־וועסעל־געדעכעניש־קירכע צו בויען.

בנוגע די ריינהאַלטונג פון דער דייטשער הערען־ראַסע זיינען די פּראָ־

טעסטאַנטען געווען נאָך פּויפּסטליכער ווי דער פּויפּסט. זיי האָבען די נאַצי־פיהרער אויפגעמונטערט, איבער די פּינקטליכע איינהאַלטונג פון די ראַסען־געזעצען צו וואכען. אין זייער בריוו פון 31־טען מאַי 1939 צום רייכס־קירכען מיניסטער, שרייבען די עוואַנגעלישע הויפּטגייסטליכע: „די עוואַנגעלישע קירכע פאָדערט פון איהרע אָנהענגער, זיי זאָלען זיך איינפּאַסען אין דעם פיהרער׳ס פעלקיש־פּאָליטישען אויפבוי־ווערק מיט פולער איבערגעבענהייט. אינ׳ם בערייך פונ׳ם פעלקישען לעבען איז אַ ערנסטע און פעראַנטוואָרטונגס־בעוואוסטע ראַסענפּאָליטיק ערפאָרדערליך, כדי אונזער פאָלקסטום ריינצוהאַלטען״.

זונטאָג דעם 20־טען מערץ 1938 איז אין אַלע עוואַנגעלישע קירכען אין עסטרייך די פאָלגענדע ערקלערונג פון דעם עסטרייכישען עוואַנגעלישען אויבערקירכענראַט פאָרגעלעזען געוואָרען: „דער אַלמעכטיגער האָט דעם דייטשען פאָלק און אונזער היימאַט אַ גרויס וואונדער בעוויזען. דער פיהרער האָט אונז פון שווערער נויט בעפרייט. דער האַרץ־וואונש פון פריהערע דורות איז ערפילט געוואָרען. מיר דאַנקען דעם פיהרער און שווערען איהם טרייַשאַפט. מיר זיינען בערייט אַלס דייטשע עוואַנגעלישע קירכע אין דעם אויפבוימיטצוווירקען אויס דער קראַפט פונ׳ם עוואַנגעליום״.

דאָ זיינען בלויז אָנגעדייטעט געוואָרען איניגע פאַקטען, כדי פעסטצושטעלען אַז אַלע דייטשען, פון אַלע שיכטען און שאַטירונגען זיינען געווען איין פאָלק פון מאָרד־ברידער; אַז אַלע האָבען געמאַכט יד אחת אונזער פאָלק צו פערפאָלגען. די דאָזיגע ביישפּילען קענען אונענדליך פערפילפאַכט ווערען.

## דער דייטשער פערלוימדונגס־פעלדצוג.

דער אַנטי־יידישער אָנגריף, צו וועלכען דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט זיך ווי איין מאַן פעראייניגט, האָט פונ׳ם ערשטען מאָמענט אָן געהאַט אַלס ציל, די פולשטענדיגע עקסטערמינירונג פונ׳ם יידישען עלעמענט. די דייטשען האָבען דערפון נישט געמאַכט קיין סוד. זיי האָבען דאָס אָפען און קלאָר אַרויסגעזאָגט און עס ביי יעדער געלעגענהייט ווידערהאָלט.

די דורכפיהרונג פון דעם דעמאָנישען פּלאַן איז נישט געשעהן מיט אַמאָל, נאָר עטאַפּענווייז. דער פערלויף איז געווען אַ שטופענמעסיג שטייגענדער, און איז צעפאַלען אין דריי טיילען, וועלכע קענען אויף פאָלגענדען אופן טערמינאָלאָגירט ווערען: I) פערלוימדונג, II) עקאָנאָמישע רואינירונג, III) פיזישע אויסראָטונג.

I) אין דער ערשטער פאַזע האָט זיך דער שונא פערלייגט אויפן יידישען

כבוד, אויף דעם יידישען אַנזעהן. צו ערשט האָט ער אונז געוואָלט מאָראַליש טרעפען, בעליידיגען, דעגראַדירען, ענטעהרען, ענטווירדיגען, בעשמוצען אונז מיט שקרים און בלבולים, און דעם נאָמען ייד צו דעם גרעסטען זלזול דעקלאַרירען.

דאָס כאַראַקטעריסטישע צייכען פון עמלק פון יעדער צייט איז דער שקר, דאָס פערנעבלען און פערטונקלען פונ'ם גייסט פון דער אומוועלט, די פערברייטונג פון געמיינע ליגען און דאָס שטרעבען, צוצושרייבען און אָנצודיכטען די אייגענע בעטריגערישע מעשים, די אייגענע בייזע אבזיכטען צו זיין פעהלערלאָזען קרבן.

לויט דעם אויסשפרוך פון אַ דיכטער, איז יעדעס פּאָרטרעט דאָס בילד פון צוויי, אי פון מאָדעל, אי פון מאָלער. דאָס בילד, וואָס די דייטשע פערלוימדער האָבען פון אונז געצייכענט, די געמיינע, נידערטרעכטיגע אַטריבוטען, מיט וועלכע זיי האָבען אונז בעלאָסטעט, דערמיט האָבען זיי נאָר זייער אייגען אָנוועזען פעררעטען. אַלע נידעריגקייטען, אַלע מומים, וואָס האָבען געשטעקט אין זיי, האָבען זיי געזעהן אין אונז.

„די נשמה וואָלט נישט געקענט זעהן דאָס שעהנע, ווען זי זעלבסט וואָלט נישט געווען שעהן". — אומקעהרענדיג די ווערטער פון פּלאָטין, קענען מיר זאָגען, אַז די גאַנצע העסליכקייט פונ'ם דייטש קוקט אַרויס פון דעם לעכערדיגען זאַק פון חרפות, מיט וועלכע ער האָט אונז בעוואָרפען.

אַ זוהן פון דעם פאָלק, וואָס די פּאַסקודנע דייטשע אונטער־חי' האָט מיט אַזוי פיל אייגען שמוץ בעשמירט, דער בעל שם זי"ע, פלעגט תשובה טאָן פאַר יעדער זינד, וואָס ער האָט ביי אַ אַנדערען געזעהן. ער האָט געזאָגט: „ווען איך וואָלט נישט געהאַט אַ שמץ פון דעם חטא, וואָלט איך עס נישט געקענט בעמערקען ביי אַ חבר".

עס איז נישטאָ די געמיינהייט וואָס דער דייטש איז בעגאַנגען אָדער האָט געפּלאַנט צו בעגעהן, ער זאָל זי נישט האָבען אַרויפגעלעגט אויף דעם ייד. כל הפוסל במומו פוסל.

ישנו עם אחד, דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יידענטום אַספּירירט די וועלט צו בעהערשען (אָבער דער דייטש בעדאַרף נאָר לעבענסרוים, אום נישט דערשטיקט צו ווערען).

די יידען זיינען אַראָגאַנט, הערשזיכטיג (אָבער דער דייטש איז בעשיידען, הכנעה'דיג און האָט גאָר נישט קיין שום עקספּאַנסיווע כוונות).

די יידען זיינען צערזעצענדע באָלשעוויקעס (בבקשה צו פערגעסען, אַז אין יאָהר 1917 האָט די קייזערליך־דייטשע רעגירונג געבראַכט לעניג'ען אין אַ סאַלאָן־וואַגאָן פון דער שווייץ איבער דייטשלאַנד קיין רוסלאַנד, כדי דאָרט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אויפצוריכטען; און אויב עס האָט גע־

קענט אין יאָהר 1939 צושטאַנד קומען אַ דייטש־רוסישער בונד, האָבען אודאי די יידען געהאַט אַ האַנד אין דעם שפּיל).

צו דער זעלבער צייט זיינען די יידען די ראַפּענדע קאַפּיטאַליסטען (אָבער דאָס קאַפּיטאַל פון דער שווער־אינדוסטריע אין דייטשלאַנד איז שוין לאַנג ענטאייגענט און סאָציאַליזירט געוואָרען).

די יידען זיינען פּאַראַזיטען (אָבער די דייטשען, כידוע, היטען זיך אָנ־צוריהרען אַ זאַך, וואָס געהערט נישט צו זיי, און וואָס געהערט זיי נישט ?).

די יידען פערשפּרייטען ליגען, זיי זיינען ברונען־פערגיפטער, זיי „ער־פינדען" גרויל־נאַכריכטען (דער נאָבעלער דייטש האָט געמעגט בעגעהן אמת׳ע גרוילטאַטען, אבער דעריבער צו ריידען, איז אין זיינע אויגען געווען אַ אויסגעשפּראָכענע עוולה. דאָס האָט ער אָנגערופען „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע". די אויסלענדישע ברידער פון די געפּייניגטע האָבען ביז צום אויסברוך פון קריג נישט געטאָרט פערעפענטליכען די גרויל־נאַכריכטען איבער די גרויל־טאַטען, כדי די גוטע שכנות׳דיגע בעציהונגען צווישען די בעטרעפענדע שטאַ־טען און דעם דריטען רייך ח״ו נישט צו שטערען").

דאָס דייטשע באַנדיטענטום אפּעריערט מיטן שלאָג־וואָרט פונ׳ם יידישען ג־ט פון נקמה (דערפאַר סימבאָליזירט וואָטאַן — וועמעס נאָמען שטאַמט פון דעם וואָרט Wut, ד. ה. כעס — די פערגעבליכקייט און לאַנגמוטיגקייט).

די יידען זיינען קריגס־העצער (ווער האָט די ערשטע שאָסען אָפּגעפייערט אין ביידע וועלט־ מלחמות?).

די יידען פערפּעסטען די וועלט מיט זייער פערדערבליכען איינפלוס (אָבער דער דייטש זיצט זיך רוהיג אין דער היים, ער האָט נישט אין שטוטגאַרט אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַר אויסלאַנדס דייטשען, ער שיקט נישט אַרויס זיינע שליחים אין אַנדערע שטאַטען, כדי די רעספּעקטיווע פעלקער מיט זיין גיפט צו אינפילטרירען; ער אָרגאַניזירט נישט קיין פינפטע קאָלאָנעס, אום די בעטרעפענדע לענדער לייכטער איינצונעמען).

די יידען זיינען פייגעלינגען, אָבער די דייטשען זיינען מוטיג. די „וואַר־האַפטיגקייט" פון דער טהעזע וועט אַמבעסטען דורך די פאָלגענדע ביישפּילען אילוסטרירט ווערען:

אַ דייטשער מנוול מיטן נאָמען ווילהעלם גוסטלאָף איז געקומען קיין דאַוואָס, כלומרשט צו היילען זיינע לונגען און קעהלקאָפּ טובערקולאָז. אין דער ווירקליכקייט האָט ער (אַ דייטשער בירגער) דאָרט אַלס לאַנד־פיהרער פון דער שווייצערישער נאַצי־פּאַרטיי פונקציאָנירט און אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט געווירקט. דעם 4־טען פעברואַר 1938 האָט דוד פראַנקפורטער דעם דאָ־זיגען דייטשען לופט־פערפּעסטער בעזייטיגט. גלייך דערנאָך איז פראַנקפור־טער געלאָפען צו דעם נאָהנטסטען טעלעפאָן־אַפּאַראַט און האָט מיט שטאָלץ

געמאָלדען דער פּאָליציי: „איך בין אַ ייד און מיט מיין טאַט האָב איך פּראָטעסטירט געגען דער פערפאָלגונג פון מיינע ברידער". אַזוי ווי דוד האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטען אויפן אָנקומען פון דער פּאָליציי, איז ער אַליין געגאַנגען אויף דער פּאָליציי־וואַך און זיך איבערגעגעבען אין זייערע הענד. דאָרט האָט ער זיין האַנדלונג בעגרינדעט מיט אַ אָנווייז אויף משה רבנו, דעם פערקינדער פון לא תרצח און פראָקלאַמירער פון די עטישע געזעצען, דעם פּרעדיגער פון רחמנות און פאַרקעמפער פון ליבע, משה רבנו, דער וויכהאַרציגער האָט דעם שלעגער פון זיינע ברידער דערשלאָגען.

אַזוי האָט געהאַנדעלט דוד, דער נאָמענסגענאָסע פון גלית׳עס בעזיגער. אַזוי עהנליך האָט אויך געהאַנדעלט הערשל גרינשפּאַן, ביידע זיהן פון דעם „פייגען" יידישען פאָלק.

אָבער די „מוטיגע" דייטשען האָבען זיך אַנדערש נוהג געווען. איידער דאָס הונענפאָלק האָט אָנגענומען דעם נאַצי־גלויבען, און מאָרד איז נאָך נישט געווען אָפיציעל אַ נאַציאָנאַלע טוגענד, האָבען העלדישע דייטשען זיך אויסגעצייכענט אַלס הינטערליסטיגע פעמע מערדער. זייער סכעמאַ איז געווען, איבערצופאַלען זייער קרבן ביינאַכט, אין אַ פוסטען פּלאַץ, הינטערווייליעכץ איהם ערמאָרדען און ווי ריכטיגע דייטשע העלדען צו — ענטלויפען, ווי למשל די מערדער פון ראַטענוי, לעסינג, ערצבערגער, פוטערוויט, ליכטענשטיין א. א. און אפילו דאָרט וואו די דייטשע געהיים־מערדער זיינען געכאַפּט געוואָרען, האָבען זיי פייג און האַרטנעקיג געלייקענט אום זיך פון דער פערדינטער שטראָף אַרויסצודרעהען (ווי צ. ב. די דאָלפוס־מערדער א. א. וו.).

ווען דער דייטש איז שוין געשטאַנען פאַר דעם צוזאַמענברוך, האָט דער לאָמער מנול געבעלס געקלאָגט: „עס איז אַ פייגהייט צו צווינגען דייטשלאַנד אויסצופעכטען אַ נישט־גלייכען קאַמף, ווען אַזוי פיל פיינד, רוסען, אַמעריקאַנער, ענגלענדער, פראַנצויזען און אַנדערע פעראייניגען זיך געגען איין פאָלק, קען דאָס נישט אַנדערש ווי אַלס פייגער איבערפאַל בעטראַכט ווערען. אַ קונסט צו זיגען וואָלט עס געווען ווען בלויז איין פאָלק וואָלט געגענאיבער אונז געשטאַנען".

גלייכוועריטיג און אויסגעגליכען איז אין די דייטשע אויגען בלויז געווען דער קאַמף וואָס די מעכטיגע דייטשע קריגס־מאַכט האָט געפיהרט געגען וואפענלאָזע, אויסגעהונגערטע יידען. ווען אויף איין זייט איז געשטאַנען אַ צעבראָכענע, אָפּגעמוטשעטע, איינגעשיכטערטע יידישע מוטער, „בעוואָפענט" מט אַ זויג־קינד אויף דער האַנד, אַרומגערינגעלט פון 5 אָדער 6 איינגעפאַלענע קינדער און אויף דער אַנדערער זייט זיינען געשטאַנען געזונטע, אויסגעפרעסענע, איבערמוטיגע, מאָרד־לוסטיגע דייטשע סאַדיסטען, בעוואָפענט ביז צו די ציין, אַרומגערינגעלט פון ענטאַרטעטע פּאָליאַקען אָדער

אוקראַאינער, דאָס איז לויט דייטשע בעגריפען נישט קיין פייגער איבערפּאַל. ווען דייטשע רוצחים מיט אנגעשטעלטע וואפען אין די הענד האָבען טעראָריזירט שוואַנגערע פרויען און זקנים, איז עס נישט געווען אַ אונגלייכער קאַמף, נאָר גערמאַנישע גבורה און דייטשע העראָאישקייט.

די דייטשען האָבען בעשימפּט די שווייץ און אַנדערע שטאַטען (וועלכע האָבען אַביסעל פּליטים אַריינגעלאָזט) פאַר זייער רחמנות־קאָמפּלעקס און אויסגעלאַכט די טראַדיציאָנעלע אזיל־רעכט, אָבער הארט פאַר דער אייגענער מפּלה האָבען זיי זיך פּעררופען אויף דעם „עלעמענטאַרען מענשליכען רעכט פון יעדען שטאַט, אַריינצולאָזען פּערפּאָלגטע".

ווי מוטיג און העלדיש גערינג האָט זיך צעווײנט בעת זיין פּראָצעס און ווי טאפּפער ער איז געפּגר׳ט, איז נאָך פריש אין אַלעמענס זכרון.



גערינג בעט זיינע ריכטער אום גנאָדע.

אמת, אונזערע קדושים האָבען ווי שטילע טויבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער און זיך געלאָזט אויסשעכטען פונ׳ם דייטשען מערדער־פאָלק, ווייל זיי זיינען געווען אויסגעמוטשעט, וועהרלאָז, עלענד, פּערלאָזען און אָהן יעדער מעגליכקייט זיך אַנטקעגענצושטעלען. וואָס האָבען זיי געקענט אויפטאָן מיט לעדיגע הענד געגען אַ קאָלאָסאַלער דייטשער וועהרמאַכט, וואָס האָט נאָך דערצו אָנגעווענדעט כלערליי שלויהייט און געאַרבייט מיט פערשידענע שקרים. אונטער עטוואָס גינסטיגערע אומשטענדען וואָלטען די יידישע מאַרטירער פאַר זייער אומקום גענומען אַ גרויסען פּרייז פון דעם בעסטיאַלישען שונא.

יידישע קינדער זיינען געגאַנגען צו דער שחיטה מיט שטאָלץ און ווירדע, מיט קדושת השם אין דער מחשבה, מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּען און קוקענדיג מיט פּעראַכטונג אויף די שמוציגע אומברענגער.

אָבער, להבדיל בין טומאה לטהרה, די דייטשע באַנדיטען האָבען נאָך זייער מפּלה געקושט די שיך פון די אַריינמאַרשירענדע זיגער, די הויכנאָזיגע העלדען האָבען אָנגעטאָן ווייסע בענדער אויף די אָרעמס, די שטאָלצע אָבער־מערדער האָבען זיך פערבייגט פאַר יעדען פיינדליכען זעלנער און האָבען איהם אָפּגעטראָטען דעם וועג. איין דייטש האָט איבערגעשטיגען דעם אַנדע־רען אין קריכעריי און סערוויליטעט. די אָרגאַנטע אונטער־חיות האָבען געלעקט די פּאָדלאָגע פאַר אַ ציגאַרעטעל, אָפּגעלייקענט זייער דייטשטום פאַר אַ טרונק בראַנפען, פערקויפט זייערע ווייבער פאַר אַ שאָקאָלאַדע און האָבען געווירקט אפשטויסענד צוליב זייער בייגען און בוקען זיך פאַר׳ן שונא. די זעלבע מערדער, וואָס האָבען אויף זייער געוויסען גע̈האַט מיליאָ־נען אונשולדיגע לעבענס, האָבען געקניעט און געוויינט, געכליפּעט און אונ־פערשעמט געבעטען רחמים ביי יידישע זעלנער פון די זיגרייכע אַרמעען. די זעלבע דייטשען, וואָס זיינען הייזעריג געוואָרען שרייענדיג „זיג־הייל״, זיינען מיטאַמאָל צערפלאָסען פאַר הינטישער הכנעה.

דער דייטש איז קאָנטראַקטיל, ער קען זיך אויסדעהנען, אָבער אויך צוזאַמענציהען. ער איז פּאָלימאָרף, ער קען אָננעהמען פערשידענע געשטאַל־טען. ער קען שנעל וועקסלען זיין ראָלע, ער קען משנה זיין דאָס פּרצוף, ענדערען זיין פאַרב און זיין גאַנץ לייב און לעבען. ער הויבט שנעל אויף דעם קאָפּ ווען ער מיינט, אַז ער איז אַליין, און לאָזט איהם אויך גיך פאַלען, ווען ער דערזעהט פאַר זיך אַ שטאַרקערען.

ער ווערט קליינטשיג און פערקריכט אין אַ מויז־לאָך, ווען עס האַנ־דעלט זיך אום זיין אונווירדיג לעבען. ווען עס האַנדעלט זיך וועגען זיין גראָבער פעל, דאַן האָט דער דייטש קיין עהרענגעפיהל, קיין נאַציאָנאַלען שטאָלץ, קיין פאָטערלאַנד. ער הערט אויף צו דענקען גרויס־דייטש און ווייסט נאָר פון איין זאָרג: צו ראַטעווען די אייגענע הויט. אַזוי לאַנג ווי דער נאַציאָנאַלער הויכמוט ערמעגליכט איהם צו טרעטען מיט זיינע פּרייסישע שטיוועל אויף אַנדערע, איז ער אַ גרויס־דייטשער שאָוויניסט, קוים אָבער געהט עס איהם שלעכט, ווערט ער גלייך אַ קליינדייטשער אָפּאָרטוניסט, ער פער־געסט און פערקויפט זיין גאַנץ דייטשטום און קימערט זיך נאָר פאַר זיין פּרעס.

אַ דייטש בעגעהט נישט קיין זעלבסטמאָרד צוליב דעם פאָטערלאַנד׳ס מפּלה, אַזוי לאַנג ווי ער האָט נישט מורא, צוגעצויגען צו ווערען צו פעראַנטוואָרטליכקייט וועגען זיינע מערדערייען. אויך נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג האָט זיך אין דייטשלאַנד קיינער נישט גענומען דאָס לעבען, אַ חוץ דעם דייטשען ייד בייליין. בכלל פיהלט דער דייטש נישט די נידערלאַגע אַלס פערזענליכען שמערץ, ווי באַלד ער האָט זיין ביער און זיין קנאַק־וואורשט. לויט דעם אָפיציעלען רעפּאָרט פון דעם 28־טען יוני 1947 וואָס די אַמע־

ריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט האָט אַרויסגעגעבען, האָט אַ רונד־פראַגע צווישען די דייטשען געוויזען דאָס רעזולטאַט, אַז „די מערהייט פון דער דייטשער בעפעלקערונג בעטראַכט נישט די אָקופּאַציע אַלס נאַציאָנאַלע ערנידריגונג". דאָס בעווייזט דעם ווערט פון דייטשען פּאַטריאָטיזם און איז צוגלייך אַ בע־וויז, ווי „שטרענג" זיי ווערען פון די זיגער בעהאַנדעלט.

ווי עס זעהט אויס מיט דער „דייטשער טרייע", דאָס האָבען די דייטשע איינוואוינער פון די בעפאַלענע לענדער בעוויזען. אַזוי האָבען צ. ב. די רייכס־דייטשען, וועלכע האָבען געלעבט אין האָלאַנד אויס דאַנקבאַרקייט און טריי־שאַפט צו דעם לאַנד, וואו זיי האָבען גענאָסען פון גאַסט־רעכט און זייער ברויט פערדינט, ביי דער ערשטער געלעגענהייט פערראַטען האָלאַנד און איהר פערטיידיגונג אַ טויט־קלאַפּ געגעבען. אין דעם טאָג, ווען די געשטאַ־פּאָ האָט דאָס פערמעגען, וואָס די האָלענדער האָבען ערוואָרבען מיט זייער פלייס און שפּאָרזאַמקייט, קיין בערלין געשיקט, האָט דער „פעלקישער בעאָב־אַכטער" געשימפּט איבער דער „פלוכט פון די אַמסטערדאַמער יידישע פּאַ־ראַזיטען".

וויבאַלד דער דייטש קען נישט מעהר אויסלאָזען זיין רציחה צו פרעמ־דע, מאָרדעוועט ער אייגענע. אין קערפעלד זיינען לעצטענס 100 קינדער דער׳הרג׳עט געוואָרען און פון זייער פלייש איז געמאַכט געוואָרען וואורשט. איין דייטש ברענגט אום דעם צווייטען, כדי ביי איהם די ראַציאָנס־קאַרטע אַוועקצונעמען. אין אַ נירענבערגער שולע האָט אַ לעהרער פערלאַנגט פון זיינע שילער, זיי זאָלען בעשרייבען דעם גליקליכסטען טאָג פון זייער לעבען, האָט אַ 12 יעהריגע דייטש מיידעל געשריבען: „דער גליקליכסטער טאָג אין מיין לעבען איז געווען דער 17־טער פעברואַר 1946 ווען מיין על־טערער ברודער איז געשטאָרבען און איך האָב גע׳ירשנ׳ט זיינע שיך, אַ וואָ־לענע יאַקע און אַ מאַנטעל".

ווי לייכט וואָלט עס געווען, אַנאַלאָגיש זייער געפעלשטער, טאַטזאַכען פער־דרעהענדער אויסשטעלונג „דער עוויגע יודע", צו פעראַנשטאַלטען אַ אויס־שטעלונג „דער עוויגער דייטש", און מיט קאָנקרעטע, אמת׳ע פאַקטען צו בע־ווייזען, ווי דער דייטש פּלינדערט און פערגוואַלטיגט, ווי ער בעפאַלט אַהנונגס־לאָזע און מאָרדעט אונשולדיגע, ווי ער דעמאָראַליזירט און טעראָריזירט, ווי ער איז איינגעטונקען אין שקר און בויט אַלעס אויף פערלוימדונג, ווי הינ־טערליסטיג ער איז און ווי פערברעכעריש, ווי גרויזאַם און בעסטיאַליש ער איז אין זיין שטאַרקייט, ווי געפאַלען, שטיוועל־לעקעריש אין זיין מפּלה און ווי פיל געמיינע מערדער (אַ חוץ די פּראָפעסיאָנעלע רוצחים פון דעם נאַצי־רעזשים) דאָס דייטשע פאָלק האָט אַרויסגעגעבען (פון דער יונגסטער פער־גאַנגענהייט אַליין איז גענוג צו ערוועהנען די ריינראַסיגע דייטשען דענק,

קירטען, האַרמאַן, זעעפעלד, מאַרעק, שלעגעל, פלעק, לוגער, אילעטשקא, הויפטמאַן און אַנד.).

## יידען־העצע — אַ דייטשער געהיימער וואפען.

די סבה פון דעם אין פלוג אונפערשטענדליכען און אונבעגרינדעטען קאַמף פון אַ צאָהלמעסיג איבערלייגען פאָלק געגען אַ פערשווינדענדע, שוואַכע מינדערהייט איז אַ דרייפאַכע:

1. אפצולענקען די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט פון די דייטשע קריגס־ריסטונגען. די דייטשען האָבען בעדאַרפט האָבען אַ בליץ־אָפּלייטער פאַר זייערע בייזע פּלענער און פארבערייטונגען צום וועלט־עראָבערונגס־קריג. דערצו האָט זיך דער ייד זעהר גוט געאייגענט. ער איז אַמלייכסטען בע־קריגבאַר און דאָס אונגעפעהרליכסטע צווישען די פעלקער. ער קען נישט צוריקשלאָגען און קיינער וועט זיך פאַר איהם נישט אָננעהמען. דער ייד אַלס ערשטער קרבן האָט דעם אַלטען, איינגעבאַקענעם דייטשען האַס־געפיהל אַמ־מייסטען ענטשפּראָכען, און איז אויך געווען זעהר ברויכבאַר פאַר דער ערב־מלחמה סטראַטעגיק. אַזוי איז למשל אין 10־טען נאָוועמבער 1938, אינ׳ם טאָג פון די גרויסע מאַנעוורעס פון דער דייטשער אַרמעע, אָרגאַניזירט געוואָרען דער טרויעריג־בעריהמטער „פאָלקס־צאָרן״, אום די אויסלענ־דישע מיליטערישע אַטאַשעס צו פערשמועסען.

2. כדי אַ לאַנד לייכט און שנעל אַנעקסירבאַר צו מאַכען, מוז עס קודם כל אינערליך אינטערמינירט, אויסגעהוילט ווערען. צו דעם צוועק איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען ווי געוואונשען. די דייטשען אַליין האָבען דעם אַנטי־סעמיטיזם אָנגערופען די געהיימע דייטשע וואַפע, מיט וועלכער זיי האָבען זיך פערשאַפט צוטריט צו די הערצער פון אַנדערע פעלקער. דערמיט, וואָס זיי האָבען אַריינגעלעגט אַזוי פיל כח אין דעם יודענהאַס און האָבען איהם געמאַכט צום גרונד־פיילער פון זייער שטאַטס־פּאָליטיק, דאַדורך איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרען אַ דייטשער מאָנאָפּאָל און דייטשלאַנד די צענטראַלע אַרטעריע פון שנאה צו יידען. דייטשטום און אַנטי־יידענטום זיינען געוואָרען אונצערטרענ־ליכע, סינאָנימע בעגריפען. ווער עס האָט געהאַסט יידען, האָט געצוואונגענער־הייט ליב געהאַט דייטשלאַנד, דעם זיץ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע, צו וועלכער ער האָט געהערט. דאָס וואָס דער קאָמאינטער׳ן האָט בעדייטעט פאַר רוסלאַנד, איז פאַר דייטשלאַנד געווען די יידענפיינדשאַפט. יוניטי מיטפאָרד (טאָכטער פון לאָרד רעדעסדעיל) האָט געשריבען צו שטריי־כער: „מיר האָבען אַ דרינגענדען בעדאַרף פאַר צייטונגען ווי דער ׳שטירמער׳, וואָס זאָגען דעם פאָלק די וואַהרהייט. מיר פרייען זיך אויף דעם טאָג, ווען

מיר׳ן קענען זאָגען מיט געוואַלט און אויטאָריטעט: ׳ענגלאַנד פאַר ענגלענדער! יודען אַרויס!׳ מיט דייטשען גרוס, הייל היטלער!״ (זעה „שטירמער״ פון יולי 1935). וואָס מעהר אַנטיסעמיטען אויף דער וועלט, אַלץ מעהר פריינד פון דייטשען פאָלק, ווייל דייטשטום און שנאת ישראל זיינען דאָך געוואָרען אַ סיאַמעזישער צווילינג. אַ דאַנק דעם גרויסצוגיגען אַנטיסעמיטישען אַפּאַראַט איז עס דעם דייטש געלונגען פראַנצויזישע אָדער נאָרוועגישע שונאי ישראל אין דעם דינסט פון דייטשען נאַציאָנאַליזם צו שטעלען. מיט די אַנטיסעמיטישע באַצילען, וואָס די דייטשען האָבען פערפלייצט די פּראָספעקטיווע פיינדליכע לענדער, דורך די גיפטיגע אַנטיסעמיטישע אינוואַזיע, האָבען זיי די ווידערשטאַנדס־קראַפט געגען די טרעגער פון אָט די באַקטעריען אָפּגעשוואַכט און אַ דעמאָראַליזירענדען קלין אַריינגעשלאָגען אין דעם פּאַטריאָטיזם פון אַנדערע פעלקער. מיט איין וואָרט, דער אַנטיסעמיטישער גיפט האָט פערשאַפען דעם דייטשען פאָלק אַ מאַכט־אינסטרומענט, וואָס וואָלט אויף קיין שום אַנדערען אופן נישט דערגרייכבאַר געווען: די פינפטע קאָלאָנע, אַ פרייען צוגאַנג צום גרויסען פעלקער־מעער. ווייל דאָס איז טאַקע דאָס פאַר־רעכט פון דער פעסט, זי פערפיגט איבער באַצילען. יעדע קראַנקהייט, יעדע חולאת איז אינפעקציעז, עקספּאַנסיוו, אָבער געזונדהייט ווירקט נישט אַנשטעקענד, געזונדהייט איז נישט איבערטראָגבאַר, געזונדהייט קען נישט פערשפרייט ווערען. זי פיהרט אַ רוהיג דאַזיין און געהט נישט אויס אויף ערָאָבערונגען. זי איז סטאַטיש און געפינט זיך תמיד אין דער דעפענסיווע. עס איז די פּריווילעגיע פון דער געמיינהייט, פון די נידעריגע, פינסטערע כחות, גאַנצע הויפען פון פרעמדע אידיאָטען אין זייער נאַרען־שיף אַריינצובעקומען. וואויל איז דעם, וואָס קען פערשפרייטען ליגען.

דער דייטשער שטן האָט געבילט איבער יידען און געמיינט טעריטאָריעס. „אויף דעם זאַק שלאָגט מען, דעם אייזעל מיינט מען״, האָט שילער, דער פון די נאַציס צום נאַציאָנאַלדיכטער „דערהויבענער״ דיכטער געזאָגט. עס איז בעגרייפליך, אַז אין יעדען לאַנד האָבען זיך געפונען אייזלען, וואָס האָבען זיך געלאָזט פערפיהרען פון דער אַנטיסעמיטישער דראַפּירונג און פערבלענדען פון די דייטשע אַגענטען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען אונטער דעם אַנטיסעמיטישען דעק־מאַנטעל צו בעאַרבייטען דעם בעטרעפענדען באָדען פאַר דייטשלאַנד׳ס אַגרעסיע־ציעלען.

האַמבראָ, דער פּרעזידענט פון נאָרוועגישען פּאַרלאַמענט, האָט ביי זיין אָנקומען אין ניו יאָרק נאָך דעם פאַלען פון זיין לאַנד, ערקלערט: „מיר זיינען בעטראָגען געוואָרען דורך די ׳פריינדליכע דייטשען׳, דורך דייטשע סוחרים, דייטשע קאָנסולען און בעאַמטע, וועלכע האָבען ביי אונז געפיהרט אַ אונטערערדישע אַרבייט״.

3. דער שימף־קאַמפּיין, דאָס בעוואָרפען די יידען מיט פערדעכטיגונגען און בעליידיגונגען, זיינען געווען אַ הקדמה, אַ „בעגרינדונג" און אַ פאָרשפּיל צו דעם, וואָס די דייטשען האָבען בדעה געהאַט צו טאָן שפּעטער. דער ערשטער אָבשניט איז געווען אַ התחלה, אַ אָנפאַנג, אַ איינלייטונג צו דעם, וואָס וועט נאָכקומען.

עקאָנאָמישע רואינירונג.

II אין דעם צווייטען פעריאָד האָט זיך דאָס דייטשע פאָלק פערלעגט אויף דער יידישער האָרעוואַניע, אויף יידיש האָב און גוטס, אויף ווירטשאַפט־ליכער רואינירונג, אויף די פאַקטישע אויספּלינדערונג און פּויפּעריזירונג פון די יידען, וואָס האָבען זיך געפונען אין די נעגעל פון די רויבער. דער שונא האָט אָפיציעל ערקלערט דאָס יידישע פערמעגען אַלס „ערגויינערט קאַפּיטאַל" און האָט אונז עקאָנאָמיש צו גרונד געריכטעט, אויסגערויבט, מענשליך ענטרעכטעט, אויסגעליידיגט, אויסגעבייטעלט און ברויטלאָז געמאַכט. ער האָט ביי אונז צוגענומען אונזערע הייזער, אונז אַרויסגעוואָרפען פון די וואוינונגען, ער האָט אונז היימלאָז געמאַכט און אויסגעוויזען, געיאָגט און געטריבען, געפּלאָגט און פערפאָלגט.

דער דייטשער גזלן איז געווען אונערזעטליך. אויב דער אויסגערויב־טער ייד האָט געהאַט געלד אין אויסלאַנד, האָט עס אויך געהערט צום דייטשען שטאַט. נאָך דעם אָנשלוס פון עסטרייך און די בעזעצונג פון טשעכאָסלאָ־וואַקיע האָט די דייטשע רעגירונג אויפגעפאָדערט די אויסלענדישע באַנקען „אַרויסצוגעבען" די דעפּאָזיטען פון די נייע קרבנות, ביי וועמען די דייטשען האָבען שוין געהאַט צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבען פערמאָגט.

די לעגאַלע בערעכטיגונג, די רעכטליכע גרונדלאַגע צו דעם רויב? ווער בעדאַרף יוריסטישע האָרשפּאַלטערייען, עס געניגט דער אומשטאַנד, אַז דער רויבער איז שטאַרקער ווי דער בערויבטער. וואָס האָט דאָס איבער־מעכטיגע דייטשע פאָלק געהאַט געגען די קליינע יידישע מינדערהייט? דאָס זעלבע וואָס יעדער גענגסטער האָט געגען זיין קרבן. דער איינציגער חטא פון דעם בע׳גנב׳עטען בעשטעהט אין דעם, וואָס ער וואַגט צו בעזיצען דאָס יעניגע, צו וועלכען דער גנב האָט אַזאַ שטאַרקען חשק.

דער צווייטער אַקט האָט זיך אין אַלגעמיין בעשרענקט אויף די ווירט־שאַפטליכע ענטאייגנונג, אויף דער גרינדליכער אויסלעערונג פון יידישע טאַשען. אַ געזעצליך אַראַנזשירטע אַקציע געגען דער פיזישער עקזיסטענץ, געגען דאָס נאַקעטע לעבען פונ׳ם יידישען קאָלעקטיוו האָט דאָס סטאַדיום נישט איינגעשלאָסען. אַ בעהערדליך אָרגאַניזירטען מאַסענמאָרד האָט עס נאָך

נישט געגעבען. אַ טויט־אורטייל געגען דעם יידישען כלל איז דאַמאָלט נאָך נישט אַרויסגעגעבען געוואָרען. גאַז־קאַמערען זיינען נאָך נישט געווען אין בעטריב. אין פערגלייך מיט דעם, וואָס עס איז שפּעטער פּאָרגעקומען, איז דער צושטאַנד געווען נישט צו פערזינדיגען. דאָ און דאָרט זיינען געשעהן רציחות, אָבער זיי האָבען געטראָגען אַ אינדיווידועלען כאַראַקטער. אָפט זיינען געפאַלען קרבנות, אָבער עס האָט זיך געהאַנדעלט אום פּעראיינצעלטע אויס־שרייטונגען. עס האָט געהערט צו דער מענשליכער ענטעהרונג און סאָ־ציאַלער צוגרונדעריכטונג פונ׳ם ייד, ער זאָל זיך נישט פיהלען זיכער מיטן לעבען, דער באָדען זאָל איהם זיין צו הייס, ער זאָל ווילען וואָס שנעלער אַוועק. יידען זיינען בעפאַלען, צעבלוטיגט, צעשלאָגען געוואָרען, יידען זיינען „אויף דער פלוכט ערשאָסען״ געוואָרען, יידען זיינען געשיקט געוואָרען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערען, וואו פילע זיינען צום טויט פערפּייניגט געוואָרען, דערנאָך האָבען די דייטשען דאָס אַש צו זייערע פאַמיליעס אַהיימגעשיקט און פערלאַנגט „נישט מעהר״ ווי 10.000 רייכסמאַרק פאַר די „הוצאות״. אָבער עס זיינען אויך מאַנכע בעפרייט געוואָרען, וויבאַלד זיי האָבען געקענט בע־ווייזען, אַז אַ אַנדער לאַנד וועט זיין אַריינלאָזען. דער דייטש איז געווען „בלויז״ אַ קעשענע־שניידער, זיין מאָמענטאַנער הויפּט־„געדאַנק״ איז געווען די יידען אויסצופּרעסען און אויסצופּלינדערען. אין יענער צייט איז דער דייטש געווען אַ געוועהנליכער רויבער, אַ געלעגענטליכער, אָבער נישט פּלאַנמעסיגער מערדער. די טאַטזעכליכע פיזישע פערניכטונג פון דעם יידישען כלל איז אין די ערשטע צוויי אבשניטען נאָך נישט געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג.

צו דעם, צו דער פולשטענדיגער אויסראָטונג, זיינען די דייטשען איבער־געגאַנגען אין דער דריטער עטאַפּע, וואָס איז צוגלייך געווען דער לעצטער אַקט, און דערמיט האָט דאָס דייטשע מערדער־פאָלק פערענדיגט די שרעק־ליכסטע טראַגעדיע פון אַלע צייטען.

## דאָס גרויסע חשכות.

III נאָכדעם ווי דער דייטש האָט די יידען גע׳ירשנ׳ט ביים לעבען, האָט ער זיך גענומען צו רצח׳נען. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעשטאָפּט מיט דעם ייד׳ס פּראַצע, מיט דעם ייד׳ס פערמעגען, האָט ער זיך געוואָרפען אויף דעם יידישען גוף. פונ׳ם מאַסען־רויבער און געלעגענטליכען איינצעל־מערדער איז געוואָרען דער פּערמאַנענטער „גוזעצליכער״, פּראָגראַם־מע־סיגער, מעטאָדישער מערדער. דער איבערגאַנג איז אַ לייכטער און אַ לאָ־גישער.

דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך גענומען צום לעצטען, וואָס איז געבלי־בען אין דעם אויסגעצאַפּטען ייד, צו דעם סאַמע לעבען, צו דעם ביסעל געמוטשעטען, פּינסטערען דאַ־זיין, וואָס אַ ייד האָט שוין געקענט געניסען אונטערן דייטשען באַרבאַר.

געפיהרט פון האָמאָסעקסועלע מאַניאַקעס, האָבען די דייטשען אָנגע־הויבען גרינדען רעגעלמעסיגע שחיטה־הייזער פאַר יידישע מענשען און צו שרייבען דאָס בלוטיגסטע, שוואַרצעסטע און העסליכסטע קאַפּיטעל אין דער מענשליכער געשיכטע.

וואָס איז דער זין פון אַזאַ זינלאָזען מיליאָנען־פאַכען מאָרד? דער מאָטיוו, דער טעם איז דער זעלבער, וואָס יעדער לוסט־מערדער האָט: זיין פּערווערזע, פערברעכערישע תאוו׳ צו בעפרידיגען.

דעם גענעראַלען טויט־אורטייל איבער אַ גאַנצער אומה האָבען די דיי־טשען נישט אַרויסגעגעבען אין אַ צושטאַנד פון פערצווייפלונג; נישט ווען זיי האָבען אָנגעהויבען בעקומען קלעפּ און צו ליידען מפּלות; נישט אין אַ אָנפאַל פון דעספּעראַציע האָבען זיי געפאסט דעם בעשלוס אונזער פאָלק איינפאַך אויסצוקוילען. ניין, דוקא אין דעם מאָמענט פון זייער גלאַנץ, פון זייערע איבערראַשענדע זיגען, אין דער צייט פון זייער טריאומף, ווען זיי זיינען געשטאַנען ביי די טויערען פון מאָסקווע און האָבען געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט קען שוין נישט מעהר ענטרינען פון זייער יאַך, דאַמאָלט האָבען די דייטשען אויפגעשטעלט די קרעמאַטאָריעס. ווען דאָס מזל האָט זיי געלויכטען פון אַלע זייטען, ווען די זון פון זייערע נצחונות האָט דער־גרייכט דעם זעניט, שטעהענדיג אויף דעם שפּיץ פון גליק, דאַמאָלט איז זייער רציחה געשטיגען ביז צום העכסטען פונקט. ווען דער זיג איבער דער וועלט איז שוין געווען „אויף דער האַנד״, ווען עס איז שוין געווען „טויט־זיכער״, אַז קיינער קען זיי שוין נישט צוציהען צו פעראַנטוואָרטונג, ווען זיי האָבען שוין אויסגעאַרבייט די „נייע אָרדנונג״ — אין דעם צייט־פונקט האָבען די דייטשען איינגעלייטעט דעם מאַסענמאָרד. אין דער גליקליכסטער שעה פון דער דייטשער מיליטער־געשיכטע, האָט דאָס 85־מיליאָניגע פאָלק, וואָס האָט שוין געהאַט בעזעצט כמעט גאַנץ אייראָפּע, פאַר אַלעמען בעוויזען, וואָס אַ זיגרייך, מעכטיג הונענשטאַם קען אויפטאָן.

אין זומער 1941, ווען די אינוואַזיע פון רוסלאַנד איז געגאַנגען ווי גע־שמירט, האָבען די דייטשען אויפגעשטעלט די ערשטע גאַז־קאַמערען אין חעלמנאָ, ביי קאָטאָ, אין דער געגענד פון פויזען (פּאָזנאַן). דאַן זיינען גע־בויט געוואָרען אַזעלכע טויטען־לאַגערען אויף פילע אַנדערע פלעצער, ביז דער גאַנצער אייראָפּעאישער קאָנטינענט איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין איין גרויסער שלאַכט־בריק, אין איין גרויסען טאָל פון יאָמער און פּיין פאַר

יידען. עס האָט זיך נישט געפונען קיין ווינקעלע אין אייראָפּע, וואו יידיש בלוט האָט נישט געזאָלט פליסען ווי וואַסער, וואו יידישע טרעהרען האָבען נישט געזאָלט דורכווייקען די ערד און די האַרצרייסענדע קולות פון די פערצווייפעלטע האָבען נישט געזאָלט ערשיטערען די לופט. בוכשטעבליך



דורך גאַנץ אייראָפּאַ בעוועגען זיך ציגע מיט אויסגעזידעלטע יידען.

„כצאן לטבח" זיינען די יידען פון אַלע עקען און ענדען צוזאַמענגעטריבען און געבראַכט געוואָרען צו די ליקווידירונגס־פּלעצער.

כצאן לטבח? ווען שאָף ווערען געטריבען צום שלאַכטהויז ווערען זיי דען אויפן וועג אַזוי בעהאַנדעלט, ווי די יידען בעת זיי זיינען געפיהרט געוואָרען צום טויט?

„די געשיכטע האָט נישט צו פערצייכענען אַ פערברעכען, וואָס זאָל האָבען בעגאַנגען געוואָרען געגען אַזוי פיל קרבנות, אָדער וואָס זאָל האָבען געוועזן אויסגעפיהרט געוואָרען מיט אַזוי פיל אויסגערעכענטע גרויזאַמקייט" (ריכטער דזשעקסאָן, אין זיין אָנקלאַגע־רעדע ביים נירענבערגער פּראָצעס, נאָוועמבער 1945).

דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך דעמאַסקירט אין זיין גאַנצער העסליכקייט, אין זיין עקעלהאַפטסטער שמוציגקייט. עס איז געזונקען צו דער אַלערנידע־ריגסטער שטופע, וואו אַ לעבעדיג וועזען קען פאַלען. דאָס ערגסטע, וואָס

די ווילדעסטע חי׳ קען טאָן, האָט דאָס ענטמענטשטע דייטשע באַרבאַרען־פאָלק בעגאַנגען.

מיט דעם אומברענגען אַליין האָט די דייטשע בעסטיע זיך נישט בע־נוגענט. נישט אַזוי לייכט און נישט אַזוי שנעל האָט זי געלאָזט די אָרימע קרבנות פּטור ווערען פון דעם ביטערען לעבען. זייער טויט איז נישט געווען בלויז אַ האַרטער און קוואַלפולער, נאָר אויך אַ לאַנגזאַמער. זעהר שווער זיינען זיי געקומען צום לעצטען זיפץ. גאָר אַ סך האָבען זיי געמוזט אויס־שטעהן, איידער זיי האָבען געמעגט אויסהויכען זייערע הייליגע נשמות. ווי אַ קאַץ מיט דער מויז האָט זיך דער דייטשער סאַדיסט געשפּילט מיט זיין הילפלאָזען אָפּפער, געררייצט האָט ער זיך מיט איהם און זיך אונטערהאַלטען. איידער ער האָט אַ סוף געמאַכט צום לעבען פון די מערטירער, האָט ער זיי קודם פסיכיש גע׳הרג׳עט, זעעליש אויסגעמאָרדעט, בעזידעלט, דערנידע־ריגט כעפרא דארעא, און זיי געבראַכט צו אַ צושטאַנד פון אַ וואָרעם. די דייטשען האָבען בעגרינדעט אַ פילאָזאָפיע פון פייניגען און געשאַפען אַ קונסט פון מאַרטערונג. זייער גאַנצע חכמה להרע האָבען זיי אַריינגעלעגט אין דעם בעגעהר דאָס זויערע לעבען פון די קרבנות נאַכמעהר צו פערזויערען. דערצו האָבען זיי די גאַנצע כיטרעקייט אָנגעווענדעט און זייער גאַנצען נידערי־גען האַס פערברויכט. דעם גאַנצען טירישען צאָרן האָבען זיי אויסגעגאָסען אויף דעם בע׳צער׳טען ייד, אָן איהם האָבען זיי אַלע זייערע אַבנאָרמאַלע גלוס־



אפר תחת פאר.

טונגען בעפרידיגט, אן זיינע יסורים האָבען זיי זיך ענטציקט און „אויסגע־טאָבט״.

רבנים, פּאַטריציער, געהויבענע יידען, ישיבה־בחורים און גרייז־גרויע




וואו אַהין ?

פיהרער זיינען געצוואונגען געוואָרען, אין טלית און תפילין אויף דער גאַס צו טאַנצען, אָדער מיט די בלויזע הענד בית הכסא׳ס צו רייניגען.

די זיהן פון עם הספר האָבען געמוזט טרעטען אויף די ספרי תורה.

יידען זיינען געכאַפּט און געשלעפּט געוואָרען אויף די גאַסען צו די פערשידענסטע שפלות׳דיגע עבודות. זיי האָבען געמוזט אַריינלעגען פערד־

שמוץ אין די קאַפּעלושען, די זעלבע אָנטאָן און אַזוי אַרומגעהן, כדי די גוים זאָלען זיך אַמוזירען.

יידען האָבען געמוזט אַרבייטען מיט שפּיי־קעסטלעך אויף די קעפּ.

יידען זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרען ווי פערד צו אַ וואָגען און האָבען איהם געמוזט אַריינפיהרען אין בלאָטע און גלייך ווידער פון דאָרט אַרויס־ברענגען.

די אויסגעפּרעסענע דייטשע בלוט־זויגער האָבען געצוואונגען מידע, קראַנקע, פון הונגער געשוואָלענע יידען צו אַרבייטען עבודת הפרך, אָהן



„גראָב דיר אויס אַ קבר" — זאָגט דער מגשומדיגער גוי צום איידעלען ייד.



יידען שלעפּען אַ וואָגען.

יעדען פּראַקטישען נוצען, אָהן שום ציל, נאָר גלאַט, כּדי זיי צו פערפּייניגען און מכניע צו זיין. זיי האָבען געפּייניגט מיט פּייניגונג אַלס זעלבסט־צוועק.

יידען האָבען געמוזט אַרויפשלעפּען שווערע משאות אויף אַ באַרג, אום די זעלבע גלייך ווידער אַרונטערצוטראָגען.

זיי האָבען אָבגעשוירען אַ ייד די באָרד, דער ייד האָט געמוזט צוזאַמענ־קלייבען די האָר, יעדע האָר עקסטראַ, און טאָמער האָט ער אויפגעהויבען צוויי האָר מיט אַמאָל, איז ער צוקיילט געוואָרען פון אונ׳רחמנות׳דיגע קלעפּ.

זיי האָבען אָנגעצונדען בערד, און די יידען האָבען נישט געטאָרט מיט דער האַנד שיצען די הויט, נאָר ווען דאָס פּנים איז שוין געווען גוט פער־ברענט, האָבען זיי געפיהרט די יידען צו דער פּלומפּ, און האָבען געלאָזט אויף זיי שפּריצען וואַסער אַזוי לאַנג, ביז זיי זיינען אינגאַנצען דורכגעווייקט געוואָרען.

יידען האָבען געמוזט טרינקען בלאָטע, און ווען זיי האָבען געבראָכען, האָבען די דייטשען געקוואָלען פון זייער „אויפטו".

יידען האָבען געמוזט טראָגען געלע לאַטעס, און ווען די לאַטע האָט זיך אַביסעל אָוועקגערוקט אין אַ זייט, איז דער ייד געווען חייב מיתה. איינער וואָס איז געשטאַנען דערביי האָט דערצעהלט: אַ דייטשער זעלנער בעמערקט אויף דער גאַס אַ ייד, וועמענס לאַטע עס איז געווען אַביסעל פעררוקט אין אַ זייט. דער דייטש פאַלט אָן אויף איהם מיט זלזולים און ציהט אַרויס

זיין רעוואָלווער. דעם ייד׳ס קליינע מיידעלע, וואָס איז דערביי געשטאַנען, פאַלט דעם דייטש צו די פיס און בעט איהם, ער זאָל איהר פאָטער לאָזען לעבען. דער דייטש בערוהיגט דאָס קינד, גלעט עס, רעדט צו איהר פיינע רייד, נאָר בשעת ער האָט מיט איין האַנד געגלעט דאָס קינד, האָט ער מיט דער אַנדערער האַנד איהר פאָטער דערשאָסען אויף טויט.

דאָס האָט געהערט צו דער דייטשער ראַפינירטקייט, צו פערבלאָפען דעם קרבן מיט גוטע ריידעלעך. אַ דייטש גיט אַ ייד אַ ציגאַרעט, מיינט דאָך דער ייד, אַז עס איז שוין אַלץ גוט, אָבער בשעת דער ייד רויכערט, זאָגט איהם



די דייטשע וועהרמאַכט פייערט אַ „זיעג״.



זיי ווערן געטריבען פון שטאָדט צו שטאָדט.



אַלע יידען פונם געטאָ מוזען צוקוקען ווי זייערע ברידער הענגען.

דער דייטש: מאַך שנעל פערטיג ווייל איך געה דיך שיסען. צו מישען פיינקייט מיט רציחה האָט פאַר זיי געמאַכט דאָס „שפעקטאַקעל" אינטערעסאַנטער, אונטערהאַלטענדער.

דורך קלעפּ און אויסהונגערונג האָבען די דייטשען געצוואונגען די יידישע מענשען, צו זוכען ביינער און אָבפאַל אין מיסטהויפענס.

זיי האָבען געשלאָגען אָהן אַ פאַרוואָס, שיקאַנירט אָהן אַ גרונד, געיאָגט אָהן אַ ציל. טאַרנאָווער יידען האָבען זיי געטריבען קיין קראָקע, קראָקאָווער יידען קיין טאַרנאָוו.

ווען די יידען פון ביליץ זיינען פערטריבען געוואָרען, האָבען זיי געמוזט מאַרשירען לויט דעם מיליטערישען ריטם. דער ראש הקהל איז געגאַנגען בראש און געטראָגען אַ שילד, אויף וועלכער עס זיינען געשטאַנען די ווער־טער: „מיר יידישע בלוטזויגער פערלאָזען אויף אייביג די שטאָדט, מיר בענשען דעם פיהרער פונ׳ם דייטשען פאָלק פאַר זיין גרויסען חסד, וואָס ער לאָזט אונז אַרויסגעהן לעבעדיג".

חדשים־לאַנג האָבען די דייטשען געלאָזט די יידען אָהן וואַסער און זייף, כדי זיי דאַן אַלס „פערוואָהרלאָזטע", שמוציגע יידען אין ענטלויזונגס־אַנשטאַלטען צו שיקען.

די דייטשען האָבען פעראַנשטאַלטעט צוויי־קעמפע צווישען אַ ייד און אַ

הונט, און האָבען זיך געקוילערט פאַר געלעכטער בעת דער הונט האָט צע־ריסען דעם ייד.

די הינד זיינען שוין געווען אַזוי דרעסירט, אַז זיי האָבען שוין אויך געוואוסט, ווער עס איז אַ ייד. ווען אַ צוויפיסיגער דייטשער כלב האָט גע־זאָגט צו זיין 4־פיסיגען חבר: „פּאַק דעם יודען!“, האָט דער הינד געוואוסט, ווען זיין הינדישער הערר מיינט און האָט זיך גלייך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם יידישען קרבן און איהם פערוואונדעט פון קאָפּ ביז פיס. עס פערשטעהט זיך, אַז דער ייד האָט זיך נישט געטאָרט וועהרען, איז עס דאָך עפּעס אַ דייטשער הונט...

איין ייד האָט געמוזט שפּייען דעם אַנדערען אין פּנים אַריין.



איין ייד מוז רייטען אויפן צווייטען.

איין ברודער האָט געמוזט אויפהענגען דעם צווייטען, אויב נישט האָבען זיי געדראָהט וועט דאָס גאַנצע געטאָ אונטערגעצונדען ווערען.

אַ זוהן איז געצוואונגען געוואָרען בייצוואוינען די עקזעקוציע פון זיין פאָטער, און וועה איז געווען צום זוהן, ווען ער האָט דערביי געוויינט.

אין מאַנכע שטעטלעך האָבען יידען פאַרן טויט געמוזט זיך אָנטאָן זייערע קיטלען און טליתים און מאַרשירען איבערן שטאָדט־מאַרק רופענדיג: הייל היטלער! אָדער נאָכלויפען געענז און זיי כאַפּען. ווער עס האָט נישט אַלץ גענוי אויסגעפיהרט, דער האָט נישט זוכה געווען צו קיין שנעלען טויט.




יידען זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַרן דייטשען איבערפאַל אויף פוילען.

כדי יידען צו דעמאָראַליזירען און ביי זיי צוצורויבען יעדען זעלבסט־רעספעקט, האָבען די דייטשען אַריינגעזעצט „יודענרעטע” מיט דער בע־שטימונג, צו ליפערען מאָנאַטליכע קאָנטינגענטען פון מענשענמאַטעריאל פאַר די קאַלך־אויוועגס. די יידישע פאָליציי האָט געהאַט די אויפגאַבע צו לייסטען הילף דעם דייטשען הענקער.

מיט בעסטיאַלישער ציניזשקייט פלעגען די דייטשע מערדער צייגען די געבראָכענע יידישע עלטערען שיכלעך און לאָקען פון זייערע גע'הרג'עטע קינדער.

אַ יידישע מאַמע האָט געהאַט די זכיי' צוואַנציג יאָהר נאָך דער חתונה צו געבוירען אַ קינד. זי האָט עס געוויקעלט אין וואַטע און געבאָדען אין מילך. דער דייטשער דורס האָט עס איהר אַרויסגעריסען פון דער האַנד און אַוועקגעפיהרט. די מאַמע וויל זיך דאָס לעבען נעהמען. אַ אַנדערער דייטש לאָזט זי נישט: „דו וועסט קרעפּירען ווען מיר וועלען בעשטימען”. די מאַמע פאַסט אַ וואָך לאַנג. אַ דייטש ברענגט איהר אַריין אַ פריש געקאָכט שטיקעל פלייש און צווינגט זי צו עסען. נאָך די ערשטע פאָר ביסען זאָגט דער דייטש צו דער אויסגעהונגערטער מאַמע מיט אַ זעלענרוהיגען שמייכעל: „דאָס איז דאָס פלייש פון דיין איינציג קינד. עס איז ערשט נעכטען געקוילעט גע־

וואָרען..." די וואַהנזיניג־געוואָרענע יידישע מאַמע שפּרינגט אויף פּאַר שמחה און רופט אויס: „אוי ווי גליקליך איך בין מיין מיידעלע ווידער צו האָבען מיט מיר, אין מיר! איצט בין איך ווידער פעראייניגט מיט מיין איינציג, טייער קינד!"



דער לעצטער ייד מוז נאָך פאַרן טויט דינען אַלס חוזק־אָביעקט.

דעם ייד׳ס הויט האָבען זיי געשונדען לעבעדיגערהייט, כדי דערויס לע־דער־טאַשען פאַר זייערע געליבטע צו מאַכען.

די דייטשען האָבען איינגעאָרדענט שאַנד־הייזער פאַר זייער מיליטער און האָבען געוואָלט געוואַלטזאַם אַהינברענגען יידישע מיידלעך, אָבער דאָס איז די הולטייאישע מערדער נישט געלונגען. יידישע טעכטער האָבען גע־נומען סם אָדער אַרונטערגעוואָרפען זיך פון די שטאָקען איידער די טמאים זיינען צו זיי צוגעקומען. די בעדער וואָס מען האָט זיי געהייסען נעהמען, האָבען זיי בעטראַכט אַלס טהרה בעפאָר דעם אַוועקגעהן אויף יענער וועלט.

עס האָט נישט גענומען קיין סוף צו דעם פייניגערס גרויזאַמקייט, קיין גרעניץ צו די יסורים פון די געפייניגטע. יעדעס מאָל איז דער ערפינדעריי־שער מערדער געפאַלען אויף נייע המצאות און האָט ענטדעקט פרישע פיי־ניגונגס־מעטאָדען.

איינמאָל האָט ער געמאַכט אַ „אַקציע" אויף די אַלטע. אַלע יידישע זקנים און זקנות פון געטאָ זיינען צונויפגעזאַמעלט געוואָרען און אויף דעם ברו־טאַלסטען אופן געטריבען געוואָרען הינטער דער שטאָדט, וואו זיי זיינען אויסגעשאָכטען געוואָרען ווי די שאָף.

אַ צווייט מאָל זיינען מיט דעם זעלבען נוסח פעראַנשטאַלטעט געוואָרען „קינדער־טעג". ווי חיות רעות זיינען די בעוואָפענטע באַרבאַרען אַריינגעדרונ־גען אין די יידישע הייזער און מיט רוגזה אַוועקגענומען די קליינע שעפעלעך



זקנים פאַר דער עקסטערמינאַציע.



דאָס זיגרייכע דייטשע פאָלק בעוואָרענט זיך פאַר דעם יונגען שונא,
דורך איינדריקען אַ נומער אין זיין הענטעל.

פון זייערע מוטערס אָרעמס און זיי אין די נאָהנטסטע וועלדער אויסגעמאָר־דעט. דאָרט וואו די פערצוויפעלטע עלטערען האָבען זיך אַנטקעגענגעשטעלט, האָבען די דייטשע קינדער־מערדער זאָפאָרט דאָס קינד אין צוויי צעריסען אָדער דערוואָרגען. אין פילע פאַלען האָבען די עלטערען זיך נישט געקענט פאָרשטעלען, אַז דאָס קינד ווערט געפיהרט צו דער שחיטה, האָבען זיי מורא געהאַט צו לייסטען ווידערשטאַנד, כדי די רוצחים זאָלען זיך נישט נוקם זיין אין דעם קינד. זיי האָבען נאָך מיטגעגעבען אויף דעם „וועג" אַ פלעשעל מילך, זיי האָבען דאָס קינד גוט אַרומגעהילט, געקושט און געהאַלזט. טאַטע־מאַמע האָבען זייער קינד צוגעוואונקען אַ לעצטען בליק. די רוצחים האָבען עס אָנגעכאַפּט מיט די רויהע הענד און — אַוועקגעפיהרט. וואָס עס איז פאָר־געקומען אין די הערצער פון די אָרימע יידען, בשעת מען האָט זיי צוגע־נומען די אַלטע עלטערען אָדער די זויג־קינדער? — ווער וועט עס וואגען און ווער איז עס ביכולת אויסצומאָהלען!

אַזעלכע און ענליכע סצענעס האָבען זיך אָבגעשפּילט אין יעדער יידי־שער שטוב און האָבען זיך ווידערהאָלט יעדען טאָג. די פאָרם האָט זיך גע־

ביטען לויט די „איינפאַלען" פון די רוצחים, אָבער די צרות זיינען געווען פערמאַנענטע, דאָס חשכות איז פון זיי קיינמאָל נישט געוויכען. שטענדיג האָט די שווערד פון פיינד געהאַנגען איבער די קעפּ פון די יידען, יעדע רגע האָבען זיי געזעהן דעם טויט פאַר די אויגען.

די מערטירער׳ס שטילע העלדענטום.

טראָץ די ענויים קשים, זיינען יידען געבליבען מענשען. רוהיג, געפאסט, אויפרעכט און שטאָלץ האָבען זיי אַלץ איבערגעטראָגען. זאָגאַר די דייטשע בעסטיע איז איבעראַשט געוואָרען פון זייער ווירדיגער האַלטונג. אין זייערע „אַמטליכע" שחיטה־באַריכטען האָבען די דייטשען אונווילקירליך בעוואונדערט דאָס בענעהמען פון די יידישע קרבנות. אַזוי שרייבט אַ דייטשער אויבערלייטענאַנט אין זיין „דינסט־בעריכט" (פאַרגעלעזען פון דעם אַמעריקאַנער אַנקלאגער ביים נירענבערגער פראָצעס געגען עלף זיד־אָסט גענעראַלען): „דאָס אויסגראָבען פון די קברים נעהמט דעם גרעסטען טייל צייט אין אַנשפרוך, דאָס דערשיסען זעלבסט געהט זעהר שנעל, הונדערט מענשען אין 40 מינוט. געפּעק־שטיק און ווערט־זאַכען זיינען פריהער איינגעזאַמעלט



יידישע קינדער ווערען געפיהרט צו דער שחיטה.



די יונגע טעכטער פון ציון ווערען פאַרן טויט געדעמיטיגט.

און אין מיין לאַסט־וואַגען מיטגענומען געוואָרען, כדי עס איבערצוגעבען דער נאַציאָנאַלסאָציאַליסטישער פאָלקספירזארגע. דאָס דערשיסען פון יידען איז איינפאַכער ווי דאָס פון ציגיינער. מען מוז צוגעבען אַז די יידען געהען זעהר געפאסט צום טויט. זיי שטעהען זעהר רוהיג, ווערהענד די ציגיינער וויינען און שרייען, זיי בעוועגען זיך אונאויפהערליך ווען זיי שטעהען שוין אויף דעם דערשיסונגס־פּלאַץ״.

דער ראַפּשיצער רב זי״ע האָט געטייטשט: כל רודפיה השיגוה בין המצרים, די בעדריקער האָבען ערשט אָנגעהויבען משיג צו זיין די גרויסקייט פונ׳ם ייד, ווען זיי האָבען געזעהן, ווי ער פיהרט זיך אויף אין דער שעה פון זיין נויט.

יידישע עלטערען, וואָס האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו רעטען דאָס לעבען פון זייערע קינדער דורך אַוועקגעבען זיי צו אַ גוי, האָבען זיך אָבגע־זאָגט דערפון, זייענדיג ליבער מקריב די קינדער, איידער זיי לאָזען אָהן אַ יידישער ערציהונג.

יידען אין די לאַגערען האָבען געבראַכט די גרעסטע קרבנות פאַר אַ קצו של יוד.

יידען האָבען נישט געוואָלט שטילען זייער אונערטרעגליכען הונגער אָדער ברענענדיגען דורשט מיט נישט־כשר׳ע מאכלים און געטראַנקען.

עס זיינען געווען יידען, וואָס האָבען זיך אויסגעוועהלט די שווערסטע אַרבייטען, כדי דערפאַר נישט צו דאַרפען אַרבייטען אום שבת.

עס האָבען זיך געפונען יידען, וואָס האָבען די שווערסטע אייזענס גע־שלעפּט מיט איין האַנד, אום צו קענען מיט דער אַנדערער האַנד דעם קאָפּ צו־דעקען און נישט בלייבען חלילה בגלוי הראש.

נשים צדקניות האָבען זיך נישט פערגונען צו פערברויכען דאָס ביסעל אייל, וואָס זיי האָבען בעקומען איינמאָל אַ וואָך, זיי האָבען עס בעהאַלטען אויף ערב שבת, כדי דערמיט ליכט צו צינדען.

ווען די דייטשען פלעגען צוזאַמענטרייבען די יידישע בעפעלקערונג פון די שטעדטלעך, זיי זאָלען בייוואוינען דעם „פייערליכען אַקט" ווי זיי צינדען אָן די



דער שרעקליכער סוף פון אַ קורץ, געמוטשעט לעבען.



קוקענדיג דעם טויט אין די אויגען.

שוהלען, האָבען יידען, פעראַכטענדיג דעם טויט, אונטער דעם האָגעל פון דייטשע קוילען זיך אַריינגעכאַפּט אין די ברענענדע בתי כנסיות, כדי מציל צו זיין ספרי תורה פונ׳ם פייער.

עס האָבען זיך געפונען יידען, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פאַר דורשט, און ווען זיי האָבען בעקומען אַביסעל וואַסער, האָבען זיי עס פערוועגדעט פאַר נטילת ידים, כדי צו קומען אויף יענער וועלט מיט געוואַשענע הענד.

גייענדיג צו דער שחיטה האָבען יידען אויסגערופען, אַז זיי בעטראַכטען עס אַלס זכי׳ דורך זייער טויט מקדש השם צו זיין.

בשעת די דייטשע כלבים האָבען געריסען פון זיי שטיקער פלייש, האָבען יידישע קינדער געזונגען „אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח, ואע״פ שיתמהמה, עכ״ז אחכה לו בכל יום שיבוא״. ליידענדיג יסורי איוב האָבען זיי געזונגען: „זכר דבר לעבדך על אשר יחלתני, זאת נחמתי בעניי כי אמרתך חייתני, זדים הליצוני עד מאד, מתורתך לא נטיתי״.

קליינע קינדער האָבען געוואוסט צו קושען די מזוזה בעת די דייטשע מערדער האָבען זיי אַוועקגעשלעפּט פון די הייזער.

יידישע יונגלעך און מיידלעך פלעגען פרעגען זייערע עלטערען, ווען זיי זאָלען זאָגען דעם לעצטען שמע ישראל, צי איידער זיי שפּרינגען אַריין אין גרוב, אָדער ווען זיי וועלען שוין זיין אונטען און וואַרטען אויפ׳ן שאָס.

יונגע יידישע בחורים׳לעך זיינען געגאַנגען ענטשלאָסען צום טויט. זיי האָבען אַפילו נישט געפרעגט, פאַרוואָס עס קומט זיי אַזוי פריציייטיג צו שיי־דען זיך מיט דער וועלט. נישט נאָר האָבען זיי נישט מתרעם געווען, נאָר אָפט האָבען זיך יידישע קינדער אַרומגעכאַפּט און געטאַנצט אין דבקות, אין רעליגיעזען עקסטאַז, ביז די מערדער האָבען געמאַכט אַ סוף צו זייער היי־ליגען טאַנץ.

ווער קען וויסען, וויפיל הערָאָאיזם און קדושת השם עס איז פאָרגעקומען אין דער פורכטבאַרער צייט, וויפיל זעעלישע שטאַרקייט און גרויסקייט עס האָבען אַרויסגעוויזען אונזערע נשמה־העלדען אין דער לאַנגער נאַכט פון זייער פּיין. זיינען דאָך מיט די העלדען צוגלייך אַוועק די עדות און בע־ווייזען פון זייערע העלדישע מעשים.

אַזוי האָבען זיך אויפגעפיהרט אונזערע הרוגי מלכות הרשעה. דאָס איז



יונג און אַלט שטאַרבען אַוועק פאַר צרות.

געווען דאָס בענעהמען פון די „פייגע״ יידישע קינדער אין די טעג פון זייערע אונמענשליכע נסיונות און פּחדימ׳דיגע אויסשטייענישען.

ביי אַלע ביטערע צרות, האָבען יידען נאָך אַלץ זיך געקלאַמערט אין לע־בען. דער איינגעבאָרענער יידישער אָפּטימיזם, די יידישע ווירדע און אמונה



חללי רעב.

האָבען זיי געהאַלטען אויף די פיס. ביז צום לעצטען אויגענבליק האָבען זיי געהאָפט אויף אַ נס, אַזוי ווי עס איז שוין אָפט פאָרגעקומען אין דער לאַנגער יידישער מאַרטיראָלאָגיע. אין זייער אונשולד און גערעכטיגקייט־



דאָס „לעבען" אין וואַרשעווער געטאָ.



די פנימ'ער פון די געטאָ־יידען זאָגען עדות פון זייער נויט און פערצווייפלונג.



יידען פאַלען אין די גאַסען פאַר הונגער און קעלט.

געפיהל האָבען זיי נישט געצווייפעלט אין דעם ענדליכען נצחון פון יושר איבער פערברעכערטום, פון דעם גרונדלאָז פערפאָלגטען ייד איבער דעם פלוך־בעלאָדענעם דייטשען באַנדיט. זיי זיינען טאַקע געווען אַליין אין זייער ביטערער עת צרה, פערלאָזט און פעררואַטען פון דער גאַנצער וועלט; זיי זיינען טאַקע רעסטלאָז אויסגעליפערט געווען דעם דייטשען מערדער און האָבען נישט געהאַט צו וועמען זיך צו ווענדען, זיי האָבען טאַקע קיינעם נישט געהאַט, וואָס זאָל זיך פאַר זיי אָננעהמען, אָבער דאָס פערטרויען אין הימלישער גערעכטיגקייט איז געווען זייער פערזיכערונג אַז דער בלוט־בעפלעקטער שונא וועט פאַלען.

דאָס, וואָס זיי האָבען אין די לאַנגע, ענדלאָזע, פינסטערע נעכט פון זייערע ליידען גע׳חלומ׳ט, איז פערווירקליכט געוואָרען. דער וואונש פון זייערע בלוטיגע טרעהרען איז אין ערפילונג געגאַנגען. דאָס געוויין פון דעם געטראָטענעם פאָלק, דאָס געבעט פון געבראָכענע הערצער און צוטיפסט־פערוואונדעטע נשמות איז, טראָץ דעם אָפענבאַרען הסתרת פנים, דערהערט געוואָרען. דער גיגאַנטישער דייטשער מאָנסטער איז ווי אַ קאָרטענהייזעל צוזאַמענגעבראָכען, דער אַזוי טיף געפאַלענער איז געפאַלען; אָבער די הייליגע דולדער, די געדולדיגע קדושים האָבען זייער שונא׳ס מפלה נישט דערלעבט. דער משחית האָט אויסגענוצט די צייטווייליגע צוריקגעצויגענקייט פון דער השגחה, ענטגילטיג צו ליקווידירען דעם רוב בנין פון אונזער פאָלק, דאָס

יידישסטע, איידעלסטע און שענסטע מענשענטום, וואָס מיר האָבען פערמאָגט.

נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען אונזערע טייערסטע אויסגעמוטשעט, נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעזויגען דאָס לעצטע ביסל בלוט, דאַן האָבען זיי ערשט ערלויבט די צעבראָכענע שאַרבענס אַלס געזאַמטהייט צו פער־לאָזען די פינסטערע וועלט. נאָכדעם ווי די מערטירער האָבען זיך אָנגע־זעטיגט מיט הונגער און שרעק, נאָכדעם ווי דער גראַד פון זייער פיזישען צערפאַל איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זייערע קערפּערס האָבען נאָך ביים לעבען געפוילט, נאָכדעם ווי זיי זיינען געטריבען געוואָרען פון געטאָ צו געטאָ, פון קעמפּ צו קעמפּ, נאָכדעם ווי זיי האָבען געזעהן איין קרוב נאָכן צווייטען אַוועק־שטאַרבען, אָדער אַוועקפיהרען, נאָך יאָהרען פון צאַפּלען און ציטערען, פון פחד און פיין, נאָכדעם ווי זיי האָבען אבגעפיהרט אַ לעבען, וואָס איז ערגער ווי דער טויט, ערשט דאַן האָט דער דייטשער מענשענפרעסער זיי פערגונען צו שטאַרבען.

דער גרויזאַמער מאַסענמאָרד.

וואָס פאַר אַ אַרט מאַסען־טויט האָט די מגושמ׳דיגע דייטשע בעסטיע אויסגעזוכט פאַר די זעקס מיליאָן קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב? די „פּראָצעדור״ איז געווען אַ פערשידענע, לויט דעם מאָמענטאַנען „גוסט״



מחוץ תשכל חרב ומחדרים אימה.



איבעראַל וואו דאָס פאָלק פון ווערגער און הענקער זעצט זיין פוס, ווערט ערריכטעט אַ תליה, דאָס סימבאָל פון דייטשער קולטור.

פון די מערדער און ווי דער סאַדיזם האָט זיי גראד דיקטירט. אײן ענין רציחה איז דער דייטש נישט אין פערלעגענהייט. ער בעזיצט אַ גאַר רייכליכע אויסוואַהל פון אַזעלכע קוואַלפולע מיתות משונות, וואָס אַ מענשליכער זין קען עס נישט תופס זיין.

אין מאַנכע מקומות האָבען די יידען אַליין געמוזט גראָבען זייערע קברים און דאַן אַריינשפּרינגען. ווען די גריבער זיינען שוין געווען פול מיט יידען, האָבען די דייטשען אַרונטערגעשאָסען. ווער עס האָט געהאַט „גליק“, איז גלייך געשטאָרבען. די וואָס האָבען נישט געהאַט די זכיי' „גוט“ געטראָפען צו ווערען, האָבען זיך געמוזט ווינדען אין יסורים, ביז זיי זיינען פערבלוטעט. ווען די נישט גוט געטראָפענע האָבען געבעטען די מערדער, זיי זאָלען זיי שענקען נאָך אַ קויל, כדי אַ סוף צו מאַכען צו זייערע שמערצען, האָבען די דייטשען געענטפערט: עס איז אַ שאָד אויסצונוצען צוויי קוילען פאַר איין זאו־יוד, איהר וועט שוין אַזוי אויך קרעפּירען, לאַנגזאַם, אָבער זיכער.

דאָרט וואו אַ ייד איז זיי נישט ווערט געווען אַפילו אײן שאָס, האָבען זיי איהם בעגראָבען לעבעדיגערהייט. כדי דאָס נאָך אינטערעסאַנטער צו גע־שטאַלטען, זיינען די דייטשען נאָכן פערשיטען דעם מאַסען־גרוב איבער איהם אַריבערגעפאָהרען מיט אַ טאַנק. מאַנכעס מאָל האָבען די טויזענטער פערשאָ־טענע יידען מיט זייערע לעצטע כחות געפּראָוווט אַרויפצושטופּען די ערד,



יידען גראָבען אייגענע קברים.



די דייטשען פעראייביגען זייער שאַנד.



צום בעגראָבען ווערען לעבעדיגערהייט.



הלכו שבי לפני צר.

וואָס האָט זיי בעדעקט. די פערצווייפעלטע אנשטרענגונגען פון די לעבעדיג־בעגראָבענע האָט געווירקט, אַז די אַרומשטעהענדע דייטשען האָבען געזעהן דעם „ענטציקענדען" אָנבליק, ווי די ערד בעוועגט זיך, די ערד הויבט זיך. דאָס איז געווען בעזונדערס אונטערהאַלטענד פאַר די דייטשע מאַסען־מערדער.



אויסזידלונג.



דאָס ענדע פון דער יידישער וואַנדערונג.

זיי האָבען זיך דערפאַר נישט געריהרט פון שוי־פּלאַץ ביז די ערד האָט זיך „בערוהיגט".

אין מאַנכע שטעדט זיינען די יידען געטריבען געוואָרען ווי די בהמות אין די שלאַג־בריקען און דאָרט האָבען די מענשען־שעכטער קאַלטבלוטיג דורכגעפיהרט אַ פאָרמעלע שחיטה מיט חלפים.

אין אַנדערע ערטער זיינען די קרבנות איינגעשפּאַרט געוואָרען אין דער שוהל. די דייטשען האָבען דעם מקום קדוש בעגאָסען מיט בענזין, און אַלע יידען פערברענט לעבעדיגערהייט.

די הויפּט אויסראָטונגס־מעטאָדע איז געווען די גאַז־קאַמער. אינמיטען נאַכט אָדער פאַרטאָג זיינען בעוואָפענטע דייטשען מיט אַרמבענדער, וואו עס האָט זיך געפונען די אויפשריפט J. V. (ראשי תיבות פאַר „יידען־פערניכטער") אַריינגעדרונגען אין די יידישע וואוינונגען מיט אַ געשריי: אויסזידלונג! יעדער מוז זאָפאָרט אויפשטעהן, עפּעס כאַפּען אויף זיך און מיטגעהן צום „אומשלאַגס־פּלאַץ", פון וואַנען זיי וועלען געשיקט ווערען אין אַנדערע שטעדט. די כיטרע באַנדיטען האָבען אַלץ געטאָן מיט אויסרעכענונג. צוליב פערשידענע טעמים האָבען זיי די קרבנות נישט געזאָגט, וואוהין זיי ווערען געפיהרט. ערשטענס האָבען זיי מורא געהאַט, אַז ווען די יידען וועלען וויסען, אַז זיי האָבען שוין גאָרנישט וואָס צו פערלירען, וועלען זיי פּרואווען זיך וועהרען. דאָס האָבען די דייטשען נישט געוואָלט. ווייל אַ ווידערשטאַנד, אַפילו אַ גאָר שוואַכער, וואָלט פאַר זיי בעדייטעט אַ ביסעל טרחה, און דער



יידען ווערען פערשיקט.




אַ סעפּאַראַטער פּיעה־וואַגאָן פאַר מענער.

וואונש פון דעם מערדער איז געווען, אונטער דער מינימאַלסטער און גרינג־סטער אָנשטרענגונג וואָס מעהר יידען אומצוברענגען. צווייטענס, איז בע־שטאַנען די „געפאַהר", אַז אַ סך וועלען זיך אויסבעהאַלטען. די גערירבענע דייטשע גענגסטער האָבען מיט דעם אויסנאַרען נאָך עפּעס בעצוועקט: זיי האָבען „ערלויבט" יעדען קרבן מיטצונעהמען אין דער „נייער שטאָדט" 5 קילאָ פון די וויכטיגסטע זאַכען. דאַדורך האָבען זיי געהאַט די מעגליכקייט צוצורויבען די קאָסטבאַרע חפצים, וואָס די קרבנות אַליין האָבען געהאַלטען פאַר דאָס ווערטפולסטע מיטצונעמען „אויפן וועג", און דער פוילער מערדער האָט זיך נישט בעדאַרפט בעמיהען צו זוכען. די געיאָגטע האָבען אויך נישט געטאָרט פערשליסען די טירען פון זייערע וואוינונגען, כדי די דייטשע רויבער זאָלען דערנאָך קענען אַריינקומען בעקוועם און צורויבען דאָס לעצטע וואָס איז דאָרט געבליבען.

אויפן וועג צום זאַמעל־פּלאַץ האָבען די רוצחים, אָנגעטאָן אין העלם און בעוואָפענט מיט האַנד־גראַנאַטען און אַנדערע געוועהר, זיי געשלאָגען און געיאָגט: שנעל, לאָז! פאַמיליעס האָבען זיך פערלוירען, בלוט איז גערונען, מענשען זיינען געפאַלען ווי פליגען, די בהלה איז געווען אין לשער, די קולות זיינען געגאַנגען עד לב השמים.

אָנקומענדיג אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, האָבען זיי געמוזט די געפּעק און כמעט

אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט אויף זיך, איבערגעבען. באָרוועס און האַלב־נאַקעט האָבען זיי זיך אַלע געמוזט אויסזעצען אויף דער ערד, אין בלאָטע, דאַן זיינען



יידישע מאַמעס וואַרטען אויפן טויט.



די לעבעדיגע סחורה ווערט פערלאָדען, די וואַגאָנעס פערזיגעלט.

זיי געטריבען געוואָרען אין די פיה־וואַגאָנעס. די „מאָראַלישע" דייטשען האָבען סעפּאַרירט מענער פון פרויען, דאַדורך זיינען משפחות צעריסען געוואָרען אין די לעצטע, שווערסטע שעה'ען פון זייער לעבען.

די וואַגאָנעס זיינען געוואָרען אָנגעפּאַקט מיט אַזוי פיל מענשען, אַז אַ טייל פון זיי איז דערדריקט געוואָרען נאָך איידער דער צוג האָט זיך גע־ריהרט פון אָרט. ווען עמיצער האָט געוואגט צו בעקלאָגען זיך איבער דער ענגשאַפט, האָבען די דייטשען אַריינגעוואָרפען צו די צוזאַמענגעפּרעסטע יידען נאָך עטליכע טויטע, וואָס זיינען דערשאָסען געוואָרען ווייל זיי זיינען נישט אַזוי שנעל אַרויף אין וואַגאָן. אַלץ האָט געמוזט געשעהן שנעל, אין דער גרעס־טער איילעניש. דער טויט האָט נישט געוואָלט וואַרטען.



אָבגעזאָנדערט פון זייערע מענער, בעטרעטען יידישע טעכטער דעם לויה־צוג.



איילט זיך צו, זאָגט דער דייטשער מלאך המות.

די וואַגאָן־טירען זיינען פערקלאַפּט און פערזיגעלט געוואָרען פון אַ J. V.-דייטש מיט אַ ביקס אין דער האַנד. אויסער דעם זיינען מיטגעפּאָהרען „גע־שולטע" תלינים, וואָס האָבען בעדאַרפט אַרויסהעלפען ביים „אויסלאדען".

אַזוי און נאָך ערגער האָט אויסגעזעהן דער טויטען־צוג פון אונזערע ברי־דער און שוועסטער, וואָס זיינען געשלעפּט געוואָרען אָהן נאַהרונג, אָהן וואַסער, האַלב־טויטע, צווישען טויטע, פיל טעג און אַפילו וואָכען.

די לוי' נסיעה איז נעמליך נישט געווען קיין דירעקטע. דער צוג האָט געמאַכט „סטאָפּס" אין אַנדערע שטעדט, וואו עס זיינען צוגעטשעפּעט געוואָ־רען אַנדערע וואַגאָנעס מיט פרישע לעבעדיג־טויטע סחורה. אויף די סטאַנ־ציעס פלעגען די דייטשען אַ טייל וואַגאָנעס אויפמאַכען, נישט חלילה כדי די אונגליקליכע אַביסעל וואַסער צו געבען אָדער די טויטע אַרויסצונעהמען, נאָר כדי זיך מיט די אָרימע יידען צו רייצען, און זיי צינישע ווערטער צו־צוואוואַרפען. אונטער וועגס האָבען די באַרבאַרען שוין נישט מעהר קיין מורא געהאַט פאַר קיין מרידה. איצט האָבען זיי שוין מודיע געווען, וואָס עס וועט מיט זיי געשעהן. „באַלד וועט איהר זיך זעהן מיט אייער ג־ט", „באַלד וועט מען פון אייך אַרויסנעהמען דעם פעטס". נאָכדעם ווי זיי האָבען די פער־חלש'טע נאָך מעהר געדעמוטיגט און אין זייער לעצטע ביסעל פער'סמ'טע

בלוט זיך געבאָדען, זיינען די וואַגאָנעס ווידער פערמאַכט געוואָרען און דאָס בעוועגליכע בית החיים האָט פאָרטגעזעצט די „רייזע".

פילע פון די „פאַסאַזשירען" זיינען אויפן וועג אומגעקומען. די יעניגע וואָס האָבען איבערגעהאַלטען די לוי׳־רייזע, זיינען ביים אָנקומען אויף דער לעצטער סטאַנציע שוין געווען קערפערליך און פסיכיש צעבראָכען, צע־שמעטערט, בעוואוסטלאָז, דריי פערטעל אויף יענער וועלט. עס איז שוין כמעט נישט געווען וועמען צו פערניכטען. ווען די פער־מוטשעטע זיינען אַרונטער פון די וואַגאָנעס און די דייטשע רוצחים האָבען אָנגעהויבען קאָ־מאַנדעווען און צו בעפעהלען, האָבען זיי שוין געהאַט צו טאָן מיט אַ הויפען שקעלעטען, מיט אַ מאַסע הויט און ביינער. די קעלט האָט צוזאַמענגעשמידט טאַטעס מיט זיהן, לעבעדיגע זיינען געווען צוגעבונדען צו טויטע, פערשמאַכטע מאַמעס האָבען קוים דערטראָגען זייערע צערדריקטע, דערשטיקטע, טויטע קינדער אויף די שטייפע אָרעמס. מיט אַזעלכע שאָטענס פון מענשען, מיט



אַ פאָלק ווערט געפיהרט צו דער שחיטה.



אַ קרעמאַטאָריום פונם 20טען יאָהרהונדערט.

אַזאַ קנויל פון עלענד האָבען די דייטשען שוין געהאַט אַ לייכטע אַרבייט. עס איז נישט נויטיג געווען קיין גרויסע אנשטרענגונג, די צעבראָכענע שאַר־בענס אין די גאַז־קאַמערען צו שלעפּען.

נישט אַלע האָבען געמעגט תיכף בעטרעטען די גאַז־קאַמער. די נאָך „גע־זונטע" יידען, די וואָס האָבען נאָך געזשיפּעט און זיינען געווען בכח צו ריהרען מיט אַ האַנד, האָט דער דייטש צוריקגעהאַלטען פאַר אַ ווײַלע. זיי זיינען נאָך נישט געגנוג אָבגעקומען אויף דער וועלט. די דייטשע רוצחים האָבען נאָך געהאַט פאַר זיי אַ שליחות: די פערגאַזטע יידען אין אויוון אַריינצוואַרפען. די דייטשע מפונקים האָבען זיך געמיאוסט אַזאַ אַרבייט אַליין צו טאָן. והשנית איז עס אויך געווען צו אנשטרענגענד פאַר אַ אויבערמענש, צענדליגער טויזענ־

דער מתים צו הויבען. נאכדעם ווי די לעצטע „געזונטע" יידען זיינען פערטיג געוואָרען מיט זייער לעצטער עבודה, האָבען די באַנדיטען זיי מתיר געווען, זיך זעלבסט אויך אַריינצואוואַרפען אין קרעמאַטאָריום.

שפּעטער זיינען די דייטשען נישט מעהר אַנגעוויזען געווען אויף קיי־נעמס לאַסקע. זיי האָבען נישט בעדאַרפט שענקען אַ פּאָר שעה לעבען צו „געזונטע" יידען. די פערניכטונגס־מאַשין איז וואָס אַמאָל „פערבעסערט" געוואָרען. די דייטשע טעכניק שלאָפט נישט. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ פערבינדונג צווישען דער גאַז־קאַמער און דעם פייער־גרוב, אַזוי, אַז ווען די צענעהמבאַרע פּאָדלאָגע פון דער גאַז־קאַמער האָט זיך געעפענט, זיינען די פערגאַזטע אַריינגעפאַלען דירעקט אין פייער.

די גאַז־צילינדערס און אַנדערע מכשירים פלעגען געבראַכט ווערען אין אַ אַמבולאַנס פון דייטשען רויטען קרייץ . . .

די קאָנסטרוקציע פון מאַנכע קרעמאַטאָריומס האָט עדות געזאָגט אויף די גאָר געוואלדיגע שאַרפזיניגקייט פון די דייטשע טעכניקער. זיי האָבען דעם מלאך המות אינגאַנצען מעכאַניזירט. אַלץ איז אויטאָמאַטיש דורכגעפיהרט געוואָרען. די דייטשע מערדער האָבען גאָרנישט בעדאַרפט טאָן נאָר צוצוקוקען זיך און — הנאה האָבען. די מיט יידען־פול־געפּאַקטע וואַגאָנעס זיינען די־רעקט צוגעפאָהרען צום אויווען, וואו זיי זיינען, דורך אַ דרוק ביי אַ קנאָפּ, געשטעלט געוואָרען אין אַ ווערטיקאַלע פּאָזיציע און דורך די געעפענטע טירען זיינען די צוזאַמענגעפּרעסטע קרבנות אַרונטערגעפאַלען אין דעם קרע־מאַטאָריום „ווי ערד־עפּעל פון אַ אויפגעמאַכטען זאַק".

אין בעלזעץ (ביי ראַוואַ־רוסקאַ), וואו דריי פערטעל פונ'ם גאַליציאַנער יידענטום זיינען אומגעקומען, איז דאָס פערניכטונגס־סיסטעם געווען גאָר אַ אָריגינעלער און גרויזאַמער. אנשטאָט מיט גאַז, האָט די ריזען טויט־קאַמער „געאַרבייט" מיט עלעקטריציטעט. יעדע פּאָר שעה זיינען צענדליג־טויזענדער יידען געבראַכט געוואָרען צום מאַסען עלעקטריק־טשער. דורך אַ פענסטערל פלעגען די דייטשען אַריינקוקען און זעהן ווי די קרבנות מוטשען זיך מיט דעם עלעקטרי־פיצירטען טויט, און מיט זייערע שטיינערנע, טאַטאַרישע דייטשע הערצער האָבען זיי נאָך ציניש זלזולים אַריינגעשריגען.

פון בעלזעץ ווערט ווייניגער גערעדט ווי פון אַנדערע פערניכטונגס־לאַ־גערען, ווייל דאָרט איז (אַחוץ איין ייד) קיינער נישט לעבען געבליבען. דאָס „בראַוזעבאַד"־הויז האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד. אַ באַהן־ליניע האָט זיך געצויגען פון דער סטאַנציע ביז צו דער טויטען קאַמער, די צוגען מיט די קרבנות זיינען דירעקט צוגעפאָהרען צום ליקווידירונגס־פּלאַץ. אין בעלזעץ האָט עס נישט געגעבען קיין באַראַקען, קיין וואַרטען, קיין אַנטלויפען. די דייטשען האָבען עס דאָרט געמאַכט גאָר עלעקטריש, גאָר פענאָמענאַל.

דאָס יאָהר־הונדערטע לאַנגע פּרוכטבאַרע קדושה־לעבען פון דעם גאַ־ליצישען יידענטום איז אין בעלזעץ אַזוי טראַגיש און אַזוי שרעקליך פער־ענדיגט געוואָרען. דאָרט האָבען די מיינסטע פון אונזערע טייערסטע, פון אונזערע צדיקים און גאונים, אונזערע הייליגע און גרויסע, זייערע ריינע נשמות אויף גאָר אַ גרוילינען אופן אויסגעהויכט. די ברידער און שוועס־טער, די תלמידים און לייבליכע קינדער, די ווירדיגע נאָכקומען און גייסטיגע יורשים פון די גדולי גאַליציען, וואָס האָבען בעלויכטען די גאַנצע יידישע וועלט: רמ״א, סמ״ע, ב״ח, טו״ז, ש״ך, פמ״ג, תבואות שור, חו״ד, מעשי ה׳, מגיני שלמה, מגלה עמוקות, רבי ר׳ העשיל, תוס״י, מאיר נתיבים, ר׳ חיים כהן רפאפורט, נו״ב; נועם אלימלך, ר״י דראהביטשער, רבי ר׳ שמעלקא, הפלאה, ר״מ רימאנאווער, ראפשיצער רב, מאור ושמש, בני יששכר, רצ״ה זידיטשויבער, בעלזער רב, ר״י ריזינער, ר״א סטרעליסקער, רבי ר׳ הירש, רמ״ל סאַסאָווער, ר״מ פּרעמישלאַנער, דברי חיים; ר״ז מרגליות, קצות, פנ״י, דע״ק, רש״ק, ישועות יעקב, מפרשי הים, מנ״ח, חסל״א, בית לוי, בית יצחק, מהרש״ם, הרי בשמים, ברכת יצחק (אַלטשטעטער גאון), מחזה אברהם, ר״י ענגיל, ר״מ אראק וכו׳, האָבען אין בעלזעץ אָבגעשלאָסען זייער שאַפּענרייך לעבען, זייער עבודת הקודש אויף דער וועלט.

## יידען אַלס שקלאַפען.

דער גרעסטער טייל פון די טויטען־לאַגערען איז אָבער נישט געווען אַזוי טעכניש פערפולקאָמט. עס איז נישט קיין צייט געווען, איבעראַל די דאָזיגע „פערבעסערונגען״ פאַרצונעהמען. נישט אַלע האָבען געקענט אַזוי גיך „מאָדערניזירט״ ווערען. סוף כל סוף האָט אַ גאַנץ פאַלק געמוזט פערניכטעט ווערען און וואָס שנעלער, די צייט האָט געדרענגט און די „אַרבייט״ איז גע־ווען אַ גרויסע. זיינען די דייטשען געווען אָנגעוויזען אויף יידישע „הילף״. זיי האָבען בעדאַרפט „געזונטע״ יידען זאָלען שלעפען פערגאַזטע צום פער־ברענען, זאָלען אַרויסרייסען די גאָלדענע צייהן פון טויטע און לעבעדיגע יידען, זיי זאָלען סאָרטירען די קליידער, אָבוואַשען דאָס בלוט, אַוועקפיהרען דאָס אַש, רייניגען די קרעמאַטאָריומס א. א. וו.. עס איז נישט אַזוי לייכט געווען די ליקווידירטע צו ליקווידירען.

די דייטשע קריגס־מאַשין האָט זיך אויך גענוטיגט אין אַרבייטס־הענד בכלל און אין בחנמ׳דיגע יידישע שקלאַפען בפרט. דאָס וואָס קיין שום דייטש און אַפילו קיין שום אַנדערער שקלאַפען־אַרבייטער קען לייסטען, טוט אַ ייד גערן, ווי נאָר מען לאָזט איהם לעבען. איהם קען מען איינשפּאַנען אין דער שווערסטער עבודה; אַ ייד אַרבייט בייטאָג און ביינאַכט, איהם דאַרף



יידישע שקלאַפּען ביי דער אַרבייט.

מען נישט געבען קיין געלעגער, אַ ייד איז גענוג צו געבען אַ שטיקעל פער־שימעלט ברויט מיט וואַסער, און אַפילו דאָס אויך נישט.

אַי געזונטע יידען זיינען דאָך אויך יידען, ווי מעג מען זיי לאָזען אויף דעם עולם? דערויף האָט דער דייטש געהאַט אַ תירוץ: זאָרגט אייך נישט, דאָס איז נאָר אַ חיי שעה, אויב די יידישע קנעכט וועלען אויסהאַלטען דעם הונגער, די שווערע אַרבייט און די מכות רצח, וואָס די דייטשע וועכטער דערלאַנגען זיי בשעת דער אַרבייט, אויב זיי וועלען נישט ממילא אויסשטאַרבען, איז דאָך היטלער אַ פיהרער, האָט נאָך דער דייטש אַ ביקס און די ערד איז גרויס און טיף, — עס איז דאָ וואָס מיט זיי צו טאָן.

אַזוי איז ענטשטאַנען נעבען דער גאַז־ און עלעקטרישער קאַמער אַ מין אַרבייט־קאַמער. הונדערטער טויזענטער יידען זיינען דורך די זעעליש־דע־פרימירענדע אַרבייטען אין די טויטען־לאַגערען און ביי שווערער אַרבייט אין די קריגס־פאַבריקען צו גרונד־געגאַנגען.

אַ ייד, וועלכער האָט פערבראַכט אַ לאַנגע צייט אין אַ אַרבייטסלאַגער האָט מיר ערצעהלט, אַז אַ דייטשער פאַרמער איז אַ מאָל אַריינגעקומען אין דעם קעמפּ און האָט זיך געווענדעט צום קאָמאַנדאַנט מיט פאָלגענדע ווער־טער: איך דאַרף האָבען 150 הינד. דער קאָמאַנדאַנט האָט שוין פערשטאַנען וואָס ער מיינט, ער האָט גלייך אבגעציילט 150 יידען און זיי זיינען שנעל



יעקב׳ס „געצעלטען״ אין עשו׳ס לעבענסרוים.

געטריבען געוואָרען צו אַ פערד־וואַגאָן, וואָס האָט זיי געבראַכט אין דעם פאַרמער׳ס פעלד.

די „סעלעקציעס״.

כדי צו געפינען געזונטע, אַרבייטס־פעהיגע יידען, וואָס זאָלען נוצליך און ראוי זיין עקספּלאָאַטירט צו ווערען דורך די דייטשען, האָט מען געמוזט מאַכען „סעלעקציעס״. נאָך דעם אָנקומען פון אַ צוג מיט יידען, איז אין דעם טויטען־לאַגער פעראַנשטאַלטעט געוואָרען אַ מוסטערונג. אַ אויסגע־פרעסענער דייטש מיט אַ ציגאַר אין פיסק איז זיך געזעסען, און כנסת ישראל פון אייראָפּע איז פאַר איהם פאַרבייגעפיהרט געוואָרען. דער דייטש האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין קרבן און אַ קורצע בעוועגונג געמאַכט מיט זיין גראָבען פינגער. האָט ער געוויזען רעכטס, איז עס געווען אַ טויט־אורטייל, און דער ייד איז זאָפאָרט געשלעפּט געוואָרען אין דער גאַז־קאַמער, האָט דער פינגער



אַ סעלעקציע.

געוויזען לינקס, איז דער ייד געגומען געוואָרען צו שקלאַפען אַרבייט. דער פינגער־ריכטער האָט זיך גאָרנישט אָנגעשטרענגט, ער האָט אַפילו נישט בעדאַרפט אויפמאַכען דאָס מויל, ער האָט נישט געמאַכט קיין פּראָצעס, ער האָט אַפילו רעכט נישט אָנגעקוקט די מענשען, איבער וועמענס לעבען און טויט זיין פינגער האָט געאורטיילט. ער האָט זייערע נעמען נישט געוואוסט און אַ מינוט פריהער האָט ער זיי נישט געקענט. ער האָט ענטשידען איבער הונדערטער טויזענטער דורך אַ דרעה מיט זיין פינגער!

„אַ קינד איז אַ זעלטענהייט צווישען די דיספּלייסד פּערסאָנס, ווייל די פערניכטונג פון די קינדער איז געווען אַ "high Nazi priority" (ריכטער ריווקינד אין זיין בעריכט נאָך זיין אַהיימקומען פון דייטשלאַנד).

טאָמער האָבען זיך געפונען אין דעם טראַנספּאָרט עטליכע קליינע קינדער, האָבען די דייטשען זיי אַפילו נישט צוגעשיקט צום סעלעקטאָר. עס האָט זיך נישט געלוינט וועגען אַ יידיש קינד אַ מאַך צו טאָן מיטן פינגער. דאָס יידישע קינד, וואָס איז געווען פון תחילת אָן דאָס ערשטע קרבן פון דעם דייטשען רוצח, האָט געמוזט גלייך פערניכטעט ווערען. ווי באַלד אַ יידישע מאַמע האָט געהאַט מיט זיך אַ קינד, האָט דאָס שוין בעדייטעט אַ טויט־אורטייל, אַפילו ווען זי איז געווען נאָך אַזוי יונג, געזונט און אַרבייטס־קרעפטיג.

די איינצעלע טראַגעדיעס, וואָס האָבען זיך אבגעשפּילט אין די ראַהמען

פון דער גרויסער אַלגעמיינער טראַגעדיע, זיינען אַ קאַפּיטעל פאַר זיך. יידישע טעכטער פלעגען אַוועקרייסען קינדער פון זייערע מאַמעס, אום די מוטערס צו רעטען, זיי האָבען זיך געוואָלט אָנגעבען אַלס די מוטערס, כדי די ריכטיגע מוטערס זאָלען בלייבען לעבען, אָבער די אמת׳ע מאַמעס האָבען נישט גע־לאָזט. „ניין! איך בין די מאַמע, הרג׳עט מיך!״ האָבען זיי אויסגערופען. עס איז קאָנקורירט געוואָרען מיט זעלבסטלאָזיגקייט און מסירת נפש אונטער די יידישע טעכטער.

די אַהנונגסלאָזע האָבען זיך געפרעהט, ווען דער פינגער האָט געוויזען אויף לינקס. זיי האָבען נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ לעבען עס שטעהט זיי פאַר. און אַפילו די וואָס האָבען יאָ פערשטאַנען, זיינען געווען גליקליך מיט דער מאָמענטאַנער לעבענס־פערלענגערונג, אַ געמוטשעט לעבען איז אויך אַ לעבען, און אפשר וועט אינצעווישען קומען די ישועה, dum spiro, spero.

זיי האָבען אָבער גלייך איינגעזעהן, אַז זיי האָבען געהאַט אַ טעות און האָבען בעדויערט, וואָס דער פינגער האָט אויך זיי באַלד ביים אָנקומען נישט אָנגעדייטעט דעם באַלדיגען טויט. דער איינגעבוירענער דראַנג צום לעבען און דאָס רעליגיעזע געבאָט, האָט זיי אָבגעהאַלטען פון בעגעהן זעלבסטמאָרד, מאבד עצמם לדעת צו זיין. פלעגען זיי בעטען די דייטשע פייניגער: הרג׳עט אונז, מאַכט אַ סוף צו אונזערע יסורים! דערויף האָבען די רוצחים געענט־פערט: די צייט וועלען מיר וועהלען און איבער די אַרט פונ׳ם טויט וועלען מיר ענטשיידען!

די סעלעקטירטע מענשען האָבען געמוזט טראָגען שטראָף־אוניפאָרמען, ווי פערברעכער. גיבט עס דען אַ גרעסער פערברעכען, ווי נישט צו זיין אַ דייטשער מערדער?

זיי זיינען געצייכענט און נומערירט געוואָרען דורך איינקריצונגען אין דער הויט, ווי די בהמות־הענדלער טוען עס מיט זייער סחורה.

אינמיטען דער נאַכט פלעגען די דייטשע אויסוואורפען זיך אַריינכאַפּען אין די לאַגער־צעלען, אַרויסשלעפען די אָנגעצעהרטע שקלאַפען פון זייערע אָרימע געלעגערס און זיי אַזוי לאַנג שלאָגען, ביז אַ צאָהל פון זיי זיינען אַנידערגעפאַלען. ערשט דאָס זיפצען און די גסיסה־קרעכצען פון די אונ־גליקליכע האָט די רוצחים בערוהיגט און זיי פערשאַפט דעם געווינשטען גענוס.

דאָס זעלבע האָבען דייטשע פרויען־וועכטערינס געטאָן אין די פרויען־צעלען מיט יידישע טעכטער.

פאַרטאָגס האָבען זיי געהאַט „אַפּעלס״, שעה׳ענלאַנג האָבען זיי געמוזט שטעהן האַלב נאַקעט אין דער גרעסטער קעלט און זיך נישט געטאָרט ריהרען פון אָרט. איינער איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַרן אַנדערען. ווען איינער



בערג מיט מתים.

האָט געפּעהלט ביים „אַפּעל״, זיינען צעהן צעלען־גענאָסען אויפגעהאַנגען געוואָרען.

בעת זייערע ברידער זיינען געפיהרט געוואָרען אין די גאַז־קאַמערען זיינען זיי פון די דייטשע סאַדיסטען געצוואונגען געוואָרען צו זינגען און צו שפּילען לוסטיגע מאַרשען.

זיי האָבען געמוזט אַריינשיקען אין די קרעמאַטאָריומס די פערגאַזטע קערפּערס פון זייערע נאָהענטסטע קרובים און סאָרטירען די קליידער פון זייערע אייגענע קינדער.

אַ יונגערמאַן, וואָס האָט „געאַרבייט״ אין אָשוויענטשים, האָט מיר דער־ציילט, אַז ווען ער האָט בעמערקט צווישען די פערגאַזטע זיין אייגען עלף־יעהריגען יונגעלע, איז ער אַ ווײַלע שטעהן־געבליבען און האָט עס בע־טראַכט, ער האָט זיין קינד געוואָלט אַביסעל לענגער אָנקוקען און די בלוט־פלעקען פון זיינע הענטעלעך אַרומוואַשען; גלייך איז צוגעקומען דער דייטשער אויפזעהער און האָט איהם געשלאָגען איבערן קאָפּ, פאַרוואָס ער האַלט זיך אַזוי לאַנג אויף. דער אָרימער טאַטע האָט תיכף געמוזט מיט די אייגענע הענד אַריינוואַרפען זיין קינד אין קרעמאַטאָריום.

פון איינעם פון די „געזונטע״ יידען, אַ בעקאַנטער רב, האָב איך געהערט אַז איינמאָל איז געבראַכט געוואָרען אַ טראַנספּאָרט מיט דרייסיג טויזענד קינ־דער, און אַזוי ווי אין יענע טעג איז דאָס גאַז אויסגעגאַנגען, זיינען די קינדער לעבעדיגערהייט פערברענט געוואָרען. די „געזונטע״ יידען האָבען דאַן גע־מוזט האַקען מיט אייזענס אויף די פערקוילטע קינדער, דערמיט זייערע ביינער זאָלען צעברעקעלט ווערען.

טיילמאָל זיינען אין איין טאָג פופציג טויזענד יידען פערגאַזט געוואָרען. די יידען־שקלאַפען האָבען דאַן געהאַט „אַרבייט״ גאַנצע 24 שעה אין טאָג.

עס איז דעריבער צו פערשטעהן, אַז זיי זיינען געווען צופרידען, ווען די דייטשע מערדער האָבען געמאַכט אַ פרישע „סעלעקציע״ פון די נייע טראַנס־פּאָרטען, „בעפרייענדיג״ די אַלטע פון זייער אונמענשליכער אַרבייט. די ליק־ווידירער פון די ליקווידירטע זיינען אויך ליקווידירט געוואָרען און נייע יידישע שקלאַפען האָבען איבערגענומען זייער „דינסט״.

## יידען אין מערות.

אַ ספּעציעל מערטירריום האָבען געהאַט אויסצושטעהן די „בעהאַלטענע״ יידען. די ערשטע אויסזידלונגען האָבען זיך נאָך אבגעוויקעלט „כשורה״. די יידען האָבען זיך געלאָזט איינריידען, אַז מען פיהרט זיי איבער אין אַנ־דערע שטעדט. עס האָט דאָך קיינעם נישט געקענט איינפאַלען, אַז דאָס מיינט



אַ שקלאַפּען־אַרבייטער ברעכט צוזאַמען.

אויסזידלונג פון לעבען. די דייטשע באַנדיטען האָבען ביי די ערשטע אַק־ציעס געצוואונגען די אויסגעזידעלטע יידען, פאַר דער פערגאַזונג צו שרייבען צו זייערע בעקאַנטע אין דער היים, אַז עס געהט זיי דאָ זייער גוט, זיי האָבען פון כל טוב. דערמיט האָבען די מערדער בעווירקט, אַז אויך די קומענדיגע אויסזידלונגען זיינען רוהיג אַריבער, אָהן דער מינדעסטער אָנשטרענגונג מצד די דייטשע באַנדיטען.

מיט דער צייט זיינען די איבערגעבליבענע יידען דאָך געוואָרען אונרוהיג, עס האָבען זיך וואָס אַמאָל מעהר סימפּטאָמען געוויזען, וואָס האָבען אָנגע־דייטעט דעם ביטערען אמת, אַז די אויסגעזידעלטע ווערען אומגעבראַכט. זיי האָבען אָנגעהויבען זיך אויסצובעהאַלטען, צו פערשטעקען זיך. זיי האָבען זיך אויסגעגראָבען לעבעדיגע קברים, בונקערס, לעכער, היילען אונטער דער ערד, און האָבען דאָרט געפיהרט אַ חיי צער, אַ לעבען וואָס איז ערגער ווי דאָס לעבען פון אַ מויז. אָבער אויך אַזאַ איינזעקטען־דאָ־זיין האָבען די

דייטשען זיי נישט פערגונען. אין דער „נאַכט פון די לאַנגע מעסער", האָט קיין איינציגער פון די „מצות־פרעסער" נישט־געטאָרט לעבען בלייבען, אַפילו אונטער דער ערד. בחורים ובסדקים האָבען די דייטשען געזוכט בעהאַלטענע יידען. איבעראַל, וואו די אין בלוט־איינגעטונקענע דייטשע פאָהן האָט גע־וועהט, ד. ה. כמעט אויפן גאַנצען אייראָפּעאישען קאָנטינענט, איז ענטשטאַ־נען אַ יאַגד נאָך יידען, איבער וועלכע די דייטשען האָבען נאָך געוואָלט מקיים זיין מצות ביעור. פרייזען זיינען בעשטימט געוואָרען פאַר יידישע קעפּ: פאַר יעדען געכאַפּטען ייד אַ פלאַש בראנפען און הונדערט מאַרק. דאָס האָבען די היימישע פּאָליאַקען, רוטענער, אונגאַרן, ליטווינער און אַנדערע גוי'שע אויס־ווארפען גאַר געלאָקט. אַ חוץ בעפרידיגונג פונם פּערזענליכען האַס האָבען זיי פאַר זיך געזעהן אַ מאַטעריעלען נוצען, צו מסר'ן, צו העלפען כאַפּען די פער־באָרגענע היילען־איינוואוינער. אַ נייע פּרנסה איז ענטשטאַנען פאַר די מיט די דייטשען גייסטיג־פערוואנדטע פערברעכער פון אַנדערע פעלקער. ביי איין גע־פונענעם ייד האָבען עטליכע גוים פערדינט. דער וואָס האָט גע'מסר'ט, דער וואָס האָט אַרויסגעהאָלפען, דער וואָס האָט דעם געכאַפּטען ייד צוריקגע־שלעפּט צו די דייטשען, יעדער האָט געקראָגען בעצאָהלט פאַר זיין „לייסטונג", איינער די בעשטימטע פּרעמיע, אַ צווייטער דעם ייד'ס קליידער, אַ דריי־טער ציגאַרעטען. קיין שום גוי האָט נישט דערלייגט צו דעם געשעפט. די גוים האָבען מיט אַמאָל ענטדעקט אַז זיי טויגען אויך צו דער סוחר'ריי, נישט נאָר די יידישע הענדלער. דער מסחר מיט יידיש בלוט האָט אויך פּראָ־ספּערירט אויף פערשידענע אַנדערע אופנים. אַזוי פלעגען יידען צוקומען צו היימישע גוים מיט דער בקשה, ביי זיי צוצונעהמען די שמוק און דאָס גאַנצע געלד, דערפאַר זאָל זיי ערלויבט זיין זיך ביי זיי אין קעהלער אויסצובעהאַלטען, אָדער ערגעץ־וואו אין אַ פינסטערען קעמערל פונ'ם בוידעם. דער גוי האָט צוגענומען די ווערט־זאַכען און גלייך דערנאָך אויסגעליפערט די יידען צום דייטש, אָדער זיי פלעגען אַליין דורכפיהרען די „ליקווידאַציע", אום נישט צו דאַרפען געבען דעם דייטשען מערדער־ברודער אַ חלק פונ'ם יידישען פער־מעגען.

דער דאָזיגער פאַקט מאַכט אונז פערשטענדליך, פאַרוואָס מרדכי און אסתר האָבען יעדעס מאָל בעטאָנט, אַז המנ'ס בעפעהל האָט ענטהאַלטען די גזרה: „ושללם לבוז". לכאורה איז דאָך נישט קיין נפקא מינה וואָס עס וועט פאַסירען מיטן פערמעגען פון די נהרגים, נאָר די כוונה דערפון איז, אַז ווען המן וואָלט נישט הפקר געמאַכט דאָס יידישע אייגענטום, וואָלטען זיך אפשר געפונען מאַנכע בירגער, וואָס וואָלטען נישט קאָאָפּערירט מיט דער מאָרד־גזרה און אפשר זאָגאַר רעוואָלטירט געגען איהר, אָבער דורך דעם ושללם לבוז האָט זיך המן געזיכערט די מיטאַרבייט פון יעדען גוי.

נעבען דער הילף פון די צוויי־פיסיגע פוילישע, אוקראַאינישע, ליט־ווישע און אַנדערע מענשליכע בעסטיעס, האָבען די דייטשען זיך אויך בע־נוצט מיט פיר־פיסיגע חיות. בייסיגע שפיר־הינט זיינען פערוועַנדעט געוואָ־רען, אויסצוניאכען בעהאַלטענע יידען פון זייערע פערשטעקונגען, און ווען אַ בונקער מיט יידען איז ענטדעקט געוואָרען, האָבען די דייטשען דאָרט אַריינ־געשפריצט שוועבעל און אַנדערע גיפט־שטאָפען ביז די בעהאַלטענע האָבען געמוזט פערלאָזען זייערע לעכער.



אַ בונקער ווערט ענטדעקט.

אַזוי אַרום האָבען די דייטשען אויסגענוצט אַלע סאָרטען חיות. זיי האָבען קאָנצענטרירט אַלע כחות, פערלעגט אַלע זייערע תאוות און אַמביציעס אויף איין ציל: דעם יידישען שטאַם אויסצורייסען מיטן וואָרצעל, אָבצומעקען גאַנצע משפחות, אבצואווישען גאַנצע שבטים.

דער דייטש פיהרט אַ רעקאָרד איבער דעם רויב.

ווי דער אופן פון דער עקסטערמינירונג זאָל נישט האָבען געווען, האָבען אַלע מיתות משונות געהאַט דאָס געמיינזאַמע, אַז די קרבנות זיינען גרינדליך אויסגענוצט און פערווערטעט געוואָרען פאַר דער דייטשער ווירטשאַפט. איי־דער אַ ייד איז עקזעקוטירט געוואָרען האָט ער זיך געמוזט אויסטאָן, ווייל די דייטשען האָבען בעדאַרפט זיינע שיך און קליידונג. די יידישע מיידלעך זיינען

אבגעשוירען געוואָרען, ווייל דער דייטש האָט זיך געניטיגט אין די האָר. די גאָלדענע ציין זיינען אַרויסגעריסען געוואָרען (זעהר אָפט ווען די קרבנות האָבען נאָך געזשיפּעט), ווייל דער דייטשער שד האָט דרינגענד געניטיגט זיך אין גאָלד. די קנאכען און דאָס שמאלץ פון די געדערים האָבען די דייטשען פערוועגדעט פאַר זייף און צו מיסטיגען די פעלדער. אַ טייל פון די געפונענע גאָלדענע ציין זיינען מיט אַ קורצער צייט צוריק פערקויפט געוואָרען אין לאָנדאָן צום פּרייז פון 728.000 דאלאר.

די יידישע שקלאַפען האָבען געמוזט סאָרטירען הויזען צו הויזען, שיך צו שיך, האָר צו האָר. דאָס אַלעס איז דערנאָך געשיקט געוואָרען אין דייטשען פאַטערלאַנד, מיט גענויע בעריכטען פון די ליקווידירער. די בערלינער צענטראַלע איז יעדעס מאָל גענוי אינפאָרמירט געוואָרען איבער דעם מצב פון דער פערניכטונג און איבער דער גרויס פון דעם רויב.

„די דייטשען האָבען אָרגאַניזירט רויב און פּלינדערונג אויף אַ אָפיציעלע ווייזע, פּונקט ווי זיי האָבען אַלעס אָרגאַניזאַטאָריש דורכגעמאַכט. דאַן האָבען זיי צונויפגעשטעלט פּינקטליכע בעריכטען, כדי צו צייגען, אַז זיי האָבען דורכגעפיהרט די פּלינדערונג אויף דעם מעגליכסט בעסטען אופן“ (ריכטער דזשעקסאָן אין זיין רעדע אין נירענבערג).



נאַקעט און באָרוועס פאַרן אָפענעם גרוב.



שיך און קליידער פון ערמאָרדעטע יידען.



דער דייטש פיהרט אַ גענויען חשבון, די וועלט רעכענט איהם נישט נאָך...

דער דייטשער קאָמענדאַנט פון וואַרשא יאָמערט אין זיין בעריכט, וואָס ער האָט געשיקט קיין בערלין, נאָך דער ערשטער אויסזידלונג פונ׳ם וואַרשעווער געטאָ: „דער יודענראַט האָט אונז בעטראָגען, ער פלעגט נעמליך ביי אונז קויפען לעבענס־מיטלען פאַר אַ האַלבען מיליאָן יידען, אָבער ביי דער ליקווידירונג האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז געווען פיל ווייניגער ווי די אָנגעגעבענע צאָהל״. די בעסטיע איז בע׳גנב׳עט, בע׳גזל׳ט געוואָרען, אַ אונרעכט איז געשעהן, נישט מצד די דייטשע מערדער, נאָר מצד די ערמאָרדעטע יידען, דערמיט וואָס זיי האָבען עווענטועל אויסגענאַרט אַ הוספה צו דער הונגער פּאָרציע וואָס דער דייטשער באַנדיט האָט זיי צוגעטיילט און פאַר וועלכע זיי האָבען געהאַט בעצאָהלט מיט גוט געלד. אַ יידיש קינד האָט פאַרן טויט אַ שטיקעל ברויט מעהר געגעסען, ווי דער דייטש האָט איהם ערלויבט, ווי דער רוצח האָט איהם בעוויליגט, די קרבנות האָבען זיך פאַר דער שחיטה צופיל אָנגעגעסען, דאָס קען דער אויסגענאַרטער דייטשער אומברענגער דעם „פאַלשען״ אומגעבראַכטען ייד נישט מוחל זיין. אי, אפשר איז די ציפער געווען אַ ריכטיגע, נאָר בעת דער אויסזידלונג איז די צאָהל פון אַ האַלבען מיליאָן דורך די דייטשע רוצחים רעדוצירט געוואָרען, ווייל די דייטשען האָבען געהאַט אַ מנהג, אַ טייל יידען אויסצושיסען אויפן וועג צום אומשלאגס־פּלאַץ (כדי דורכדעם צו וואַרפען אַ אימה אויף די אַנדערע, זיי זאָלען שנעלער לויפען און נאָך מעהר זיי צוצוטומלען)? ניין, דער בעשווינדעלטער דייטש זוכט נישט קיין זכות דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך אום פערברעכערישע יידישע שווינדלער.

### דער דייטשער מתים־שענדער.

אויך צווישען די געמיינסטע פערברעכער גיבט עס פערשידענע סאָרטען און קאַטעגאָריעס, אויך צווישען די גאָר נידעריגע גיבט עס נאָך אונטערשידען און גראַדען. אָבער דער דייטשער מאַסענמערדער איז געזונקען ביז צו דער טיפסטער מדרגה. אַ נידעריגערע שטופע איז שוין אין שאול תחתית נישט פאַראַן. דער דייטשער לומפּ האָט געשלאָגען דעם רעקאָרד פאַר אַלע צייטען. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין גרויזאַמקייט, קיין בעסטיאַליטעט, קיין שאַנדטאַט, וואָס ער זאָל נישט האָבען בעגאַנגען. ער האָט ביי זיינע אונשולדיגע קרבנות צוגענומען נישט בלויז יעדע מענשליכע ווירדע, ער האָט זיי נישט בלויז בערויבט, געפּייניגט, פערניכטעט זייערע גייסטיגע אוצרות, צעשטערט זייערע קולטור־בנינים; ער האָט זיך נישט בעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט זיי עוקר מן השורש געווען און נישט איבערגעלאָזט קיין שריד ופליט פון זייער הויזגעזינד, נאָר ער האָט אַפילו אַוועקגע׳גזל׳ט פון זיי די פּרימיטיווע

ד׳ אמות, צו וועלכע יעדעס מענשליכע בעשאַף איז בערעכטיגט — דאָס שטי־קעל קבר. אין אַש האָט ער זיי פערוואַנדעלט, שטויב האָט ער פון זיי גע־מאַכט, זעקס מיליאָן בליהענדע לעבענס זיינען פערשניטען געוואָרען און שפורלאָז פערשוואונדען. די לופט איז זייער ברודער־קבר, די ביטערע וועלט זייער בית־החיים, די אונריינע ערד, וואָס האָט מיט לוסט אין זיך איינגעזאפט אַזוי פיל ריין, כשר יידיש בלוט, איז זייער רוה־פּלאַץ.

אַ פאָלק וואָס טרעט מיט די פיס אויף די הייליגקייט פון לעבען, האָט נישט קיין פיעטעט פאַר שוכני עפר. אַ פאָלק, וואָס מאַכט דאָס טויטען די לעבעדיגע אַלס זיין אויפגאַבע, שטעלט זיך נישט אב ביי די טויטע. נישט נאָר זעקס מיליאָן לעבעדיגע יידען האָט דער דייטשער מאַסענמערדער פער־טיליגט פון דער וועלט, אויך אַלטע קברים פון הונדערטער יאָהרען האָט ער אויפגעאַקערט און אויסגעליידיגט. דער דייטשער מתים־שענדער האָט אַרויס־געוואָרפען די עצמות פון אונזערע הייליגע, און מיט די עהרווירדיגע מצבות האָט ער גאַסען געפלאַסטערט. דערביי האָט דער טויטען־גזלן נישט פער־געסען די גאָלדענע ציין פון די מתים צו זאַמלען. אַזוי האָבען די טמאים פער־שוועכט אונזערע הייליגע ערטער, די ציונים פון אונזערע גרויסע און חרוב געמאַכט אונזערע מערות המכפלות, די קברים פון אונזערע אבות ואמהות. צוזאַמען מיט די לעבעדיגע האָט דער שונא אונז אַוועקגערויבט אויך אונזערע צדיקים, וואָס האָבען אונז געהאַט „איבערגעלאָזט לעבען״.

אַמאָל, ווען די דייטשען זיינען נאָך נישט געווען אַזוי געבילדעט און



אַרויסגעריסענע מצבות.

ציוויליזירט, ווען זיי האָבען געוואָלט מאַכען אַ גרוש, האָבען די יידישע פּיה־רער צו זיי געזאָגט: „מיר וועלען געהן, אָבער גיט אונז מיט די קברים פון אונזערע עלטערען!” דערויף איז די גזרה צוריקגעצויגען געוואָרען. איין אונזערע טעג אָבער, האָט דער דייטש טאַקע די קברים מיטגעגעבען . . . ער האָט די יידען בעזייטיגט נישט בלויז מתחת השמים, נאָר אויך מתחת הארץ. פון אונטער דער ערד האָט ער זיי אַרויסגעקאָפּעט.

דער דייטש פּעראייביגט זיין שאַנדע.

דאָס וויניגע וואָס איז אונז בעקאַנט פון דעם, וואָס האָט זיך אָבגעשפּילט אין דעם דייטשען גיהנם, פּערדאַנקען מיר דער שארית הפּליטה, דעם קליי־נעם רעשט פון דער שרעקליכער שרפה, וואָס האָט בדרך נס איבערגעלעבט די דייטשע אכזריות. אַ סך פון דעם מאַטעריאַל שטאַמט דירעקט פון דייטשע קוועלען. דער אומשטאַנד, וואָס די דייטשען האָבען געמאַכט אויפצייכנונגען און בילדער פון זייערע „העלדענטאַטען”, האָבען דערצו בייגעטראָגען, אַז אַ טייל פון זייערע שאַנדטאַטען זיינען דערהאַלטען געוואָרען פאַר דער נאָכ־וועלט. זיי האָבען זיך אַליין פערשריבען אין דעם שוואַרצעסטען בוך פון דער מענשהייטס־געשיכטע, מיט אייגענע הענד האָבען זיי גע׳חתמ׳עט דעם אורטייל, וואָס שטעמפּעלט זיי אַלס פאָלק פון מערדער, און פיהרט זיי אַריין אין דער געשיכטע אַלס דאָס ברוטאַלסטע פאָלק פון אַלע צייטען, פאַר אַלע צייטען, לדראון עולם.

די דייטשע לוסט־מערדער האָבען זיך נישט בעגנוגענט מיט דעם פּער־געניגען, וואָס זיי האָבען געהאַט בשעת מעשה. זיי האָבען געוואָלט פעסט־האַלטען די „אַנגענעהמע” סצענעס פאַר שפּעטער. זיי האָבען געוואָלט רע־פּראָדוצירען און פּעראייביגען זייערע נצחונות איבער שוואַכע הילפלאָזע זקנים, זייערע זיגען איבער קליינע וועהרלאָזע קינדער. אין דער עראינערונג אָן די „שעהנע צייטען” האָבען זיי זיך געוואָלט ווידען, אינ׳ם „גייסט” זייערע מאָרד־תענוגים רעקאַפּיטולירען, און נאָכאַמאָל דורכלעבען דעם אי־דילישען אָנבליק פון אָבגעהאַקטע קינדער־קעפּלעך. מהאי טעמא האָבען זיי די גרויזאַמע האַנדלונגען פערצייכענט, פּראָטאָקאָלירט און פאָטאָגראַפירט.

בעת זיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד אין מאַי 1945, האָט דער רע־פּובליקאַנער קאָנגרעסמאַן ל. וו. האָלל געזאָגט: „זאָגאָר די בילדער קענען נישט צייגען די גאַנצע גרויזאַמקייט און געפאַלענקייט פון אַ פאָלק, וואָס האָט בעהאַנדעלט מענשליכע וועזענס אויף אַזאַ אופן, ווי די דייטשען האָבען גע־מוטשעט זייערע קרבנות”. פּחד, פערצווייפלונג, אַנגסט איבער דאָס לעבען פון די נאָהנטע, דאָס זיינען אימפּאָנדעראַביליען, וואָס קענען נישט פאָטאָ־

גראַפירט ווערען, טויט־שרעק, דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די הער־צער פון די אונגליקליכע, קען נישט פראַטאָקאָלירט ווערען. אונפאָרשטעל־באַר, אונפאַסבאַר זיינען געווען די ענויים קשים פון אונזערע קדושים אין זייער לאַנגער עת צרה, און דער בלויזער פרואוו, זייער מצב צו דערגריינדען, וואָלט פערשוועכט די גלאָריע פון אַ מאַרטירױם, וואָס האָט נישט זיינס גלייכען. קען זיך עמיצער מאַכען אַ פאָרשטעלונג פון דעם געמיטס־צושטאַנד פון אַ יונגען פאַמיליען־פאָטער, וואָס האָט שוין ביי פריהערדיגע „אַקציעס" פער־



דער דייטש שעפּט נחת פון זיין „ווערק".

לוירען זיין פאָטער און מוטער, זיינע געשוויסטער און אַלע קרובים, איהם איז געלונגען זיך אויסצובעהאַלטען אין אַ בונקער צוזאַמען מיט זיין ווייב און קליינע קינדער. זיינען זיי דאָך „גליקליך״, איז אָבער אויסגעגאַנגען דאָס פּראָוויאַנט, די קינדער בעטען אַ שטיקעל ברויט, זיי ווערען געפּרוירען פון קעלט און גייען צו גרונד פאַר פייכטקייט. עלטערען מוזען דאָס צוזעהן און קענען נישט העלפען. זיי בערוהיגען די קינדער מיט רייד און בעטען, נישט הויך צו רעדען, די גוים זאָלען נישט הערען. איינס פון די קינדער ווערט אויסגעלייזט, עס שטאַרבט אב, דער טאַטע ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט דעם טויטען קינד, אַרויסוואַרפען עס קען ער נישט, דאָ לאָזען עס טאָר ער נישט, שוין פאַלט דאָס צווייטע קינד אַוועק, עס איז נישטאָ מיט וואָס צו ראַטעווען, און דאָס ווייטערע קענט איהר אייך אויך — נישט פאָרשטעלען.

אַזעלכע סצענעס האָבען זיך אָבגעשפּילט יעדע מינוט און יעדע שעה אין טאָג, יעדען טאָג און יעדע נאַכט, אין יעדער יידישער שטאָדט, אין יעדער יידישער שטוב, אין יעדען מויז־לאָך, אין יעדען קעלער, וואו אַ ייד איז געווען בעהאַלטען.

דער חטאת לאומים.

אין זיין בוך "Germany in Defeat" שרייבט פּערסי נוט: „ווען איך האָב אינספּיצירט בוכענוואַלד, האָב איך געצווייפעלט, אויב די מענשהייט איז ווערט די לופט וואָס זי אָטעמט״.

געוויס, אונזער איבּיגער האַס און פעראַכטונג ריכטעט זיך געגען דעם דייטשען מערדער־פאָלק. אָבער אונזער פאָרוואורף און כעס איז געווענדעט אויך צו דער איבעריגער וועלט, צו דער וועלט, וואָס האָט זיך בעדעקט מיט שאַנד דורך איהר פערביסען שווייגען, דורך איהר פּאַסיוויטעט און אַפּאַטיע. נישט נאָר דאָס אונמיטעלבאַרע מערדער־פאָלק, וואָס האָט די מאַסען־שחיטות אינסצענירט, אַלע פעלקער האָבען זיך אין אייביגען שמאַך איינגעהילט. יאָהרען לאַנג האָבען זיי געהערט אַ פאָלק זינגען אַ נאַציאָנאַלען אָפיציעלען הימן: „ווען דאָס יודען־בלוט שפּריצט פאָם מעססער, מאַרשירט זיכ׳ס בעסער״. זיי האָבען געהערט די העכסטע בעאַמטע פון דעם דייטשען שטאַט אויפרייצען צו האַס און אויפפאָדערען צו מאָרד געגען אַ שוצלאָזע מינדערהייט; זיי האָבען געהערט אַ דייטשען רייכסמיניסטער — לעי — אויסרופען: „מיר שווערען, נישט פריהער דעם קאַמף אויפצוגעבען, ביז דער לעצטער יוד אין אייראָפּע וועט זיין אויסגעראָטעט און פאַקטיש טויט, עס איז נישט גענוג דעם יודישען פיינד פון דער מענשהייט צו איזאָלירען, דער יוד מוז פערניכטעט ווערען״; זיי האָבען געהערט דעם פיהרער פון דער דייטשער מלוכה כסדר רעדען

וועגען דער פערניכטונג פון אייראָפּעאישען יידענטום, זיי האָבען דאָס אַלעס געהערט און האָבען פער׳עקשנ׳ט געשוויגען. זיי האָבען אַרויסגעוויזען גרויסע ביבלישע בעוואונדערטהייט מיט זייער טענה: השומר אחי אנכי? דאָס איז די טיפּישע שאלה׳דיגע תשובה פון — קין. ווייל ווער עס איז נישט קיין שומר, דער איז ממילא אַ רוצח. שטילשווייגען אין אַנבליק פון אַ מאָרד הייסט אויך מסכים זיין צום מאָרד. דאָס גרויסע פעלקער־שווייגען איז געווען גלייך צו אַ פעלקער־פערשווערונג. עס איז פאַראַן אַ זעהר ביליגע מעדיצין, אַ בעקוועם מיטעל ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון איינעם, וואָס איז נישט אַזוי צום האַרצען. עס הייסט שטומקייט, זיך נישט וויסענדיג מאַכען אין אַ צייט ווען ער גע־פינט זיך אין אַ מצודה, ווען ער איז פערוויקעלט אין אַ נישט־גלייכען קאַמף מיט אַ מעכטיגען. מען קוקט זיך צו, און מען מישט זיך נישט, מען בלייבט נייטראַל און מען וואַרט אָב דעם פון פאָראויס זיכערען אויסגאַנג. ווען מו־סאָליני האָט בעשלאָסען זיין לאַנג־יעהריגען פריינד שושניג צו לאָזען פאַלען, האָט ער גענומען אַ שפּאַציר אין די בערג און האָט זיך געהאַלטען אינקאָמוני־קאַדאָ. דאָס זעלבע האָבען די פעלקער אָנגעווענדעט לגבי די יידען, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין די לאַפּעס פון דער דייטשער פּוריע.

יאָהרען לאַנג האָבען מיר געבעטען רחמים און אַלאַרמירט די וועלט, עפּעס אונטערצונעהמען לטובת די פערפאָלגטע יידען, עס האָט גאָרנישט געהאָלפען. אונזער אַלאַרם האָט נישט דערגרייכט די אויערען פון דער שוער־העריגער, האַרטהערציגער וועלט. זי האָט זיך נישט געלאָזט דערבעטען. גאַנץ אונטעטיג זיינען זיי נישט געווען, די פעלקער האָבען רעאַגירט אויף אונ־זערע רופען: מיט אויפהענגען גרויסע שלעסער אויף די טויערן פון זייערע לענדער, מיט פערווייגערונג פון אַ אַלט אינטערנאַציאָנאַל רעכט, דאָס אזיל־רעכט פאַר פערפאָלגטע. די פעלקער זיינען נישט געריהרט געוואָרען פון דעם געוויין פון יידישע קינדער, זייערע טרערען זיינען נישט ערנסט גענומען געוואָרען, זייערע קלאַגען האָט מען נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט און קיין גלויבען. די יידען איבערטרייבען, עס איז נישט אַזוי שלעכט, האָבען די נאַציאָנען געטראַכט. עס איז בעקוועמער, איינפאַכער און ביליגער, אַזוי צו מיינען.

דערמאָהנען מיר זיך אין דעם כראָנאָלאָגישען סדר פון דער יידישער פאָלקס־טראַגעדיע און אין דעם אָרט פון דער האַנדלונג. נישט אין אַ פער־וואָרפענעם ערד־טייל, נישט אין אַ אור־וואַלד, נישט אונטער די ווילדע האָט זיך דאָס טרויערשפּיל אָבגעוויקעלט. ניין, דער שוי־פּלאַץ פון אונזער דראַמאַ איז געווען דער אייראָפּעאישער רוים, די ציוויליזירטע זאָנע פון מערב־לאַנד. די ערשטע אַקטען זיינען פאָרגעקומען אין דעם קולטורעל הויך־ענטוויקעלטען דייטשלאַנד; אין דער התחלה, ד. ה. אין די ערשטע 5־6 יאָהר, האָבען אַלע

פראָגרעסיווע שטאַטען דאָרט געהאַט זייערע פערטרעטער און בעאָבאַכטער. די צושויערשאַפט האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע פעלקער אויף דעם ערד־קוגעל. אָבער עס וואָלט געווען אַ טעות, די נישט־דייטשע פעלקער בלויז אַלס צושויער צו בעצייכענען. אויך אַלס דאַרשטעלער זיינען זיי אויפגעטראָטען. עס איז נישטאָ דאָס שפּיל, וואָס זאָל קענען פון איין פיגור אַליין דורכגעפיהרט ווערען. עס מוזען אויך אַנדערע מיטווירקען. אַ העלד, — אַפילו נאָך אַזאַ טרויערריגער — ענטשטעהט נישט פון זיך זעלבסט. ער מוז האָבען אַ סצענעריע, אַ סביבה, וואָס געשטאַלטען און פאָרמען איהם, וואָס ערמוטיגען, טרייבען און דרענגען איהם צו זיין ראָלע. אָהן דער בעטייליגונג פון אַנדערע קען ער אַפילו קיין איין סצענע נישט אויספיהרען. די פעלקער האָבען נישט בלויז דעם ראהמען געבאָטען, זיי האָבען אויך צווישען זיך פערשידענע ראָלען, שטומע און אַקטיווע, פערטיילט און די זעלבע אָפט געטוישט צווישען זיך. אַלע האָבען זיי בייגעטראָגען צו דעם שוידערהאַפטען דראמא, גלייכגילטיג צי דורך ברוטאַלע מיטהילף, אָדער דורך דעקאָראַטיוו שווייגען. צו דעם אַלגעמיינעם בילד פון דער טראַגעדיע האָט עס זיך געפּאַסט, אַז כך וכך הילפס־פעהיגע מיטגלידער פון דעם אַנסאַמבעל זאָלען אַלס געפּרוירענע פיגורען ערשיינען, זיך צוריקהאַלטען און צוריקציהען אין דעם מאָמענט, ווען דער ליידענדער העלד שלאָגט אויס זיין לעצטען קאַמף. זייער שטומקייט מאַכט דאָס שפּיל שפּאַנענדער, אויפרעגענדער, ד. ה. ערפאָלגרייכער. דורך זייער שווייגען האָבען די פעלקער דאָס דראַמא נאָכמעהר דראַמאַטיזירט, די שפּיל־צייט פערלענגערט, די ביהנע אויסגעשפּרייט, פערברייטערט, און געמאַכט די גאַנצע יבשה און אַלע ימים צו איין גרויסען שוי־פּלאַץ פאַר אַ וועלט־אומ־פאַסענדע טראַגעדיע.

מיר רופען אין עראינערונג די ערשטע רעלאַטיוו „גוטע" בילדער און אויפטריטען, די ערשטע „גליקליכע" יאָהרען פון דער טראַגעדיע, די צייט ווען דער דייטש האָט נאָך נישט געהאַט אויפגעבויט זיינע מזבחות אין מאַידאַנעק, טרעבלינקא, בעלזעץ און אַשוויענטשים, ווען קין האָט זיך נאָך נישט גענומען מקיים צו זיין מצות מאסענמאָרד. דאַמאָלט, אין די „שעהנע" יאָהרען, ווען יעקב איז פון עשו „בלויז" אויסגעפּלינדערט און נאָר מאַנכעס מאָל „אויף דער פלוכט דערשאָסען" געוואָרען; דאַמאָלט אין דער גאָלדענער ערא, ווען יידען זיינען נאָך געווען אין דער „גינסטיגער" לאַגע, אַרויפצולייגען דאָס פּעקעל אויף דעם געבויגענעם רוקען און זיך אַרויסצולאָזען אויף דער וואַנדערשאַפט, אין דער „וועלט" אַריין. ביי נאַכט און נעבעל, איבער שטאָק און שטיין, האָבען זיי געצויגען פון לאַנד צו לאַנד? — חלילה, די „וועלט" האָט זיך אַנטקעגענגעשטעלט דעם וואַנדערער שטראָם, די פעלקער האָבען זיך געוועהרט געגען דער יידישער „אינוואַזיע", געגען דער פאָלקס־וואַנדע־

רונג. בלויז פון גרעניץ ביז גרעניץ זיינען זיי — געדרענגט געוואָרען. צוויי־שען צוויי שטאַנגען, צווישען צוויי גרעניצען, אויף קיינעמס לאַנד זיינען זיי געשטאַנען. סגור ומסוגר זיינען די לענדער געווען, מיט גאַנץ גערינגע אויסנאַהמען האָבען אַלע פאַר זיי די טויערען פערמאַכט. אַ פאָלק איז גע־טריבען געוואָרען, און עס איז נישט געווען קיין וואוהין. איין לאַנד האָבען זיי געמוזט פערלאָזען, דאָס אַנדערע האָבען זיי נישט געטאָרט בעטרעטען; איין גוי האָט פון זיי געוואָלט לויז ווערען, דער אַנדערער האָט זיי נישט געוואָלט לאָזען פאַר די אויגען.

דער יידישער פליט האָט געמעגט זיין אַ פארנעהמער מענש, אונבעפלעקט און כשר וישר, דאָס האָט די גרעניץ־וועכטער נישט אינטערעסירט. וואָס איז דען די נפקא מינה? דער אַנטלויפער האָט געמעגט וויינען און חלש׳ן, דאָס האָט דעם טויער־היטער נישט געריהרט. עס גענוגט דער פאַקט, אַז דער וואגלער שטאַמט פון אַזעלכע אבות, וואָס האָבען די וועלט ענטוויינט פון טיערדינעריי, פון בעטען צום שטויב פון דער ערד; פון אבות, וואָס האָבען איהר געגעבען אַ מאָנאָטעאיזם, די ביבעל און נאָך אַזעלכע מתנה׳לעך. ווער זאָגט דען, אַז אָהן די דאָזיגע געשאַנקען וואָלט די „וועלט״ נישט גע־קענט קיין קיום האָבען? שלחתי? בקשתי? אפשר וואָלט גאָר עשו אָהן דעם מאָראַלישען קלאַפּאָט נאָך מעהר טעם עולם הזה געפיהלט. והא ראי׳: אַזוי אָפט ווי אַ פאָלק טרייסעלט זיך אָב פון די עטישע קייטען, געהט עס איהם אונפערגלייכליך בעסער. ער קען אונגעשטערט ראַבעווען, מאָרדען און טאָן אַלץ וואָס זיין „האַרץ״ בעגעהרט. אויך דעם פליט׳ס עווענטועלע נוצליכקייט פאַרן לאַנד, זיינע פערזענליכע קוואַליפיקאַציעס און אייגענשאַפטען שפּילען נישט קיין ראָלע; מאסגעבענד איז די טאַטזאַך, אַז ער איז אַ קינד פון אברהם, דעם פאָטער פון גאַסט־פריינדשאַפט. דער מידער וואַנדערער קען קלאַפּען ביז מאָרגען אין דער טיר פון דעם פרעמדען לאַנד, דער גוי׳שער שומר ציינט איהם די פלייצע.

וואָלט ישראל נאָך דעם פערלוסט פון זיין אייגענער אונאבהענגיקייט אונטערגעגאַנגען לויטן מוסטער פון פיל אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען אין גלות נישט מוציא־שנתם געווען, וואָלטען די אומות אויסגעזעצט פּרייזען כדי זיינע שפּורען אויסצוגעפינען, זיין לעבענסשטייגער און בעשאַפענקייט צו דער־פאָרשען*). דער זעלבער וועכטער וואָלט אויפגעהויבען דעם גרעניץ־באַלקען דורכצולאָזען אַ עקספּעדיציע פון וויסענשאַפטס־לייט, וואָס לאָזען זיך אַרויס

*) זעה אויך הקדמה פון ר׳ ראובן כהן רפּאַפּורט צום ס׳ זכר החיים, דרושי ר׳ חיים כהן; (פערגל׳ דאַצו העבבעל׳ס „מיכעל אַנגעלאָ״).

אין דער וועלט זוכען אַ פּיצעלע פאַרמעט, אַ שורה׳לע שריפט, אַ שטיינדעל, וואָס זאָל עפּעס דערצעהלען פון דעם אַלטען פאָלק.

אָבער אַזוי ווי דער ייד האָט דאָס וואונדער בעוויזען, טראָץ דער באָ־דענלאָזיגקייט און צערשטרייאונג, טראָץ רדיפות און גרושים, ווייטער צו עקזיסטירען, יאָ, זאָגאַר צווישען די פאָהן־טרעגער פון דער קולטור צו פיגו־רירען, מוז ער צווישען די גרעניץ־שטאַנגען צו גרונד־געהן.

אין בעצוג צו אַנטיפּאַטיע און אָרגאַנאַנץ צו דעם יידישען נע־ונד׳ניק, זיינען אַלע שטאַטען, ביי אַלע זייערע אונאיבערבריקבארע חילוקי דעות, איי־ניג געווען. אין דער בעציהונג וועניגסטענס זיינען נישט געווען קיין מיי־נונגס־פערשידענהייטען. אין דער הינזיכט איז דער חלום פון אַ וועלט־האַרמאָ־ניע אַ רעאַליטעט געוואָרען. אָבער דער טרוימער און קעמפער פון פעלקער־פערברידערונג איז דאָס אָפּפער פון אָט דער טיילוויייזער אייניגקייט. דער טרוימער פון פרעמדע חלומות, דער וואָס האָט מיט זיין האַרץ־בלוט די מענשהייט געוואָלט בעגליקען, שטעהט פאַר דער ניכטערער, האַרטער ווירק־ליכקייט און ווערט פון איהר צעריבען. דער נרדף מוז צוריק צום גיהנם, פון וואַנען ער איז קוים ענטלאָפען. די וועלט, וועלכער מיר האָבען געלערענט איהרע קינדער נישט צו אָפּפערען צום מולך, האָט אונז בנוגע איהרע אייגענע קינדער געפאָלגט. אָבער די קינדער פון איהרע לעהרער האָט זי, אַלס דאַנק, דעם פייער־שפייענדען דייטשען מולך אויסגעליפערט.

מיט אַ וואַריאַציע פון רוסאָ׳ס אַ וואָרט, קען געזאָגט ווערען, אַז דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ צוים ביי זיין גרעניץ און די פער־פאָלגטע נישט אַריינגעלאָזט, וואָלט בעדאַרפען אונטערגעהן.

לויט מד״ר פכ״ב האָט זיך אָנגעפאַנגען קינ׳ס מאָרד מיט דעם סטייטמענט וואָס ער האָט געמאַכט צו הבל: „ארעא דאת קאים עלי׳, דידי.״

אונזערע חכמים בעמערקען צו דעם פּסוק ויקח ה״א עפר מן האדמה, מכאן שצבר הקב״ה עפר מארבע פינות העולם וברא את האדם. דער מיין דערפון איז, אַז דער גאַנצער קאָסמאָס איז דער געבורטס־אָרט פון מענש, און איבעראל וואו ער איז, געפינט ער זיך אויף זיין באָדען.

עשו׳ס חכמים האָבען געזאָגט, אַז דער ייד איז איבעראל, וואו ער גע־פינט זיך, אַ פרעמדער, אַ אונגעווינשענער פרעמדער. און מעג די פער־ווייגערונג פון הכנסת אורחים פאַר איהם בעדייטען אומקום, ווועלען מיר איהם דאָך נישט אַריינלאָזען.

די אומות העולם האָבען פערקלאַפּט די טירען פאַר דעם פערפאָלגטען, און האָבען זיך נישט געקימערט וועגען זיין גורל. זיי האָבען זיך אבגעזאָגט פון יעדער אינטערווענץ לטובת די אונגליקליכע און האָבען גאָרנישט אונטערגע־נומען, צו פערמיידען דאָס דראָהענדע אונגליק. ווער שמועסט ווען עס איז גע־

קומען דאָס גאַז־קאַמער־צייטאַלטער, האָבען זיך די נישט־דייטשע פעלקער בעטראַכט אַלס צדיקים דורך דער בלויזער טאַטזאַך, וואָס זיי וואַרגען נישט יידישע קינדער מיט אייגענע הענד. דאָ און דאָרט האָבען די בעסטע צווישען זיי פּראָטעסטירט, בשפה רפה, אָהן נאָכדרוק, יוצא צו זיין. ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום די פּראַנצויזישע משכנות, ביים דראָהענדען געברויך פון גאַז געגען די רוסען, אָדער נאָך מעשה לידיצע, זיינען געברויכט געוואָרען וואַזש־נע רייד, בעגלייט מיט דראָהונגען וועגען רעפּרעסיעס, דאָס האָט דייטשלאַנד פּערשטאַנען און געפאָלגט. אָבער פאַר די געפאַנגענע יידען איז קיינמאָל נישט געפאַלען דאָס וואָרט משכון אָדער נקמה. ווען עס איז שוין געגאַנגען גאָר הויך, האָבען זיי אָנגעקינדיגט אַ הלכתא למשיחא, אַז נאָכן קריג וועלען זיי די דייטשען בעשטראָפען, און ווי וויט אַזעלכע סטראַשונקעס זיינען ערנסט צו נעהמען, האָבען די ערפאַהרענע באַנדיטען נאָך געדענקט פון דער ערשטער מלחמה. די גרעיבענע דייטשען האָבען געוואוסט מבחין צו זיין צווישען אמת׳ער ענטריסטונג און אויבערפלעכליכע, שאַבלאָנענהאַפטע ערקלערונגען, צווישען אננעמען און אָננעמען.

ביי אַביסעל גוטען ווילען, וואָלטען די פעלקער געקענט דורך דיפּלאָ־מאַטישע קאַנאַלען, מיט דער הילף פון נייטראַלע לענדער, אָדער דורך דראָהען מיט רעפּרעסיעס, פיל דערגרייכען. אָבער דער רצון האָט גע־פעהלט. פאַר יידען און ציגיינער האָט קיינער נישט געוואָלט אַריינטאָן די האַנד אין קאַלטען וואַסער. די וועלט־פערבעסערער און פאָרטשריטלער האָבען, ווי לויט אַ אינטערנאַציאָנאַלען קאָמפּלאָט, יידיש בלוט ערקלערט פאַר הפקר. זיי האָבען רוהיג צוגעקוקט, ווי די דייטשע בעסטיע פערציקט מיליאָנען מענ־שען, און האָבען זיך נישט וויסענדיג געמאַכט. פונקט ווי אַלע דייטשען זיינען אונטערשידסלאָז איין פאַלק פון מערדער, אַזוי זיינען אין דער שטילער פער־שווערונג געגען די יידען אַלע פעלקער, אַלע רעליגיעס און פּאַרטייען, אַלע לענדער, פון יעדער מלוכה־פאָרם און יעדער סאָציאַלער סטרוקטור געווען איין וועלט. פון דעם פּוילישען און אוקראַאינישען מאב ביז צום בעאַמטען אינ׳ם וואַשינגטאָנער סטייט דעפּאַרטמענט, האָט זיך געצויגען איין רויטער פאָדעם פון מיטשולד אין דעם אונערהערטען בלוט־באָד.

ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט ישראל צו בעדרענגען, האָט אויפגעהערט דער ברודער־צוויסט אין הויז פון עמלק. שבע ועשרים ומאה מדינה, דאָס פערזער רייך איז בעשטאַנען אויס 127 פעלקער. אַליין קרבנות פון אימפּע־ריאַליזם, אונטערדריקטע, בערויבטע פון פרייהייט, פעלקער וואָס האָבען זיך איינער מיט דעם אַנדערען נישט פערטראַגען, אָבער אין דער שנאה צו יידען זיינען זיי אַלע געווען אייניג, אַזיער און אַפריקאַנער, בעדריקער און בעדריקטע. די פיינדשאַפט צו יידען איז די אדהעזיאָן, וואָס האָט זיי אַלע

צוזאַמענגעהאַלטען. יידען האָס איז דער צד השוה׳ שבהם. אין דער שטרעבונג להשמיד, להרוג ולאבד את כל היהודים האָבען זיך אַלע צוזאַמענגעטראָפען. איבער יידישע קברים האָבען זיך אַלע די הענד געגעבען, מדינה ומדינה, עם ועם. פּאָליאַקען און אוקראַאינער, ליטווינער און לעטען, אַליין שקלאַפען פון דייטשען מערדער, שטעהענדיג אויפן צעטעל אַלס די נעכסטע צו פער־ניכטונג, אין דעם ענין יידען־האַס זיינען זיי געווען גלייך מיטן דייטשען בעדריקער. אַלע טראַדיציאָנעלע שונאי ישראל, די פאָלקס־גענאָסען פון די קרייצציגלער, די לאַנדס־לייט פון האַלער און כמיעלניצקי, די עפּיגאָנען פון פּרעה, טאָרקוועמאַדא, און די אייניקלעך פון די אַלמאָהאדען, אַלע האָבען זיי אויסגעגאָסען זייער צאָרן אויף דעם ביסעל יידען. איין פאָלק האָט גע־שאָכטען און געשאָסען, אַ צווייטס האָט זיך אויסגעצייכענט אין נאָכיאָגען און אויסגעבען; דער בייטראג פון איין פאָלק איז בעשטאַנען אין נישט אַריינ־לאָזען, אַ אַנדערס האָט נישט דורכגעלאָזט, און ווידער אַנדערע האָבען זיך שולדיג געמאַכט דורך זייער אונפערצייהליכער גלייכגילטיגקייט.

די פראַנצויזען בעהויפּטען, אַז דער גראַד־מעסטער פון דער קולטור פון אַ פאָלק איז דער פערברויך פון זייף. וואָס מעהר זייף אַ לאַנד פערברויכט, אַלץ העכער איז זיין קולטור־צושטאַנד. אין דער צייט, ווען עס איז געמאַכט געוואָרען זייף אויס דעם פעטס פון יידישע קערפּערס, אין דער צייט איז אָבגעמאָסטען געוואָרען די זיטליכע מדרגה פון יעדען פאָלק. די פעלקער־פאַמיליע האָט געוואַשען איהרע ידי עשו מיט יידישען זייף. אויף דער ערשטער שטופע פון דער נידעריגקייטס־סקאַלע איז געשטאַנען דאָס דייטשע מערדער־פאָלק. דאַן קומען די איבעריגע „קולטור״־פעלקער, יעדעס ענטשפּרעכענד זיין אַקטיווען אָדער פאַסיווען אָנטייל ביי דער פאַבריצירונג פון יידישען זייף.

## די קאַטוילישע וועלט.

„ווען עס וועט אַמאָל געשריבען ווערען די געשיכטע פון דעם דאָזיגען דונקעלען פּעריאָד און עס וועט דערצעהלט ווערען דאָס זינקען פון אַזאַ גרויסען טייל פון אייראָפּע אין די באַרבאַריי, וועלען די אַנדערע נאַציאָנען אין דער גרעסטער מאָס בעאורטיילט ווערען לויט דער האַלטונג, וואָס זיי האָבען אָנגענומען לגבי די קרבנות״. דאָס האָט געשריבען דאָך קופער אין אַפּריל 1939, ווען די יידישע נויט איז נאָך נישט געווען אַזוי גרויס אין פער־גלייך צו די דימענזיאָנען, וואָס זי האָט אָנגענומען אין די שפּעטערע יאָהרען.

די האַלטונג פון די פעלקער און רעליגיאָנס־געמיינשאַפטען אין די שחיטה יאָהרען זאָלען דאָ דורך עטליכע פאַקטען און קורצע שטריכען אָנ־געדייטעט ווערען.

אַ שווערע שולד האָבען אויף זיך געלאַדען די קאַטוילּיקען פון די פער־שידענע לענדער. לא די זיי האָבען די פערפאָלגטע יידען נישט אין שוץ גענומען, האָבען זיי נאָך דורך מסירות געלייסטעט הענקער־דינסט דעם דייטש.

ווען מיין שוואָגער הגה״ק ר׳ יהושע אייכענשטיין זצ״ל, הי״ד, מזידיטשוב האָט זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון דעם גראַסוואַרדיינער געטאָ, איז איהם אַ אונגאַרישער קאַטוילישער גלח נאָכגעלאָפען, ער האָט איהם געכאַפּט ביי דער האַנד און איהם איבערגעגעבען צו די מערדער.

די פּוילישע און אוקראַאינישע גייסטליכע האָבען געלאָזט קלינגען די גלאָקען פון זייערע קירכען בעת די יידישע בעפעלקערונג איז אַרויסגעפיהרט געוואָרען נאַקעט און באָרוועס, אונטער קלעפּ און שלעג פון די שטעדטלעך. זיי האָבען בעפוילען זייערע „גלויביגע״, דעם טאָג אַלס חגא צו פּייערען און פעסט־קליידער אָנצוטאָן.

זיי האָבען געהאַנדעלט אין הסכם מיט זייער טראַדיציע, לויטן רעצעפּט פון זייערע יעזואיטישע פּאַרלויפער. האָט דאָך די קאַטוילישע קירכע בע־דעקט איהר וועג דורך דער וועלט מיט יידישע מתים, זיינען דאָך די פרומע קאַטוילּיקען געווען די ערשטע איינצופיהרען געלע לאַטעס, געטאָס, שייטער־הויפענס, די ערשטע צו פערשפּרייטען בלוט־בלבולים און צו פעראַנשטאַל־טען יידען־פערפאָלגונגען.

ווען די דייטשע גוים, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אַזוי פיל „קינדער״ פונ׳ם וואַטיקאַן, האָבען אויסגעשאָכטען זעקס מיליאָן יידען, האָט מען נישט געהערט, אַז דער פּויבסט זאָל אויסאיבען זיין איינפלוס ביי די מאסגעבענדע רויבער־הויפּטלינגע, אבצושטעלען די הריגות; מען האָט נישט געהערט אַז ער זאָל האָבען אויפגעטרייסעלט די קריסטליכע וועלט מיט זיין ענטריסטונג, אַז עס געשעהט עפּעס, וואָס די מענשהייט האָט עס נאָך נישט ערלעבט. מען האָט נישט געהערט, ער זאָל האָבען אפּעלירט ווענינגסטענס צו די קאַטוילישע דייטשען, פּאָליאַקען, א. א. וו., זיי זאָלען די יידען נישט פּיי־ניגען און זיך נישט בעטייליגען אין דעם אויסראַטונגס־פעלד־צוג געגען דעם ביבעל־פאָלק. ניין, גאָרנישט האָט דער פאָטער פון די קריסטען געטאָן, די קינדער פון זיין גלויבען צוריקצוהאַלטען פון מאסענמאָרד. דער פּויבסט האָט געהאַלטען אין איין שווייגען.

אָבער ווען עס איז געפאַלען אין 1943 אַ באָמבע אין רוים, דאָ איז דער פּויבסט אַרויסגעלאָפען אין די גאַסען פון דער שטאָדט אַ אויפגערעגטער, אַ צערודערטער, אַ דערשראָקענער, אַ פערצווייפעלטער, ער האָט אויפגעהויבען די הענד און געבענשט די יעניגע, וואָס האָבען ערשט נישט לאַנג געוואָרפען

מיט גאָלדענע רינגען, כדי די פאַשיסטישע שוואַרץ־העמדלער זאָלן קענען בעוואָרפן די אַבעסיניער מיט באָמבעס.

אין אַ מאָמענט, ווען צעהנער טויזענטער אַלטע שוהלען האָבן געברענט, ווען ספרי תורה זיינען געשענדעט געוואָרען, ווען ישיבה־געביידעס זיינען צוזאַמען מיט די תלמידים אויפגעגאַנגען אין פייער, האָט דער פויבסט לאַ־מענטירט: „וואָס מיר האָבן מורא געהאַט, איז איינגעטראָטען, דאָס וואָס מיר האָבן פאָראויסגעזעהן, איז אַ ביטערער אמת געוואָרען: איינע פון די בעריהמטע באַזיליקען, די פון סאַן לאָרענצאָ, פערעהרט פון אַלע קאַטוילִיקען, צוליב איהרע אַנטיקע עראינערונגען, איז יעצט טיילוויז צעשטערט!״

„בעמענדיג אין אַכט דעם שטרענגען אורטייל וואָס די קינפטיגע גענע־ראַציאָנען וועלן אַרויסטראָגען איבער יענע (דערמיט מיינט ער די אַליאירטע, נישט די דייטשען), וואָס צעשטערען אַלץ, וואָס דאַרף געשוינט ווערען, ווייל עס ענטהאַלט די רייכטימער און דעם רוהם פון דער גאַנצער מענשהייט און דעם פאָרטשריט פון אַלע פעלקער, האָבן מיר אַלץ מעגליכע געטאָן, אַז אונזער געליבט, ערהאבען רוים זאָל פערשפּאָרט ווערען דער גרויל״. — אַזוי האָט דער פויבסט גערעדט, ווען די אַליאירטע האָבן, על פי טעות, אַרונטער־געלאָזט אַ באָמבע אויף רוים. פאַרוואָס האָט ער נישט געלאָזט צוגלייך פאַלען אַ פּאָר שאַרפע ווערטער איבער די ווערגער פון יידישע קינדער, איבער די שענדער פון יידישע טעכטער, איבער דער דעמאָלירונג פון די לעבעדיגע באַזיליקען, וואָס איז אין דער זעלבער צייט אָנגעגאַנגען אין פּולסטען שוואונג און אונטער דירעקטער בעטייליגונג פון זיינע רעליגיאָנס־ברידער? אמת, ווען אַ פּאָר רוימישע יידען האָבן בעוויזען זיך אַריינצוכאַפּען אינ׳ם פּויבסטליכען געביט, האָט מען זיי נישט אַרויסגעוואָרפען, אָבער וואָס איז דער קליינער זשעסט לגבי דעם, וואָס דער וואַטיקאַן האָט בעדאַרפט אָנצואווענדען אין אַזאַ הימעל־שרייענדער מענשענשעכטעריי?

דאָס שטרענג קאַטוילישע אירלאַנד האָט נישט קיין איינציגען פליט איבער די שוועל געלאָזט, אָבער ווען דער מאָנסטער היטלער האָט איינגע־נומען אַ מיתה־משונה, האָט דער פרומער דע־וואַלעראַ (אין 2־טען מאַי 1945) בכבודו ובעצמו בעזוכט די דייטשע אַמבאַסאַדע אין דובלין אום פערזענליך אויסצודריקען זיין גרויסען צער איבער דעם שווערען פערלוסט, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט ערליטען.

נאָך דעם בעסטיאַלישען קיעלצער פּאָגראָם, וואָס איז געמאַכט געוואָרען איבער די פּאָר איבערגעבליבענע יידען נאָכן דייטשען מבול, האָט דער ערצ־בישאָף הלאָנד די מערדער רעכט געגעבען.

געשוויגען האָט אויך דער פויבסט צו דער בעהאַנדלונג פון יידען נאָכן קריג, געשוויגען צו דעם סקאַנדאַל אַרום די מיט יידען פול געפּאַקטע שיפ־

לעד, געשוויגען ווען נומערירטע יידען זיינען געשלאָגען געוואָרען, ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרען שוויגענדיג. רעדעוודיג איז ער נאָר געוואָרען, ווען דאָס וואוילזיין פון די בעזיגטע אקס־מלוכות איז געשטאַנען אין קאָן.

ווען פיר יונגע יידען זיינען אין ארץ־ישראל אין איין טאָג אויפגעהאַנגען געוואָרען, ווייל זיי האָבען נישט געקענט צוקוקען ווי מען פערשפּארט יידישע יתומים דעם וועג צום לאַנד פון זייער לעצטער האָפנונג, האָט דער וואַטיקאַן דאַרין נישט געזעהן קיין גרונד צו לאָזען פאַלען אַ וואָרט. דער צופאַל האָט עס געוואָלט, אַז אין דער זעלבער וואָך איז דער סלאָוואַקישער גלח טיסאָ, צוליב זיינע מאַסענמאָרדען און געמיינע פערברעכענס, צו זיין גערעכטער שטראָף צוגעפיהרט געוואָרען; דאָ האָט זיך שוין דער וואַטיקאַן נישט גע־קענט בעהערשען. ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם געמיינעם מערדער׳ס „פּריס־טערליכען כאַראַקטער, וועלכער איז אימער הייליג, אפילו אין עמיצען, וואָס איז שולדיג״, און האָט מסיים געווען, אַז „ביי אַלע גלויביגע וועט די פער־אורטיילונג אַרויסרופען שמערץ״ (לייט־אַרטיקעל פון „אָסערוואַטאָרע ראָמאַ־נאָ״, 18־טען אַפּריל 1947). מיט אַנדערע ווערטער, די צעהנער טויזענטער סלאָוואַקישע יידען, וואָס זיינען דורך טיסאָ אין אַ „בעסערער וועלט״ גע־שיקט געוואָרען, האָבען נישט געהאַט קיין אורזאַך צו קלאַגען, ווייל זייער אומברענגער האָט געהאַט אַ „פּריסטערליכען כאַראַקטער״. דער פּריסטער־ליכער כאַראַקטער זאָל האָבען געווען די ענטשעדיגונג פאַר זייער קוועלפּולען טויט.

## דער אַסט־מערקישער גאון.

די בעטראַכטונג איבער די דייטשען און דייטשלאַנד, בעציהען זיך נאַ־טירליך אויך אויף די דייטש־עסטרייכער, אויף דעם קאַטוילישען עסטרייך. די עסטרייכער זיינען נישט קיין פּנים חדשות אויף דעם געביט פון אַנטי־סעמיטיזם. יאָהרהונדערטער איידער דער נאַציזם איז ענטשטאַנען, האָבען זיי שוין געאַרבייט לויט דעם נאַצישען קאָנצעפּט. נאָך דעם וויענער גרוש האָבען זיי פערוואַנדעלט די בתי כנסיות אין קלויסטערס, און נאָך היינט קען מען לעזען ביים איינגאַנג פון דער קירך אין דער פּאַררגאַס די אויפשריפט אין דער לאַטיינישער שפּראַך: אויף דעם פּלאַץ איז אַ רויבער־הייל אומגע־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ גאָטעס הויז.

עסטרייך איז דאָס געבורטסלאַנד פון דעם אבי־אבות הטומאה היטלער. אָבער אין דעם ענין יידענהאַס איז שיקעלגרובער נישט געווען קיין ממזר. ער איז נישט געווען דער ערשטער אין דעם פאַך. דער באָדען, אויף וועלכען ער האָט נישט געזאָלט דערלעבען אויפצושפּראָצען, איז שוין לאַנג געווען

בעזייט און בעוואקסען מיט גיפטיגע גרעזער. יאָהר־צענדליגער פאַר איהם האָט עס געגעבען אַ לועגער, אַ שענערער, אַ קריסטליך־סאָציאַלע און אַ אַלדייטשע פאַרטיי. נישט ווייניג האָס האָט אין דער פאַר־היטלערישער צייט פערשפרייט דער קאַטוילישער אַרבייטער־פיהרער קונשאק, וואָס איז היינט פרעזידענט פון דעם „דעמאָקראַטישען" עסטרייכישען פאַרלאַמענט. אונטער שושניג האָט דער קריסטליך־סאָציאַלער וויענער וויצע־בירגערמייסטער קרע־סע געעפענט אַ „ווערבעשוי" פונם עסטרייכישען געווערבעבונד, ווען מעס פאַ־ראַלע האָט געלויטעט: „קריסטען, קויפט ביי קריסטען!"

שוין לאַנג זיינען די עסטרייכישע יידען געווען אויסגעשלאָסען פון די מיינסטע בערופס־צווייגען. אַ ייד האָט קיינמאָל נישט געקענט פערנעהמען אַ עפענטליכען אַמט. די וויענער שטאָדט־געמיינדע האָט אַפילו אַ יידישען גאַ־סען־קעהרער נישט צוגעלאָזט. דער עסטרייכישער טוריסטען־פעראיין האָט פילע יאָהרען פאַר היטלער׳ן איינגעפיהרט דעם אַריער־פאַראַגראַף.

ווען די נאַצישע מגפה האָט אַרומגעכאַפּט די דייטשען אין רייך, האָבען זיך זייערע עסטרייכישע ברידער נישט מעהר געקענט צוריקהאַלטען. ווי הינט אויף די קייטען האָבען זיי זיך געריסען צום רייך. עס האָט אין זיי געקאָכט און געזידט, וואָס שנעלער זיך צו פערשמעלצען מיט די רייכסדייטשע פאָלקס־און געזינונגס גענאָסען, וואָס גיכער צו האָבען די מעגליכקייט, אויף יידען צו טרעטען. ענדליך האָבען זיי עס דורכגעזעצט. זיי האָבען זיך פעראייניגט אין איין רייך אונטער איין פיהרער.

וואָרד פּרייז (ער איז ווערט זיין פּרייז), דער ענגלישער בעוואונדערער און שטענדיגער טראַבאַנט פון היטלער, האָט דעם אָבער־ממזר בעגלייט אין זיין טריומף צוג קיין עסטרייך. אין לינץ האָט פּרייז היטלער׳ן געוואונשען גליק און אַהיים טעלעגראַפירט צום „סאַנדעי דיספּעטש": נישט דייטשלאַנד האָט אַנעקסירט עסטרייך, פערקעהרט, עסטרייך האָט איינגענומען דייטשלאַנד.

דעם 29־טען מערץ 1938 האָט לאָרד רעדעסדעיל ערקלערט אין לאָרדען־הויז: „איך בין איבערצייגט, אַז די איבערוועלטיגענדע מערהייט פון די עסט־רייכער האָט דעם אַנשלוס געוואָלט. היטלער׳ס עמפּפאַנג אין וויען איז געווען אַ עכטער און נישט קינסטליך אויפגעצויגען".

גראַץ איז געווען אַזוי ווייט פערנאַציט אַז זי האָט בעקומען דעם „עהרען־טיטול" „שטאָדט דער בעוועגונג".

ביי דער אבשטימונג וועגען דעם אַנשלוס האָט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט רענער צוזאַמען מיטן ערצבישאָף איניטצער מיט „יאָ" געשטימט.

די עסטרייכער האָבען איבערגעשטיגען (ווי ווייט אַ דייטש איז אין ענין רציחה איבערטרעפבאַר) די רייכסדייטשען. זיי זיינען אויך געווען די ערשטע צו טרייבען מאַסענמאָרד. נאָך דעם אַנשלוס זיינען די אָסטמערקישע באַנ־

דיטען ווי די שוואַמען נאָך אַ רעגען פון דער ערד אויסגעוואַקסען. פון אַלע לע־כער זיינען זיי אַרויס און האָבען געפּלינדערט און געמאָרדעט אין אַזאַ מאָס, וואָס האָט איבערגעשטיגען די מנהגים אינ׳ם אַלטרייך. אין מיינע אויערען קלינגען נאָך די „זיג־הייל״ און „הייל־היטלער״ געשרייען פון מיליאָנען עסט־רייכישע מיילער, און ווי זיי האָבען געשריגען צו די יידען: „נישט פערגעסן זאָלט איהר, נאָר פּערגעסן!״ פאַר מיינע אויגען שטעהען זיי נאָך די „גע־מיטליכע״ ווינער אין זייער נאַצי טומעל, ווי זיי „ראַמען אויס״ יידישע היי־זער און שלאָגען יידען אויף די גאַסען.

דאָס „שוואַרצע קאָר״, דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ס.ס. אין בער־לין, לויבט אין זיין אויסגאַבע פון 28־טען אַפּריל 1938 דאָס עסטרייכישע פאָלק:

„נישט צופעליג איז עסטרייך געווען די וויג פון דייטשען אַנטיסעמיטיזם. . . . אין עסטרייך דאַרף מען אַ יידען־באָיקאָט נישט אָרגאַניזירען, דאָס פאָלק האָט איהם מיט עהרליכע פריידע שוין לאַנג איינגעפיהרט און זעהט דערין גראַד אַ ספּאָרט . . . וואָס מיר האָבען אינ׳ם שווערבליטיגערען און לאַנג־זאַמער בעגרייפענדען נאָרדען ביז היינט נאָך נישט צושטאַנד געבראַכט, די קענצייכונג פון דייטשע געשעפטען, וועלכע מען קען מיט אַ גוט געוויסען בעטרעטען, אָהן די דורשטיגע ליפּען פון אַ סירישער וויסטען פיזיאָגנאָמיע געגענאיבערצושטעהן, דאָס האָבען די ווינער סוחרים איבער נאַכט ער־לעדיגט. עס איז נישט פאַראַן אין עסטרייך קיין איין דייטש געשעפט, אויף וועלכען עס זאָל נישט שטעהן אונמיספערשטענדליך: אַריש געשעפט, קיין קאַפע־הויז און קיין ווירטשאַפט, וואו עס זאָל נישט שטעהן אָנגעמערקט: יודען נישט געווינשען. דאָס אַלטע רייכסגעביט מוז זיך אינ׳ם ווינער ביישפּיל ערהעבען צו דער גלייכער, פריידיגער און קאָנסעקווענטער גענעראַל־רייני־גונג. פאָרענדיג איבער עסטרייך שטויסט מען זיך אב, אין געשפּרעכען מיט פּויערים און אַרבייטער אויף דער גאַס, מיט קעלנער, סוחרים און שטראַסען באַהנער, מיט אַלט און יונג, מיט לאַיען און גלחים, תמיד אויף דעם אונערביט־ליכען ווילען, דעם יידישען שאַנד־פלעק אבצוואווישען און די יידען־פראַגע אַזוי צו לעזען ווי זי מוז געלעזט ווערען: אַרויס!״

עסטרייך האָט אויך געשטעלט זיין קאָנטינגענט אין אַלע פּייניגונגס־פּלע־צער און טויטען־לאַגערען. די לעבענגעבליבענע קאַצעטניקעס זאָגען עדות, אַז די עסטרייכישע אויפזעהער זיינען אויפגעפּאַלען דורך זייער בעזונדערער בעסטיאַליטעט. עסטרייך, די וויג פונ׳ם מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם, דאָס געבורט־לאַנד פון גרעסטען מאַסענמערדער, איז געווען מוכשר און ראוי אַרויס־צוגעבען מענשענפּייניגער.

פּאָליאַקען, אוקראַאינער און אַנדערע מיטפייניגער.

די דייטשען האָבען געוואוסט, וואָס זיי טוען, ווען זיי האָבען איינגעריכ־טעט די הויפּט־טויטען לאַגערען אין פּוילען. נישט אָהן בערעכענונג זיינען טראַנספּאָרטען מיט יידען אַוועקגעפיהרט געוואָרען פון האָלאַנד, בעלגיען, נאָרוועגיען, פראַנקרייך א. א. וו. קיין פּוילען. ווייל מיט קיין שום פאָלק זיינען זיי נישט אַזוי זיכער געווען, אַז עס וועט עהרליך, געטריי און אַלגעמיין מיטהעלפען ביי די מאַסען־שחיטות, ווי מיט דעם קאַטוילישען פאָלק פון פּוילען. פּוילען איז געווען אַ מקום מוכן לפרעניות זייט עס האָט צוריקגע־קראגען איהר אונאבהענגיגקייט אין 1918. די פּאָליאַקען האָבען מחנך געווען זייער פרייהייט מיט יידען־פּאָגראָמען, און אַ העפטיגער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט אין פּוילען די גאַנצע צייט צווישען דיביידע וועלט־מלחמות.

אין דער זעלבער צייט, ווען זיי האָבען איינגעלאַדען גערינג׳ן אויף יאַגד, האָבען זיי פערבאָטען די רעליגיעזע שחיטה.

פּוילען האָט אַלס ערשטע געשלאָסען אַ נישט־אָנגריף פּאַקט מיט היט־לער׳ן.

ווען די דייטשען האָבען בעדרענגט די טשעכאָסלאָוואַקיע, זיינען די פּאָליאַ־קען געפאַלען זייערע סלאַווישע ברידער אינ׳ם רוקען און האָבען פערכאַפּט טעשען אַלס חלק פון דעם רויב.

פּוילען האָט כסדר סימפּאַטיזירט מיט דייטשלאַנד און סאַבאָטירט יעדע קאָלעקטיווע אונטערנעהמונג געגען היטלער׳ן, וואָס איז פון צייט צו צייט געפּלאַנט געוואָרען.

פּוילען האָט זיך געאיילט צו זיין די ערשטע צו אנערקענען און צו בע־גריסען דעם עסטרייכישען אנשלוס.

אין דער אָנשלוס־צייט האָט זיך בעק, אַרומטאַנצענדיג אויף דער אַקס, געראַד געפונען אין רוים. אויפן וועג אַהיים האָט ער אבגעשטיגען אין וויען, אויסצופיהרען אַ גאַר וויכטיגע מיסיע פאַר פּוילענ׳ס זיכערהייט: ער האָט אַלע פּוילישע יידען אין אויסלאַנד ערקלערט פאַר שטאַטענלאָזע און פער־אָרדענט, אַז די קאָנסולאַטען טאָרען נישט קיין איינציגען פּוילישען ייד געבען אָדער פערלענגערען אַ פּאַס. מיט איין שטריך האָט ער צעהנדליגע טויזענטע פּוילישע יידען אין גרויס־דייטשלאַנד פויגעל־פריי געמאַכט. ווען די אויסגע־וויזענע, פערפאָלגטע פּוילישע יידען האָבען בעלאַגערט די קאָנסולאַטען בעטענדיג דאָקומענטען, וואָס זאָלען זיי דינען אַל׳ס שוץ געגען די דייטשע פערפאָלגונגען, אָדער פּעסער, כדי צו קענען אַוועק אין אַ אַנדער לאַנד, האָט מען זיי אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זיי זיינען אויסגעבירגערט. די פּוילישע מוטערלאַנד האָט פערמאַכט די טיר פאַר איהרע יידישע זיהן אין דעם מאָ־

מענט פון זייער בעדרענגעניש און בעדראָהונג, און האָט זיי אָהן רחמנות אויס־געליפערט דעם פייניגער. דער דייטש האָט די פוילישע יידען פערשיקט אין די וועלדער פון זבאנשין, אין קיינעמס־לאַנד, דאָרט זיינען פילע אומגעקומען פון די קוילען וואָס זיינען אויף זיי געפאַלען, אי פון דער דייטשער, אי פון דער פוילישער זייט. אַנדערע האָבען גלאַט נישט געקענט איבערהאַלטען דעם הונגער און די קלאָגעדיגע פערהעלטנישען, וואָס האָבען געהערשט אין די וועלדער.

האָבענדיג פטור געוואָרען פון די פוילישע יידען אין אויסלאַנד, האָט פוילען געהאַלטען די צייט פאַר פאַסיג, אויך פון די יידען וואָס לעבען אין פוילען גופא פטור צו ווערען. אַ גינסטיגע געלעגענהייט דערצו האָט גע־געבען די קאָנפערענץ אין עוויאַן. הגם די דאָזיגע קאָנפערענץ איז איינ־בערופען געוואָרען בלויז וועגען די יידען וואָס האָבען געמוזט פערלאָזען דייטשלאַנד, האָט דער פוילישער פערטרעטער אויפגעוואָרפען אויך די פראַגע פון די יידען אין פוילען. ער האָט אויסגעשיט זיין זאַק מיט יידען אויף דעם קאָנפערענץ־טיש און פערלאַנגט, מען זאָל אויך די פוילישע רעפּובליק מוציא זיין מיט דער תפלת הדרך פאַר די דייטשע יידען. עס זאָל נישט געזשאַלעוועט ווערען מיט דער מאָס פון די באַראַקען, זיי זאָלען זיין אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, אַז די יידישע בירגער פון פוילען זאָלען זיך אויך דאָרט קענען זמיעשטשען.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכען און די פוילישע שלאַכטשיצעס האָבען אויך געמוזט אבריכטען אַ טראַפּינקאַלע גלות, האָט די פוילישע עקסיל־רעגירונג צוויי אַנטיסעמיטישע צייטונגען אַרויסגעגעבען. אויסער דעם האָט די פוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן פינאַנסירט אַ רעוויזיאָניסטישע צייט־טונג, זי זאָל פּראָפּאַגאַנדירען די יציאה פון די יידן פון פוילען, נאָכדעם ווי די אַליאירטע וועלען עס האָבען צוריק ערֹאבערט פאַר די פּאָליאַקען.

זייענדיג אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, האָבען זיך די גלות־פּאָליאַקען געמוזט בענוצען מיט אַזאַ באַנאַלען מעדיום פאַר זייער בעפרייאונג פון׳ם יידישען עלעמענט. די פּאָליאַקען אין דערהיים, אונטער דעם דייטש, זיינען אין דער בעציהונג געווען אונפערגלייכליך גליקליכער. זיי האָבען דאָס יידען־פּראָבלעם פיל ראַדיקאַלער און איינפאַכער געלעזט. זיי האָבען געטאָן צו דער זאַך, זיי האָבען געהאָלפען דעם דייטשען שוחט שעכטען. ווען פוילישע פּאַטריציער פרויען האָבען געזעהן אַ קינד, וואָס איז זיי פאָרגעקומען „פער־דעכטיג״, אַז עס האָט געהאַט אַ יידישע מאַמע, זיינען זיי נישט געווען קיין פוילע און נישט קיין שעמעוודיגע, עס גרינדליך צו אונטערזוכען, און ווי באַלד זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז עס איז טאַקע אַ יידיש קינד, האָבען זיי עס געריסען מיט געוואַלט צום דייטשען רוצח, שטאַמלענדיג: יודע! אויף אַזוי

פיל דייטש האָבען זיך די פּאָליאַטשקעס שוין געהאַט אויסגעלערענט אין דער צייט פון דער פערטער פּוילישער צעטיילונג, אַז דאָס וואָס ווערט אויף פּויליש אָנגערופען זשיד, הייסט ביים פערהאַסטען אָקופּאַנט: יודע.

דער פּוילישער אונטערגרונד האָט זאָגאַר יידישע פּאַרטיזאַנען, מיט־קעמפער פאַר פּוילען׳ס פרייהייט, אויסגע׳הרג׳עט. אומצוברענגען אַ ייד, אָדער איהם צום שונא אויסצוליפערען, איז געווען וויכטיגער ווי צו בעקעמפען דעם דייטשען אַריינדרינגער.

דער אָפיציעלער פּוילישער אונטערגרונד־אָרגאַן האָט געוואָרענט די פּאָליאַקען אַז יידען ליגען בעהאַלטען אין וועלדער און אין קעלערס, נאָכן קריג וועלען זיי אַרויס און אומברענגען דאָס פּוילישע פאָלק. „דעריבער זוכט אויס די יידען פון זייערע בעהעלטענישען און הרג׳עט זיי אויס ווי מען ראטעט אויס פּאַראַזיטען”.

עס איז געווען שגור בפי הפּאָליאַקען, אַז דער איבעלדיגער ריח (פון ברענענדיגען פליישׁ) איז זיס, ווען מען נעהמט אין אַכט, אַז דאָס איז פון פער־ברענטע יידען.

אויך נאָכן קריג האָבען די פּאָליאַקען נישט אויפגעהערט די יידען צו רודפ׳ן און צו הרג׳ענען. זיי האָבען נישט געקענט פערגעסען די שעהנע צייט, ווען יידיש בלוט איז געווען הפקר. פּאָליאַקען האָבען אַרונטערגענומען פון די באַהנען יידען, וואָס האָבען זיך צוריקגעקעהרט פון רוסלאַנד, און זיי אויסגעשאָסען. פּוילען האָט געטרויערט איבער די יידען וואָס זיינען — גע־בליבען לעבען.

נישט מיט אַ האָר וויניגער בעסטיאַליש האָבען זיך בעצויגען צו די יידען די פינסטערע אוקראַאינער און ליטווינער. ווען די יידען זיינען גע־טריבען געוואָרען דורך די גאַסען צו דער הריגה, האָבען זיך די אוקראַאינער אָדער ליטווינער אַרומגעשטעלט קוקען. זיי פלעגען לאַכען די קרבנות אין די אויגען אַריין און איבער זיי שפּאָטען. דאָס געוויין פון די דערשראָקענע קינדער איז איבערגעשריגען געוואָרען דורך דעם שאַדענפריידיגען געלעכ־טער פון די אוקראַאינישע אָדער ליטווישע באַנדיטען. אָפט האָבען זיי אַרויסגעכאַפּט יידען פון דער רייהע און זיי אויפן אָרט דערשלאָגען. נאָך ביים לעבען פון די קרבנות האָבען זיי אבגעקויפט זייערע קליידער און האָבען געצאָהלט יעדען פרייז וואָס די דייטשען האָבען פערלאַנגט, מיינענדיג אַז עס איז דאָרט איינגענייט געלד אָדער צירונג.

פון זיין בעהעלטעניש אין אַ רוטהעניש שטעדטעל האָט אַ ייד בע־אָבאַכטעט פאָלגענדע סצענע: אַ דריי־יעהריג יידיש מיידעלע דרעהט זיך אַרום אין גאַס פער׳יתומ׳ט, עלענד ווי אַ שטיין; איהר מוטער האָט זי אַוועקגעוואָרפען בעת זי איז געפיהרט געוואָרען צום טויט. צוויי רוטהענישע

פרויען דערזעהען דאָס אָרימע קינד, זאָגט איינע: לאָמיר איהר געבען אַ שטיקעל ברויט, זי שיינט צו זיין זעהר הונגעריג. ענטפערט די צווייטע, אַ עלטערע, אַ פרומע: איז עס נישט אַ זינד צו דערהאַלטען אַ יידיש קינד ביים לעבען? זיינען דאָך די יידען פון אונזער רעליגיע פערשאָלטען און פערשטויסען געוואָרען!

אַ ייד האָט זיך פערשאַפט אַרישע פּאַפּירען און האָט זיך בעזעצט אין אַ אַנדערער שטאָדט, וואו ער איז פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג אָנגענומען געוואָרען אַלס אוקראַאינער. האָט זיך געטראָפען, אַז זיצענדיג אין גוי׳שער געזעלשאַפט, איז ער איינגעדרימעלט. האָבענדיג ערשט נישט לאַנג פערלוירען זיין ווייב און קינדער, האָט ער וועהרענד דעם האַלב־שלאָף אונווילקירליך אַרויסגעזיפצט אַ „אוי!״ פון דעם דאָזיגען אויסרוף האָבען די גוים ענטנומען, אַז ער איז אַ ייד, זיי האָבען איהם געהאַלטען ביז איינער פון זיי איז צוריק־געקומען מיט אַ ס.ס.־מאַן. דער „אוי!״ האָט דעם ייד געקאָסט דאָס לעבען.

ווירדיגע פּאַרטנער פון די דייטשען זיינען אויך געווען די אונגאַרישע בעטיאַרען, די סלאָוואַקען און רומענער. געוויסע פעראיינצעלטע אויסנאַה־



דער מופטי צווישען זיינס גלייכען.

מען וואָס זיינען פֿאָרגעקומען ביי די דערמאָנטע פֿעלקער, ענדערען נישט דעם סך הכל.

אַז די מחמד׳אַנישע וועלט האָט דעם געהעצטען יידישען וואַנדערער נישט געלאָזט אין די אויגען, איז נישט געווען קיין איבערראַשונג. אין דעם יאָהר רנ״ב האָט נאָך טערקיי געעפֿענט איהרע טויערען פֿאַר די גולי ספרד. 450 יאָהר שפּעטער זיינען די טערקען שוין געווען אַזוי וויית ציוויליזירט, אַז זיי האָבען שוין די פּליטים נישט נאָר נישט אַריינגעלאָזט, נאָר אַפּילו נישט אַדורכגעלאָזט. נישט איין יידיש נפש איז צוליב דער האַרטהאַרציגקייט פֿון ישמעאל צוגרונד געגאַנגען.

עס איז, איבעריגענס, געלעגען אין דער פּאָליטישער ליניע פֿונ׳ם איס־לאַם, צוצואיילען דעם אונטערגאַנג פֿון דעם פֿאָלק, וועלכעס איז היסטאָריש און זעעליש פֿערבונדען מיט דעם לאַנד, וואָס ער בעטראַכט אַלס זיינס. צו דעם צוועק איז דער מופֿטי אַוועק אין די שחיטה־שטעדט, כדי זיך פּער־זענליך איבערצוצייגען, צי די וואָס בעטען „אור חדש על־ציון תאיר״ געהען טאַקע אויס ווי אַ ליכט.

## בריטאַניע.

וועה איז דיר, בריטאַניע, אַז נאָך אַזעלכע וואַלד־מענשען, קומסט דו, אַלס שווער־בעלאַסטעטער אָנגעקלאָגטער. קוק זיך אַרום, שטאָלצער דזשענטל־מאַן, מיט וועמען דו שטעהסט אין איין ריי: מיט קולטור־לאָזע שטאַמען, מיט צוויי־פֿיסיגע בעסטיעס, מיט שכורים און אידיאָטען. און ווי טוט אונז וועה, אַז מיר מוזען אויך דיינע חטאים רעגיסטרירען, דיין התנהגות אין דער צייט פֿון אונזער שווערסטער פּרוּוואונג. אָבער די געשיכטע איז אַ אונבעשטעכ־ליכער ריכטער, דער הימעל ווייס אַלע סודות, דאָרט נוצען נישט קיין דיפּלאָ־מאַטישע דריידלעך. דיינע מעשים קלאָגען דיך אָן, די קרבנות רופֿען דיך צו משפּט, זייערע מטות, די ברעטלעך פֿון די צעבראָכענע שיפֿלעך, זאָגען עדות, זייערע קברים, דער תהום פֿון די ימים, וואָס דו בעהערשסט, בעשולדיגען דיך. דו ביזט שולדיג פֿאַר דעם, וואָס דו האָסט געטאָן, נאָכמעהר פֿאַר דעם, וואָס דו האָסט נישט געטאָן. אויף דעם געביט פֿון גרמא ווערט דיין ווערדיקט זיין אַ הונדערט־פּראָצענטיגער שולדשפּרוך.

דיין פֿעראַנטוואָרטליכקייט איז נישט צו פֿערגלייכען צו דער פֿון דעם ני־דעריגען אוקראַאינער, אָדער געמיינעם ליטווינער, וואָס האָבען אויס איינגע־בוירענעם סאַדיזם אָדער פֿאַר אַ ביסעל בראַנפֿען גע׳מסר׳ט אָדער געמאָרדעט. דו ביזט דאָך דער אַפּטרופּס פֿון פֿרייהייט, דער דעמאָקראַט par excellence, דער איידעלמאַן, דער מאָראַליסט, וואָס זאָרגט, אַז עס זאָל אויף דער וועלט

נישט געשעהן קיין עולות; אויב אַזוי, איז דאָך noblesse oblige, איז דאָך דיין אחריות אַ גרעסערע, האָסטו דאָך בעדאַרפט בעזונדערס אויפפּאַסען, אַז דיין גלאַנצפּולער פּורפּור־מאַנטעל זאָל זיך נישט מיט בלוט בעפלעקען.

אין תחילת האָט זיך די יידישע האָפנונג געווענדעט צום נאָבעלען, דעמאָקראַטישען ענגלישען פאָלק. אונזער פאַנטאַזיע איז געווען אַזוי שטאַרק פּערטאָן מיט דעם ענגלישען איידעלמוט, אַז אין מיטען די רדיפות האָבען מיר דערהערט אַ קלאַנג, אַז ענגלאַנד וועט אונז אַלס איהרע בירגער ערקלע־רען און אונטער איהר שוץ שטעלען. ענגלאַנד וועט אונז נישט אין שטיך לאָזען, ענגלאַנד טראַכט וועגען אונז, ענגלאַנד פערהאַנדעלט איבער אונז, ענגלאַנד האָט נישט אין זינען ענגלאַנד, נאָר אונז. אי — ענגלאַנד שווייגט, אַי, עס איז שטיל, דאָס איז טאַקי ענגלאַנד׳ס טאַקטיק, זי אַרבייט הינטער די קוליסען, נישט רוישענדיג. מיט אַמאָל וועט זיך דער רעזולטאַט אַרויס־ווייזען. ענגלאַנד איז ענגלאַנד. ענגלאַנד קען אונז אַלע אין איין טאָג אַרויס־נעמען און אַבסאָרבירען און אַפילו נישט בעמערקען, אַז מיר זיינען צוגע־קומען. אַ קלייניגקייט, אַזאַ גרויסע אימפּעריע, וואו די זון געהט קיינמאָל נישט אונטער. ענגלאַנד האָט האַלב־לײדיגע אינזלען, שיטער־בעפעלקערטע קאָלאָניעס, לערע דאָמיניאָנס; קאַנאַדע נויטיגט זיך אין צואוואוקס, אויסטראַ־ליע איז שוואַך בעפעלקערט. ווער איז בכח און ווער וועט זיין אַזוי וויליג אונז צו ראַטעווען און אויפצונעמען ווי ענגלאַנד? וואָס מעהר עמלק האָט מיט אונז געלערענט בלק, אַלץ מעהר האָבען מיר געלערענט ענגליש.

ווי גרויס איז דאַן געווען אונזער ענטוישונג, ווען ענגלאַנד׳ס אינ־טערעסלאָזיגקייט, ענגלאַנד׳ס קאַלטקייט, ענגלאַנד׳ס שווייגען האָט אָנגע־הויבען צו רעדען ווערטער! ענגלאַנד האָט זיך נישט געקימערט וועגען אונז, גלייך ווי די אַנדערע; ענגלאַנד האָט נישט אַריינגעלאָזט גלייך ווי די אַנדערע און צוריקגעשיקט גלייך ווי די אַנדערע. אויף דעם לופט־פּאָרט דייטאָן זענען וויזע־לאָזע יידען מיט געוואַלט אויף אַעראָפּלאַנען אַרויפגע־זעצט און צוריקגעשיקט געוואָרען צו אַ זיכערען טויט.

דאָס איז געשעהן אין אַ צייט, ווען ענגלאַנד גופא וואָלט געקענט פּערטראָ־גען אַ ביסעל פרישע כחות. אין יאָהר 1939 האָט ע. ט. מאַרשאַל אין זיין בוך איבער בעפעלקערונגס־פּראָבלעמען געוואָרענט, אַז „אויב עס וועלען נישט צוקומען קיין אימיגראַנטען, וועט ענגלאַנד נאָך אין דער געגענוואַרטיגער גע־נעראַציע פּערקלענערט ווערען אויף די העלפט פון איהר בעפעלקערונג. נאָר איינוואַנדערונג קען דאָס לאַנד פון ענטגילטיגער ענטפעלקערונג ראַ־טעווען״. טראָצדעם האָט בריטאַניען אָנגעווענדעט אַזאַ אינטראַנזיגענטע פּאָליטיק בנוגע מענשען, וואָס האָבען געוואָלט ראַטעווען זייער לעבען.

געוויס, ענגלאַנד האָט אויך בעווילִיגט פילע טויזענטער וויזעס (מיט

אַ פּאַראַיבערגעהענדען סטאַטוס) פּאַר פּליטים, וואָס האָבען דאָרט געזאָלט וואַרטען אויף די אַמעריקאַנער וויזעס, רעספּעקטיווע אַלס הויז־דינער, צו אַר־בייטען ביי ענגלישע פאַמיליעס. אָט די איינציגע און ווירקליכע גרויסהאַר־ציגקייט האָט אָבער, ווי עס שיינט, געזאָלט דינען אַלס אַליבי און בערוהי־גונגס־מיטעל פאַר דער גרויסער אָפּעראַציע, וואָס ענגלאַנד האָט זיך גע־גרייט פאָרצונעמען, ביי דעם צעבלוטיגטען יידישען פאָלקס־קערפּער. דע־מאָלט האָט ענגלאַנד געמאַכט הכנות, אַרויסצוגעבען דאָס טרויעריג־בעריהמטע ווייס־בוך. ענגלאַנד האָט נעמליך געוואָלט אויסנוצען די ערב־קריגס־פּאַניק אַלס ענטשולדיגונג פאַר דעם אַפּיזמענט פון די אַראַבער. יעצט איז געקומען דער ריכטיגער שעת הכושר, צו פערשליסען די טויערען פון ארץ־ישראל פאַר די לויפענדע יידישע מאַסען, זיי צו בערויבען פון דעם לעצטען האָפענונג שטראהל. די גוים פון אַלע לענדער האָבען געררופען אין כאָר: געהט קיין פּאַלעסטינע! נאָר ענגלאַנד, דער שליסעל־האַלטער פון ארץ־ישראל, האָט מיט דעם רוף אַבסאָלוט נישט געוואָלט איינשטימען.

די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכען, דייטשלאַנד האָט זיך גענומען צו די קאַלך־אויוועגס, אָבער ענגלאַנד האָט נישט געענדערט איהר ווייס־בוך פּאָליטיק. שיפלעך מיט פערצווייפעלטע יידען זיינען ביי די ברעגעס פון ארץ־ישראל און פאַר די אויגען פון ענגלישע סעילאָרס געזונקען אין ים, ענגלאַנד האָט געזאָגט שירה, ענגלישע שטאַטסמענער האָבען געזונגען לידער פון דער שעהנער צוקונפט, פאַר וועלכער זיי קעמפען און — זיינען געבליבען האַרט. 769 יידען איז עס געלונגען אין 1941 צו ענטלויפען פון די דייטשע מלאכי חבלה, זיי האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם שיפעל „סטרומאַ" און זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. די ענגלישע נייווי האָט געלאָזט שטיין דעם דייטש און זיך אַנטקעגענגעשטעלט דעם יידישען שיפעל. עס האָט זיך נישט געפונען קיין לאַנד, וואָס זאָל בעווילליגען די פּאַ־סאַזשירען אַפּילו אַ צייטווייליגען אויפענטהאַלט. די טערקען, ביי וועמענס ברעגעס דאָס שיפעל האָט געאַנקערט, האָבען נישט נאָר די אָרימע וואַנדערער נישט בעווילליגט אַ מקום מקלט אויף אַ מינוט, נאָר זיי האָבען גע'אסר'ט דער שיף דריסת הרגל אויף די טערקישע טעריטאָריאַלע וואַסערען. די אונגליק־ליכע יידען האָבען אַרויסגעהאַנגען אַ אויפשריפט צו דער וועלט: „מען שיקט אונז צום טויט, העלפט!" געהאָלפען האָט בלויז דער טערקישער פּרא־אָדם: ער האָט דאָס שיפעל מיט געוואַלט אַרויסגעפיהרט אויפן אָפענעם ים, וואו עס איז גלייך אונטערגעגאַנגען, צוזאַמען מיט איהרע הונדערטער יידישע מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבען זיך געראַטעוועט פון די דייטשען און זיינען געכאַפּט געוואָרען פון די בריטען.

אויף אַ פּאָרוואורף וועגען „סטרומאַ", האָט לאָרד גרענבארן געענט־

פערט: „מיר מוזען איצט זיין האַרט און גרויזאַם״. זיי זיינען עס געווען, די בריטען, גלייך נאָכדעם זיינען נאָך זעקס אַנדערע יידישע שיפען פערזונקען געוואָרען.

די דייטשען האָבען פאַרגעשלאָגען, אויסצוטוישען יידען פאַר פּאַלעסטיגער דייטשען. די ענגלענדער זיינען אויף דעם פאַרשלאג איינגעגאַנגען, אָבער אנשטאָט יידען, וואָס זייער פערבלייבען אונטער׳ן דייטש איז געווען אידענטיש מיט אַ זיכערען און בעסטיאַלישען טויט, האָבען די ענגלענדער אַרויסגענומען ענגלענדער, ווענמעס אַלטערנאַטיוו איז געווען בלויז אַ נישט בעקוועם לעבען אין אַ אינטערנירונגס־לאַגער פאַר אויסלענדער, צו וועלכער דער רויטער קרייץ האָט געהאַט צוטריט.

אויף דער בקשה פון דער יידישער געמיינדע אין טרינידאַד (בריטיש־וועסט־אינדיען) צו דער ענגלישער רעגירונג, אַריינצולאָזען קיין טרינידאַד אַ קליינע צאָהל יתומים, מיט דער גלייכצייטיגער פערפליכטונג פון די טרינידאַדער יידען, צו דעקען די קאָסטען פון זייער לעבען און ערציהונג, האָט די רעגירונג אין איהר ענטפער פון 25־טען סעפּטעמבער 1943 געשריבען: „אייער ביטע פאַר הילף צו געבען אַ צופלוכט־אָרט אין טרינידאַד פאַר יידישע פליטים־קינדער, איז זאָרגפעלטיג בעטראַכט געוואָרען. די רעגירונג בעדויערט זעהר, וואָס זי איז נישט אין דער לאַגע צו בעוויליגען די בקשה און אַז עס וועט נישט מעגליך זיין צו געבען די ערלויבעניש אין דער קאָלאָניע פאַר די פליטים־קינדער״. פון דעם, וואָס דער העפליכער ענגלענדער האָט „זאָרגפעלטיג בעטראַכט״, „בעדויערט״ און מסיים געווען זיינע שיקזאַלס־שווערע אבלעהנונגען מיט obedient Servant, האָבען די אָרימע יתומים גאָרנישט געהאַט, די אונטערשטע שורה איז תמיד געוועזן, אַז גרויס־בריטאַניען האָט זיך געהאַלטען ביי דאָס זייניגע: דער ייד מוז בלייבען דאָרט, וואו ער איז, ביים מערדער, ד. ה. ער מוז אָבוואַרטען ביז דאָס קרעמאַטאָריום וועט איהם פערשלינגען.

פון מאָרגענטוי׳ס ענטפלעקונגען ערפאַהרען מיר, אַז אין 1943, ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז די דייטשען פערברענען צעהנער־טויזענטער יידען אַ טאָג, האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג געוואָלט איינלייטען אַ רעטונגס־אַקציע. ענגלאַנד האָט אָבער דעם פּלאַן געשטערט מיט דער בעגרינדונג, אַז „עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ, וואו זיי צו בעזעצען״.

לויט די מעמואַרען פון הערי האָפּקינס איז אַנטאָני אידען ביי זיין בעזוך אין וואַשינגטאָן סוף 1943 געבעטען געוואָרען פון האַל, וועניגסטענס די 60.000 בולגאַרישע יידען אַריינצולאָזען קיין ארץ־ישראל, אום זיי מציל צו זיין פון די גאַזקאַמערען. דער ענגלישער אויסערען מיניסטער האָט דעם פאַרשלאג ענטשידען אבגעלעהנט. ער האָט אָנגעפיהרט די פּאָלגענדע „טעמים״:

1) פאַרוואָס גראַדע די בולגאַרישע יידען? אויב מען וועט זיי אַריינלאָזען, וועלען דערנאָך די רומענישע און אונגאַרישע יידען דאָסזעלבע פערלאַנגען, און דאָס איז אונמעגליך, ווייל מיר קענען נישט די אַראַבער פּראָוואָצירען. 2) דאַרפען מיר די שיפען פאַר וויכטיגערע אויפגאַבען. 3) בעשטעהט די געפאַהר, אַז צווישען די יידישע פליטים וועלען זיך אַריינשמוגלען דייטשע שפּיאָנען. האָל האָט איינגעזעהן, אַז אידען איז גערעכט און ביידע ליבעראַלע וועלט־בעגליקער זיינען איבערגעגאַנגען צו די „וויכטיגערע" פּראָבלעמען פון דער דעמאָקראַטישער „וועלט".

דאָס איז געווען די אויפפאַסונג, די מאָראַל פון די דזשענטעלמענער, וואָס האַלטען אין איין פרעדיגען הומאַניטעט, רחמנות, fair play, דע־מאָקראַטיע און פרייהייט.

די ענגלענדער זיינען אַ פאָלק פון סתירות, פון ווידערשפּרוכען. זיי שפּי־לען זיך אַרום מיט ווערטער און טייטשען אויס בעגריפען ווי עס פּאַסט זיי גראַד אין קרעמעל אַריין. דער קאָנטראַסט צווישען וואָרט און טאָט איז ביי זיי אַ געוואַלדיגער. זיי זיינען העפליך, מילד מיט עטיקעטען און פאָרמעלע גאַלאַנטעריען, אָבער שטייף און פער׳עקשנ׳ט אין זייערע האַנד־לונגען. דער ענגלענדער זאָגט אַז ער האָט „פעראַנטוואָרטליכקייטען" אין די פון איהם בעהערשטע געביטען און מיינט די גיטער פון די דאָזיגע לענדער. ער בעהויפּטעט, אַז ער וויל פערשפּרייטען ציוויליזאַציע און קולטור צווישען די natives, אין דער ווירקליכקייט האַנדעלט עס זיך איהם וועגען דער אויס־שפּרייטונג פון זיין מאַכט און פּאָליטישען איינפלוס, אָדער ווי מילטאָן האָט עס פאָרמולירט .License they mean, while they cry liberty מכף רגל ועד ראש איז ער פול אידעאַליזם, ער רעדט נאָר פון גערעכטיגקייט און מענשליכקייט. אָבער פאַר זיך זעלבסט רעזערווירט ער דאָס רעכט, די licentia poetica, מענשליכקייט און נאָבעלקייט אין דאָס געגענטייל מהפך צו זיין. ער וויל אַז די גאַנצע וועלט זאָל לעבען לויט דער עטיק פון דער ביבעל, אָבער ווען זיין אינטערעס פאָדערט עס, נעמט ער אַרויס זיין אייגענע ביבעל, וואָס זאָגט בפירוש: .Right or wrong, my country דאָס, וואָס ער פערלאַנגט פון דער וועלט, בעציהט זיך נישט אויף איהם. ווען זיינע מעשים קומען אין ווידערשפּרוך מיט דעם, וואָס ער פרעדיגט פאַר דער וועלט, דאַן איז ענגלאַנד נישט די וועלט, דאַן איז ענגלאַנד אַ אינזעל פאַר זיך, און די דאָזיגע לעהרען בעציהען זיך נישט צו איהר. דער וואָס שרייבט פאַר געזעצען, און־טערליגט נישט דעם געזעץ. אידעאַלען מוזען נישט רעספּעקטירט ווערען פון די, וואָס פערברייטען זיי. פּראָ בסיליוס אונומוס אַגרפוס (אַ גריכיש שפּריכ־וואָרט, געבראַכט פון ר׳ לעזר אין ירושלמי ר״ה פ״א ה״ג), פאַרן מלך איז דאָס געזעץ נישט בינדענד.

אַזוי האַרטנעקיג, פעלזענפעסט דער ענגלענדער איז פערזענליך, אַזוי עלאַסטיש, בויגזאַם און דעהנבאַר זיינען זיינע אידעען. ער פּוצט זיי צו לויט זיינע מאָמענטאַנע בעדערפענישען, ער ווייס ווי אַזוי צוצושניצען די אידעע צום יעטווייליגען מלוכה־אינטערעס און אונטעראָרדענט, אונטערוואַרפט דעם אידעאַליזם, דעם שכל אונטער די מדות. נישט אומזיסט ווערט פון אונזערס אַ תלמיד־חכם פערלאַנגט, עס זאָל זיין ביי איהם תוכו כברו. ביי אונזערע לוחות הייסט עס: מזה ומזה הם כתובים. דאפּעלציניגקייט און צווייערליי מאָס זיינען אבשייליך און פערווערפליך. דער אמת איז אונטיילבאַר און דער יושר לאָזט זיך נישט פערשידען אָנווענדען. דאָס רעכט איז נישט נושא פּנים פאַר קיינעם, און פרייהייט פערטראגט נישט קיין שקלאַפעריי. אויב מען לערנט אַנדערע גלייכקייט און ברידערליכקייט, טאָר מען נישט האַלטען פאַר זיך די פּריווילעגיע, דעם פּאַטענט, אַנדערע פעלקער אונטערצויאָכען, פרעמדע לענדער און קאָנטינענטען צו האַלטען בעזעצט, אַפילו ווען עס געשעהט אונטער דער פירמא ציוויליזירונג פון קולטורלאָזע פעלקער, אָדער פערקריסטליכונג פון היידנישע שטאַמען. וואָס זיינען די גליקען פון דער קריסטליכער ציוויליזאַציע, מיט וועלכער מען וויל, משמעות, די פּרימיטיווע נעיטיווס מזכה זיין? ווי ווייט האָבען עס געבראַכט די ציוויליזירטע פעלקער? ביז צו די קאַלך־אויוועגס און דער אַטאָם־באָמבע, לעת עתה. עס איז לחלוטין נישט פעראייגבאַר מיט די שעהנע פראַזען, וואָס זיינען יעדען ענגלענדער אַזוי געלייפיג, אונאויפהערליך צו זאָרגען פאַר דער אָרדנונג אין די געביטען וואָס געהערען צו אַנדערע, און יאָהרהונדערטער לאַנג אויפצופּאַסען אויף די איינגעבוירענע, זיי זאָלען זיך נישט די קעפּ צעהאַקען. ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואַרטען ביז עס וועט הערשען איינטראַכט אינ׳ם בעזעצטען געביט און, אגב אורחא, ווי די לצני הדור בעהויפּטען, אַכטונג צו געבען אַז עס זאָל טאַקע קיין שלו׳ נישט צו שטאַנד קומען? אַלע נאָבעלע, זעלבסטלאָזע אויסרייד און תירוצים זיינען פאַר דער קאַץ. למעשה שטעהט פעסט, אַז ווען אַ רעלאַטיוו קליין אינזעל־פאָלק האַלט הונדערטער מיליאָנען מענשען אונטער דער קנוטע, קאָנסטיטואירט עס אַ העכסט אונדעמאָקראַטישען פּרעצעדענט. די עקזיסטענץ פון דער ענגלישער אימפּעריע אין דער ביז אַהעריגער פאָרם איז א אבן נגף פאַר דער פרידליכער ענטוויקלונג פון דער וועלט, ווייל עס ווירקט אַפּעטיט־אנרעגענד אויף אַנדערע, צאָהלמעסיג־גרעסערע פעלקער און ברענגט זיי אויף דער אידעע, דאָס זעלבע אָנצושטרעבען. אויב בעהערשונג פון אַנדערע פעלקער איז אונעטיש, איז דאָס ענגלישע וועלטרייך נישט קיין אויסנאַהם. און אויב פּיראַטענטום איז צו פעראורטיילען, געהט עס אויך אַרויף אויף דער ענגלישער נייווי, וואָס ברענגט שיפלעד, אָנגעפּאַקט מיט אויסגעהונגערטע, געפּייניגטע יידישע קינדער, צום זינקען.

טראָץ ענגלאַנד׳ס, זאָגען מיר, נישט־דזשענטעלמענישען פערהאַלטען זיך צו דעם צעבלוטיגטען און צעקיילטען יידישען פאָלק, האָבען מיר ווייטער געוואָלט לעבען גוט מיטן ענגלישען פאָלק, פאַר וועמענס זיג מיר האָבען געבעטען, געקעמפט און וועמענס מפלה וואָלט געווען אונזער אונטערגאַנג קאָמפּלעטירט. ארץ־ישראל און דער יידישער לעגיאָן האָט הערֹאָאיש גע־קעמפט און געהאַט אַ בעטרעכטליכען חלק אין דעם זיג ביי אַל־אַלעמאַין, אין דער צייט, וואָס די אַראַבער האָבען זיך גע׳חנ׳דעלט מיטן שונא און מיט אָפענע אָרעמס געוואַרט אויף ראמעל׳ס אַריינמאַרש. אויף אַלע שלאַכט־פעלדער האָט די יידישע יוגענד אַרויסגעוויזען גבורה, יידען פון פערשידענע לענדער האָבען מיט בלוט בעזיגעלט זייער טאַפּפערקייט. אָבער אויף ענג־לאַנד האָט דאָס אַלעס נישט געמאַכט קיין איינדרוק. ענגלאַנד איז נישט נייגיריג אויף אונזער פריינדשאַפט און רעכענט זיך נישט מיט דער סימ־פּאַטיע אָדער אבנייגונג פון יידען. אינ׳ם ערשטען וועלט־קריג האָבען מיר נאָך געשפּילט וועלכע עס איז ראָלע. דאַמאָלט האָט זיך געלוינט אַרויסצו־געבען אַ באַלפור־דעקלאַראַציע, ווייל מיט דער געווינונג פונ׳ם וועלט־יידענטום האָבען זיי געהאָפט צו שאַפען אַ ענגלאַנד־פריינדליכע שטימונג אין אַמעריקע און איבעראַל וואו יידען לעבען. אָבער אין דער לעצטער מלחמה זיינען די ענגלענדער נישט געווען אָנגעוויזען אויף אונזער סימפּאַטיע, זיי האָבען אונז נישט בעדאַרפט ערשט צו געווינען. צי מיר האָבען יאָ געוואָלט אָדער נישט, זיינען מיר ממילא געווען אויף זייער זייט; איז דאָך דער שונא געווען אַ געמיינזאַמער, אָבער די אַראַבער מוז מען נאָך אַלץ געווינען, אַזוי האַלטען נאָך די ענגלענדער אין איין געווינען די אַראַבער.

דער קריג איז געענדיגט געוואָרען, די ענגלענדער האָבען זיך מיט אייגענע אויגען איבערצייגט, וואָס דער דייטשער משחית האָט געמאַכט אויס דעם יידישען פאָלק. זיי האָבען געשפּילט די ענטריסטעטע, אָבער ווי די דייטשען, פּאָליאַקען, אוקראַאינער און אַלע אַנדערע, האָט אויך ענגלאַנד נישט אַרויסגעוויזען קיין חרטה אויף איהרע זינד לגבי די יידען. דער ענגלענדער האָט זיך נישט געקלאַפּט על חטא אויף זיינע עונות, ער האָט נישט געוואָלט מפייס זיין דאָס בעליידיגטע, פון טויזענט וואונדען בלוטענדע יידישע פאָלק, ער האָט נישט געוואָלט לינדערען זיין שמערץ; אין געגענטייל, ער האָט נאָך מוסיף געווען חטא על חטאיו.

זעקס מיליאָן יידישע מתים האָבען שוין דעם עמיגראַנטען שטראָם היבשליך רעדוצירט, דערמיט איז דער קאָפּ־ווייטאָג, וואָס מען טוט מיט די נאָמאַדען, כמעשה׳דיג פערלייכטערט געוואָרען. אָבער דאָך זיינען נאָך (צום גרויסען בעווינ׳ישען רעגרעט) מאַנכע רעשטלעך געבליבען. דאָ און דאָרט האָט אַ יתומ׳ל אָדער אַ אלמנה, איינער פון אַ גאַנץ שטעדטעל, צוויי

פון הונדערט־קעפּיגע משפחות, חוץ לדרך הטבע, זיך געראַטעוועט. די שפּליטערס האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט, פערשטויסענע צו פערשטויסענע, אונגליקליכע צו אונגליקליכע, קינדערלאָזע פּאָטערס צו עלטערנלאָזע יתומות, עלענדע האָבען אויפגעזוכט עלענדע און עס איז ווידער ענטשטאַנען, להכעיס בעוויז׳ען און צום בעדויערען פון דער גאַנצער „קולטור״־וועלט, אַ יידיש פּראָבלעם. די רעשטלעך זיינען נעמליך געווען בעהערשט פון אַ פיקסער אידעע, פון אַ נאַרישען קאַפּריז, זיי האָבען געוואָלט אַרויס פון די שטעדט און לענדער, וואָס זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט דעם בלוט פון זייערע נאָהנטע; וואו זיי האָבען נאָך געשפּירט דעם רויך פון די פערברענטע קרובים; וואו זיי האָבען נאָך געזעהן די אַש פון זייערע קינדערלעך; וואו די לופט איז נאָך פול געווען מיט דער מהומה פונ׳ם לעצטען גאַנג, מיט די יללות פון זייערע עלטערען, און וואו זיי אַליין האָבען אַזוי פיל שפלות און צרות געליטען. אויסער דעם האָבען די היימישע גוים נישט געוואָלט זיי מעהר אַריינלאָזען. די פּאָליאַקען, אוקראַאינער, אונגאַרן א. א. וו. זיינען געווען איבער־ראַשט, אַז עס זיינען נאָך געבליבען עטליכע יידען. דערביי האָבען זיי גע־לעבט אין „שרעק״, טאָמער וועט דער ייד גאָר צוריק פערלאַנגען דאָס הויז, די שמוק, דאָס פערמעגען, וואָס זיי האָבען שוין לאַנג געהאַט זיך אַנ־געאייגענט. האָבען זיי זיך מיישב געווען, אַז אויך אָהן די דייטשען קען מען טאָן דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבען געטאָן בימי הדייטשען, און זיי האָבען יעדען ייד ביי זיין אַריינקומען אין שטאָדט געמאַכט אַ ברוך הבא מיט אַ מעסער אין דער האַנד. צו דעם האָט דער ייד געמוזט זיך ראַטעווען און אַרויסקומען אַ „גליקליכער״ פון דעם שקלאַפען־לאַגער. אַזאַ קבלת פנים האָבען די גוים געמאַכט פאַר דעם איינזאַם איבערגעבליבענעם יתום, ווען ער איז צוריק געקומען אין זיין געבורטס־שטעדטעל, מיט וועלכען ער איז געווען אַזוי ענג פערוואַקסען; ווען ער איז געקומען „אַהיים״, זעהן וואָס עס איז געשעהן מיט דעם פּלאַץ, וואו ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען, וואו ער האָט געשפּילט און געלערענט; ווען ער איז געקומען אויפפרישען די שעהנע עראינערונגען, זוכען די שפּורען פון זיינע טייערסטע און אָנ־קוקען דאָס געסעל, דעם וועג, וואו זיינע עלטערען האָבען געמאַכט זייערע לעצטע שריט . . .

דאָס אַלעס איז ענגלאַנד גאָרנישט אָנגעגאַנגען. דער ענגלישער פּאָליטי־קער האָט זיך ווייטער געהאַלטען ביי דאָס זייניגע, ביי זיין ווייסבוך, ביי זיין רשעות. נישט ער האָט געלאָזט די צעבראָכענע יידישע רעשטלעך קומען קיין ארץ־ישראל, וואו זיי וואָלטען געהאַט אַ שטיקעל ענטשעדיגונג, אַ טראָפּען טרייסט פאַר זייערע ליידען, נישט ער האָט אונטערנומען אָדער אונטערשטיצט די איניציאַטיוו, די אויסגעוואָרצעלטע ערגעץ אַנדערש־וואו אַריינצובריינגען.

ענגלאַנד׳ס סברא איז געווען, אַז די פּליטים מוזען צוריק אין זייער „היי־מאַט״, צו די פּאָליאַקען, אוקראַאינער א. א. וו. און אויב זיי ווילען נישט — אויס פּסיכאָלאָגישע טעמים, אָדער קענען נישט איבער די פּאָגראָמען וואָס ערוואַרטען זיי דאָרטען, — זאָל מען זיי שטעלען אונטער אַ דרוק, זאָל מען זיי זעצען אין לאַגערען און זיי דאָרט געבען אַזעלכע קעסט, ביז עס וועט זיי נמאס ווערען און זיי וועלען זיך ענטשליסען, צוריקצוקעהרען צו זייערע פריהערדיגע און פּאָטענציעלע מערדער.

סער הערבערט עמערסאָן, דער ענגלישער דירעקטאָר פונ׳ם צווישען־רעגירונגס־קאָמיטע פאַר פליכטלינגע, האָט די יידען וואָס האָבען איבערגע־לעבט די שרפה, געשטעמפּעלט אַלס „דיסידענטען״ און געזאָגט, אַז „ווען זיי וועלען בלייבען אין קעמפּס אונטער נישט אידעאַלע בעדינגונגען, וועט זייער ווי־דערשטאַנד געגען צוריקקעהר (צו זייערע אַלטע בתי עולם) ווערען soften up און זיי וועלען בערייט זיין צו געהן, וואוהין אימער זיי וועלען געשיקט ווערען״. אַ צווייטער ענגלענדער, גענעראַל מאָרגאַן, דער לייטער פון דער „אונראַ״, האָט זאָגאַר געזעהן אין די לעבעדיגע מתים „געזונטע מענשען מיט רויטע באַקען און פולע קעשענעס״. באַרקער האָט אויך געהאַט אַ פול מויל מיט די יידישע קעשענעס, אַ שטייגער ווי די ענגלענדער וואָלטען אַרומגעגאַנגען אָהן קעשענעס.

עס קען נישט געלייקענט ווערען, ענגלישע דיפּלאָמאַטען האָבען אַ ברייט הארץ, און ווען זיי ווילען, ענטדעקען זיי פּלוצלונג פּלאַץ פאַר אויסגעוואָר־צעלטע, אָבער פאַר גוי׳שע די־פּי׳ס. זיי זיינען חשובים, זיי הייסט דער ענג־לענדער נישט צוריקפאָהרען, זיי וויל ער נישט „ווייך מאַכען״ אין די לאַ־גערען, פאַר זיי זוכט און געפינט ער פּלאַץ אַפילו אויף די אייגענע אינז־לען. אַ חוץ 50.000 דעמאָביליזירטע פּוילישע זעלנער פון דער אַנדערס אַרמעע, האָט ענגלאַנד אַריינגענומען הונדערט טויזענד פּוילישע, אוקראַאינישע א. א. די־פּי׳ס, וועלכע זיינען צום טייל געווען נאַטאָרישע פּאָגראָמשטשיקעס, אַרויסהעלפער ביי די דייטשען בעת די עקסטערמינירונגען און זיינען צוזאַמען מיט די דייטשען ענטלאָפען פון די רוסען.

אָבער פאַר די פאָר לעבענגעבליבענע יידען איז ענגלאַנד און די וועלט נאָך אַלץ ענג, פערהאַמערט און פערשלאָסען, פאַר זיי איז נאָך אַלץ נישט געפונען געוואָרען קיין שום קאָנסטרוקטיווער פּלאַן.

כדי צו מאַכען די סעודת הבראה פאַר די יידישע אבלים נאָך שמאַק־האַפטער, האָבען זי די ענגלענדער נאָך אַביסעל צוגעווירצט: זיי האָבען פער־זאָרגט נאָך אַ די־פּי, נאָך אַ מיטאַרבייטער און חבר פון היטלער׳ן, נאָך אַ רוצח, דעם מופטי. ביי איהם האָבען זיי גע׳פּועל׳ט, אַז ער זאָל דערווייל נישט צוריק אין זיין אורשפּרונג לאַנד, נאָר בלויז קיין מצרים. זיין „נעלם״

ווערען פון דער לוקסוריעזער די־פּי־ווילע איז גוט פּאַרבערייטעט געוואָרען און ווי באַלד דער לאַקס האָט גליקליך געלאַנדעט אין פּרעה׳ס לאַנד און דער מלך מצרים האָט זיך מיט איהם צעקושט, זיינען די ענגלישע פּאָליטיקער געווען באַלד אַזוי „איבערראַשט״, ווי ביי דער „ענטדעקונג״, אַז דער דייטש האָטווירקליך אויפגעשטעלט קאַלך־אויוועגס און אַז זעקס מיליאָן יידען זיינען really פערברענט געוואָרען.

עס איז בעגרייפליך, אַז די דאָזיגע ציניש, ריקזיכטסלאָזע האַלטונג האָט געמאַכט אַ דעפּרימירענדען איינדרוק אויף דער שווער־געפּרואווטער שארית הפליטה. נאָך אַזעלכע איבערלעבענישען און ערשיטערונגען, נאָך אַזאַ פערגאַנגענהייט און מיט אַזעלכע וואונדען אין די הערצער, מוזען זיי, די קרבנות פון ענגלאַנד׳ס שונא, זיי, די קרובים פון די פערברענטע, זיי, די האַלב־גע׳הרג׳עטע, דער קליינער שיריים פון אַזאַ גרויסען, שרעקליכען חורבן, מוזען זיי זיך ווייטער אַרומוואַלגערען בערום ובחוסר כל, אָהן אַ היים, אָהן פאַמיליע, אַליין אין דער וועלט, אָרעם ווי די נאַכט, אבגעריסען, אבגעשליסען, אָהן אַ אָנהאַלט, אָהן אַ טרייסט, אָהן אַ אויסזיכט אויף בעסערע צייטען. די לעצטע האָפנונג, די איינציגע נחמה, אין ארץ־ישראל ווידער אויפצובויען דאָס איינגעפאַלענע יידישע הויז, צו גרינדען אַ נייע פאַמיליע און ווידער צו פיהרען אַ נאָרמאַל לעבען — די האָפנונג האָט ענגלאַנד פון זיי אַוועקגערויבט. ווידער האָבען זיי זיך געזעהן בע׳עולה׳ט פון דעם זעלבען פאָלק. דער זעלבער ענגלענדער, וואָס האָט זייערע גע׳הרג׳עטע קרובים פערשפּארט דעם וועג צו רעטונג, שטעהט ווייטער פאַר דעם טויער פון ארץ־ישראל און לאָזט נישט אַריין דעם פערבליבענעם רעשט. די שטימונג ביי די ענטוישטע איז געוואָרען וואָס אַמאָל פערביטערטער, גערייצטער. זיי זיינען מיד געוואָרען וואַרטענדיג און האָבען איינגעזעהן, אַז אויף דעם לעגאַלען וועג קען מען פון ענגלאַנד גאָרנישט ערוואַרטען. מענשען וואָס זיינען געווען קרבנות פון באַרבאַרישע געזעצען, מענשען וואָס האָבען פון דער ערפאַהרונג געלערענט, אַז געזעץ איז גראד דער געגענטייל פון רעכט, אַז לויט אַ געוויסען געזעץ האָבען געמוזט 50.000 יידען אין איין טאָג פערברענט ווערען, מענשען וואָס זיינען געווען קרבנות פון לעגאַליזמען און אַמטליכע בעשייניגונגען, אַזעלכע מענשען האָבען נישט קיין גרויס דרך ארץ פאַר געזעצען, וואָס פיהרען צו עהנליכע רעזולטאַטען.

פאַר מענשען וואָס האָבען זעקס יאָהר לאַנג אַסאָציאירט לעגאַליטעט מיט אומקום, וואָס האַבען געוואוסט, אַז „לעגאל״ מוזען זיי געשאָכטען ווערען און יעדער אָטעם פון זיי איז אונלעגאל, אַזעלכע מענשען רעספּעקטירען נישט מעהר קיין אונגערעכטע לעגאַליטעטען.

אויב לעגאַל הייסט פאָרטזעצונג פון יידישער נויט און אונלעגאל קען

בעדייטען די התחלה פון ענדליכער פרייהייט, אויב „קוואָטאַ״ הייסט אויס־זיכט־לאָז וואַרטען, און אויסנאַרען דעם נאַרער קען פיהרען צו אַ ניי לעבען אויף אונזער אַלטער ערד, וועלען מיר בעטרעטען דעם וועג, וואָס אין די אויגען פון די אונגערעכטע איז ער אונגערעכט, דעם וועג וואָס קרומע רופען איהם קרום. מער־טירער, וואָס האָבען יאָהרען לאַנג געזעהן דעם מלאך המות פאַר די אויגען, האָבען נישט קיין אַנגסט פאַרן טויט. די וואָס האָבען אַזוי פיל פורכטבאַרעס איבערגעלעבט, זיינען פורכטלאָז. געשטראָפטע האָבען נישט קיין מורא פאַר שטראָף, בפרט ווען זיי האָבען נישט וואָס צו פערלירען. אנשטאָט ווייכער זיינען זיי אימער מעהר האַרט געוואָרען, האַרט, פערדראָסען, אונגעדולדיג און אונאויפהאַלטזאַם אין זייער ענטשלוס, עובר צו זיין אויף די אונגעזעצליכע געזעצען. שטעהענדיג פאַר די ברירה: לע־גאַלע ירידה אָדער אונלעגאַלע עלי׳, האָבען זיי אויסגעוועהלט דאָס צווייטע. זיי האָבען רעוואָלטירט געגען די גוי׳שע דעפיניציע פון לעגאַליטעט. נישט חלילה מיט געוואלט־אַקטען. זיי האָבען קיינעם נישט בע׳גנב׳עט, יעקב האָט לבנ׳ען גאָרנישט געטאָן, ער איז בלויז אַוועק פון איהם, ווייל עס איז איהם שוין מיאוס געווען פאַר זיינע שקרים און פערשלעפּונגען. איך בין שוין פון דיר געגנוג אויסגענאַרט און פערפיהרט געוואָרען, מיסטער לבן, איצט בין איך פעסט ענטשלאָסען דיין בלאָקאַדע צו ברעכען און עובר צו זיין אויף דיינע בעפעהלען און פּאַראַגראַפען.

אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט אַ רעגעל־רעכטע „מלחמה״ צווישען פּאַראַגראַפירטע, לעגאַלע ענגלענדער און נומערירטע, אונלעגאַלע יידען, אָדער ווי דער „סאָציאַליסט״ בעווין האָט עס אָנגערופען, צווישען יידען (וואָס זיינען, סאָררי, נישט ווילינג, צוריק אויפצובויען איירא‍פּע) און קריסטען. לבן האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען, אַ קלייניגקייט, יעקב האָט געמאַכט אַ ויברח, יעקב האָט זיך פערגעסען צו געזעגענען, יעקב האָט נישט געוואַרט אויף קיין פּערמיט, יעקב איז געגאַנגען אונלעגאַל. יעקב איז געוואָרען אַ געפעהרליכער קאָנקורענט, ער טויג שוין אויך צום שווינדעל, יעקב קען שוין לבנ׳ס תורה, ער ווייס שוין אויך אויסצונאַרען. ער איז אַריין אין מיין געביט, פערלעצט מיין מאָנאָפּאָל, מיין סואווערעניטעט. דער הינקעדיגער יעקב קען אויך לויפען. אַזאַ רציחה, וואָס וועט דער מופטי דערצו זאָגען! פליטים עליך אנגליא, די סכנה איז אונבעשרייבליך.

דער ענגליש־קאָצעטישער קריג.

ווי פּרעה אין זיין צייט, האָט בעווין איינגעשפּאַנט אַלע פערד, מאָביליזירט דעם גאַנצען פלאָט און אַרויסגעשיקט די לופט־מאַכט צו די הימלען. דער „קאַמף״ איז אָנגעגאַנגען אין די ימים, אויף דער יבשה און אין דער לופט.

אַלע שטרייט־קרעפטען האָבען זיך קאָמבינירט צו איין סטראַטעגיע: נאָכצו־לויפען די פיינדליכע, ד. ה. די יידישע שיפלעך. די ענגלענדער האָבען אויך ריכטיג מאַנכע שיפלעך אויסגעשפּירט, זיי האָבען (אויסנאַמסווייז) גע־וואונען שלאַכטען און געפייערט „נצחונות״. זיי האָבען געכאַפּט דעם גנב ביי דער נומערירטער האַנד, זיי האָבען גענומען געפאַנגענע און עראָבערט שי־פען. און אויב די פּליטים האָבען נישט געוואָלט אַרונטער פון דער שיף, האָ־בען די גאַלאַנטע בריטען געשלאָגען, געשלאָגען שוואַנגערע פרויען און צו־בלוטיגט קינדער, געהאַקט אויף זקנים און צובײלט נומער׳ירטע הענד, גע־שלאָגען ווען עס לאָזט זיך און וואו עס לאָזט זיך.

אַזוי ווי ענגלאַנד האָט פון תמיד אָן נישט ליב אַליין צו קעמפען, האָט זי ליתר שאת זיך געווענדעט צו אַנדערע מלוכות און צו די פּראַייוואַטע פעלקער נאָך „הילף״, זיי זאָלען למען השם האַלטען אַ אויג אויף די מחנות פּליטים, די פליטים זאָלען נישט דורכגעלאָזט ווערען, זיי זאָלען אויפגעהאַלטען ווערען, זיי זאָלען קאָנטראָלירט ווערען, זיי זאָלען ווייס איך וואָס. פילע פון די לענדער, צו וועלכע ענגלאַנד האָט אַרויסגעשיקט די ס.־אָ.־ס. רופען, האָבען טאַקע געפאָלגט און געהאָלפען דער ענגלישער אימפּעריע, וואָס איז נעבעך געווען פערוויקעלט אין אַזאַ שווערען פערטיידיגונגס־קריג געגען די יידישע פּליטים. צווישען די וואָס האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די שוואַכערע, ד. ה. פון די ענגלענדער, איז אויך געווען דער געלעהמטער טערק. אינ׳ם קריג איז ער געווען היטלער׳ס שטילער שותף און איז געשטאַנען מיט איין פוס אויף דער אַקס. יעצט איז ער דאָס קעסט־קינד פון אַמעריקע און ווערט פון איהר פינאַנציעל און מיליטעריש אויסגעהאַלטען. אויף דעם וואונש פון דעם נייעם שותף, בעווין, האָט די טערקיי דעם 24־טען יוני 1947 בעאויפ־טראַגט איהרע גרעניץ־וועכטער, די קרבנות פונ׳ם גע׳פּגר׳טען פריהערדיגען חבר, היטלער, נישט דורכצולאָזען קיין ארץ־ישראל. די פעלקער אָהן אונ־טערשייד פון גלויבען, האָבען זיך גערעכענט מיט ענגלאַנד׳ס הילפסרוף. בפרט ווען זיי האָבען געהערט, אַז צווישען די אונלעגאַלע געפינען זיך אַזעלכע, וואָס פערשטעהען אַביסעל רוסיש! מיט דעם ביסעל רוסיש האָבען די ענגלענ־דער אַריינגעוואָרפען שוין אַ גאַר גרויסע באָמבע אין די מח׳לעך פון אונ־זערע דיפּלאָמאַטעלעך. דאָ איז שוין אַפּעלירט געוואָרען צו די סאַמע קישקעס פון דער מערב־דעמאָקראַטיע, דאָס האָט שוין אָנגעריהרט די סאַמע קעשענע (יאָ, די וואָל־סטריט מענשען האָבען אויך קעשענעס) פון אונזערע וועלט־פער־זאָרגער. דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט די ענגלישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין, דאָס האָט שוין בעדייטעט נערווען־קריג, אַ מין פּסיכאָלאָגישע אַטאָם־באָמבע.

1940 האָבען יידישע פּליטים מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ געפאַהר, ווייל עס האָבען זיך צווישען זיי געפונען אַזעלכע וואָס האָבען פערשטאַנען דייטש.

איז טאַקע ענגלאַנד געווען פאַרזיכטיג, זי האָט די רעפּיודזשיס אינטערנירט און אַוועקגעשיקט קיין קאַנאַדאַ און אויסטראַליען. אונטערוועגס זיינען זיי שיקאַנירט און ווי ריכטיגע „נאַציס״ בעהאַנדעלט געוואָרען. אָנקומענדיג אין קאַנאַדאַ און אויסטראַליען האָבען זיי אָנפאַנגס געמוזט לעבען אין קעמפּס, אונטער אונמענשליכע בעדינגונגען. היינט זיינען יידישע פּליטים נישט מעהר קיין נאַציס, ווייל דאָס וואָלט שוין לויט דער נייער ענגלישער אויפפאסונג און אָריענטירונג, געווען אַ פּריווילעגיע פאַר זיי; איצט זיינען זיי רוסען . . .

אינמיטען ענגליש־קאַצעטנישען קריג האָט זיך ענגלאַנד אַ דערמאָן־געטאָן, אַז אין דעם יאָהר 1878 האָט אַ עלטער־פעטער פון די קאַצעטניקעס, די־זראַעלי, איבערגעפיהרט דאָס אינזעל ציפּערן מרשות טערקיי לרשות בריטאַניע. האָבען די ענגלענדער תיכף ומיד אַריבערגעשיקט אַהין די צעקיילטע און צעביילטע איללעגאַלע פּליטים און זיי, ווי דער שטייגער איז, איינגעשפּאַרט און אַרומגעצוימט מיט שטעכיגע דראָטען, כדרכם בקוליטש. די בעהאַנד־לונג פון די פּליטים איז נישט צו פערגלייכען מיט דער בעהאַנדלונג פון די דייטשע געפאַנגענע, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דעם זעלבען אינזעל. די דייטשען האָבען גענאָסען פערשידענע פרייהייטען, אָבער די יידישע „פּיראַ־טען״ האָט מען נישט געלאָזט דעם קאָפּ אויפהויבען. זאָגאַר די גריכישע בע־פעלקערונג פון ציפּערן האָט געוואוסט, מיט די דייטשען צופרידען צו זיין און געגען דער אָנוועזענהייט פון די יידישע פּליטים צו פּראָטעסטירען.

צו דעם גליק, איבערגעפיהרט צו ווערען קיין ציפּערן, האָט נישט יע־דעס שיפעל זוכה געווען. די פּליטים פון „יציאה 1947״ האָבען נאָך די מכות רצח, וואָס זיי האָבען בעקומען נאָכן אַריינפאַלען אין די ענגלישע הענד, געמוזט צוריק קיין דייטשלאַנד. פריהער האָבען די ענגלענדער זיי גע־שלעפּט קיין פראַנקרייך, וואו זיי זיינען געהאַלטען געוואָרען ביי דער ברענענ־דיגער היץ אָהן וואַסער. די פראַנצויזען האָבען זיי געוואָלט אויפנעהמען, אָבער די פּליטים איז נישט געגאַנגען וועגען דער פערבעסערונג פון זייער אייגענער לאַגע, זיי האָבען געוואָלט אויסקעמפען פאַר די אַנדערע קרבנות אַ מקום מנוחה אין ארץ־ישראל. אין דער פראַגע פון אויסלאַדען מיט צוואַנגס־מיטלען די יידישע סחורה, זיינען אָנגעגאַנגען היציגע פערהאַנדלונגען צווי־שען די ענגלישע און פראַנצויזישע רעגירונגען. ענגלאַנד׳ס שטרענגע שטע־לונג האָט פערטראָטען דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, דאָף קופער. דער זעלבער דאָף קופער, וואָס האָט אין 1939 בעטראַכט די בעהאַנדלונג פון די פּליטים אַלס קריטעריאָן פון מענשליכער אנשטענדיגקייט, האָט יעצט רע־פּרעזענטירט דאָס אונהומאַנע, מיטליידסלאָזע בעווין־סיסטעם און האָט דעם אונבויגזאַמען שטאַנדפּונקט געגעבען זיין פּערזענליכען נאָכדרוק. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער וואַקעלדיגקייט, פאַלשקייט און וואַנדעלבאַרקייט

פון די פּאָליטיקער, אשר פּיהם דבר שוא וימינם ימין שקר. אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען פּריוואַטע מענשען און זייערע ווערטער האָבען נישט קיין שום בעדייטונג, זיינען זיי מילד מיט פיינע, אַלטרואיסטישע סטייטמענטס. קוים זיינען זיי אָבער געקומען צו אָפיציעלע שטעלעס, פּערגעסען זיי וואָס זיי האָבען פריהער געזאָגט, זיי ווערען שטיל, קאַרג מיט ווערטער און האַנדלען קאַפּויר. ווער איהר דאָך אפשר ענטשולדיגען דאָס קופּער׳ן, אַז ער איז גע־ווען בלויז אַ אויספיהר־אָרגאַן און האָט געמוזט אויספאָלגען די לאָנדאָנער אינסטרוקציעס? דאָס איז אָבער נישט קיין תירוץ. אויב דאָס קופּער איז אַזאַ הומאַניסט ווי ער האָט קודם מתן בענקעל בעהויפּטעט, האָט ער בע־דאַרפט דעמיסיאָנירען, אום נישט צו האָבען אַ האַנד אין אַזאַ באַרבאַרישען עסק.

אַזוי ווי ענגלאַנד האָט אין אַ פרעמדען פּאָרט נישט געקענט אָנווענדען קיין בייטשען און טרעהרען גאַז־באָמבעס, האָט זי געבראַכט די „יציאה 1947" צו אַ דייטשען האַפען. דאָרט זיינען די ענגלענדער שוין געווען אין דערהיים; דאָרט, אין דעם לאַנד פון מכות, האָבען זיי שוין געהאַט אַ "רעכט" צו שלאָגען און אָנצואווענדען געוואלט. די ענגלישע שלעגער האָבען גענו־מען צו הילף דייטשע שלעגער. 500 האַמבורגער פּאָליציאַנטען האָבען זיך געלאָזט איבעררעדען צו „העלפען" די ענגלענדער אַלס „אַסיסטענט"־היצעלעס און האָבען באַין ברירה געריסען יידישע טעכטער ביי די האָר, צע׳מזיק׳ט קינדער און זקנים. איין אַרבייט האָבען די דייטשע פּאָליציאַנטען זיך געקענט איינשפּאָרען: די יידען צו נומערירען, ווייל מיט דעם האָבען זיי שוין די זעלבע פליטים פּערזאָרגט מיט עטליכע יאָהר פריהער. דורך די 500 דייטשע אַרויסהעלפער האָט דאָס גאַנצע דייטשע רוצחים־פאָלק אין זיין געשלאָגענ־קייט געהאַט די סאַטיספאַקציע, ווידער אַמאָל, מיט ענגלאַנד׳ס רשות, צו ממית׳ן יידען. אין דער ענגלישער אַריינציהונג פון דייטשען אין אַזאַ מלאכה, האָבען די דייטשען בעקומען אַ בולט׳ע בעשטעטיגונג, אַז זייערע מערדערייען זיינען געווען בעגרינדעט און אַז דער פיהרער איז געווען גערעכט. ענגלאַנד האָט שוין אַ „טראַדישאָן" ביי אַנטי־יידישע אַקציעס איבערצוגעבען „מי־סיעס" צו אַנדערע שונאי ישראל, אַלס מיטשלעגער אָדער אַלס אויפּפּאַסער פון תפיסות, וואו יידען זיינען איינגעשפּאַרט. אַזוי האָבען זיי זיך בעדינט מיט די פּאָליאַקען פון דער אַנדערס־אַרמעע, מיט די אַראַבער פון עבר הירדן, פון ארץ־ישראל א. א. וו.

וועגען דער בעהאַנדלונג פון די „יציאה" פליטים האָט מאַרשאַל פּראָ־טעסטירט צו בעווין. דער טעקסט פון דער נאָטע און דאָס התלהבות פונ׳ם פּראָטעסטאַנט זיינען געווען עהנליך צו די דעמאַרשעס וואָס האָל האָט אין זיין צייט געשיקט צו דעם אינצווישען געהאַנגענעם ריבענטראָפּ. און האָט

אויך ממילא געהאַט דעם זעלבען עפעקט.

אַ טאָג נאָך דעם „יציאה"־סקאַנדאַל האָט בעווין געהאַלטען אַ רעדע און געזאָגט: „ענגלאַנד איז אַ שוץ־מויער פון דער מערב־קולטור" . . .

עס קען נישט בעהויפּטעט ווערען, אַז די ענגלענדער זיינען אַ אונדאַנק־באַר פאָלק. זיי האָבען אַרויסגעוויזען אַ ריהרענדע דאַנקבאַרקייט, ווען שוין נישט צו די געשלאָגענע פּליטים׳ס עלטער פעטער דיזראַעלי, איז לפּחות צו די שלעגער גופא. זיין מאַיעסטעטס סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט בע־עהרט מיט „דיסטינגווישד סערוויס" מעדאַלען די 31 העלדישע מאַטראָזען, וואָס האָבען די געשלאָגענע אַזוי טאַפּפער און אונערשראָקען געשלאָגען. דעם זעלבען „דיסטינגווישד סערוויס"־כבוד האָט דער ענגלישער קעניג צוגע־טיילט דעם קאַפּיטאַן פאַרראַן, וואָס האָט געקידנעפּט און ערמאָרדעט אַ 16 יעהריגען יידישען בחור (אַלכסנדר רובאָוויץ) אין ארץ־ישראל.

ווען די ענגליש־אַמעריקאַנישע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל האָט איינשטימיג בעשלאָסען אַריינצולאָזען הונדערט טויזענד יידען קיין ארץ־ישראל, האָט ענגלאַנד אַריינגעשיקט קיין ארץ־ישראל, במקום יידישע פּליטים, 100.000 זעלנער, וואָס האָבען געמוזט אַוועק פון דעם לאַנד, וואָס האָט קולט געוועזען דעם מופּטי.

דער אויפשטאַנד פון׳ם ישוב.

ווען אַ פאָלק ווערט נאָך אַזאַ שרעקליכען חורבן אַזוי געטראָטען, בעליידיגט און פון זיינע עלעמענטאַרסטע לעבענסרעכטע בערויבט, ווער וועט עס פאַראי־בעל נעהמען זיין יוגענד, ווען זי וואַרפט זיך אויף די מיטלען, וואָס די ענג־לענדער האָבען בעת דעם קריג געראַטען אַלע אָקופּירטע פעלקער: צו גרינ־דען אַ אונטערגרונד־בעוועגונג. ווער וועט פאַראיבעל נעמען אַ ענטוישטער און פערצווייפעלטער יוגענד, ווען זי נעמט זיך צום לעצטען אויסוועג, צום שווערד, כדי צו פערטיידיגען דאָס לעבען, די צוקונפט און דעם כבוד פון איהר פאָלק און לאַנד? זעקס מיליאָן יידען זיינען געגאַנגען צו דער שחיטה ווי פערלוירענע שאָף. דאָס טאָר זיך נישט איבער׳חזר׳ן. אין ארץ־ישראל פיהלען מיר זיך אין דער היים, דאָ ווילען מיר צוריקשלאָגען. דאָ ווילען מיר זיך ווערען, און אויב פאַלען, איז מיטן געווער אין דער האַנד, אויב שטאַרבען, מוז אויך דער הורג פיהלען טעם מיתה. אויב דעמיטיגט ווערען, זאָל אויך דער שונא שפּירען, וואָס הייסט שפּלות. אויב דו האָסט נישט קיין רחמנות מיט איינגעשרומפּענע, צעבראָכענע שאַרבענס, ווילען מיר קיין ריקזיכט נעהמען אויף אַ גרויס, מעכטיג וועלט־רייך. פאַר דיר ענגלאַנד איז ארץ־ישראל איינע פון דיינע פילע פרעמדע מעלק־קי, איין פונקט

אויף דיין ווייטער „לעבענס־ליניע”, פֿאַר אונז איז ארץ ישראל דאָס לעבען, אַלץ, דער איינציגער ליכט־שימער, דער איינציגער לייכט־טורעם, וואוהין די אָפּענגעבליבענע אויגען קוקען. דו, גרויסבריטאַניען, שטעהסט נאָך אַ זיג, מיר שטעהען נאָך אַ שחיטה, מיר האַנדלען אין נויט־וועהר, בבחינת פער־צווייפעלטע, אין אַ יעבור עלי מה־סטיל, מיר ווילען האָבען עפּעס, דו ווילסט נאָך. מיר זיינען אָנגעגריפענע, דו ביזט דער אָנגרייפער. דו טרייבסט פּאָליטיק, מיר ראַנגלען זיך פֿאַר אָטעם, דאָס רעכט איז אויף אונזער זייט!

אין ילקוט שמעוני (פ׳ אחרי, תקע״ה) ווערט בעמערקט צו דעם פסוק ונשא השעיר עליו, נוטל הקב״ה כל עונותיהם של ישראל ונותנן על עשו הרשע, שנ׳ ונשא השעיר עליו, ואין שעיר אלא עשו שנ׳ הן עשו איש שער. אויב אַ ייד נעמט זיך צו אַ אונערלויבט מיטעל, איז עשו דער גורם. דורך עשו׳ס האַל־טונג ווערען יידישע קינדער געצוואונגען צו טאָן זאַכען, וואָס נאָרמאַלער־ווייזע וואָלטען זיי עס קיינמאָל נישט אונטערגענומען. ווען נישט ענגלאַנד׳ס פּראָוואָקאַטאָרישע, אונמענשליכע האַנדלונגען, וואָלטען יידישע יינגלעך קיינ־מאָל נישט בעגאַנגען קיין געוואַלטאַקטען.

ווען עמיצער וועט וואַגען אָנצוגרייפען איינע פון די בריטישע קאָלאָניעס אָדער גאָר די בריטישע אינזלען גופא, איז עס אַ זעלבסטפערשטענדליכקייט, אַז די ענגלענדער וועלען קעמפען ביי זייערע ברעגעס, אויף די פעלדער, אויף די דעכער פון די הייזער, און קיין וואפען וועט זיי נישט זיין שאַרף גענוג. מען וועט זיי אָנרופען העלדען, פּאַטריאָטען, און עס וועט קיינעם נישט איינ־פאַלען, די ענגלישע פערטיידיגער פון זייערע לעבענס אָדער אימפּעריאַליס־טישע אינטערעסען צו שטעמפּלען אַלס עקסטרעמיסטען אָדער גאָר טעראָ־ריסטען. אָבער ווען אַ יידישער יתום פיהלט אין זיך דעם דראַנג, זיין ליי־דענס גענאָסען, אַ אַנדערען יתום, צו העלפען אַרויסראַטעווען זיך פון איי־ראָפּעאישען גיהנם; ווען אַ יידישער יתום, וועמענס עלטערען און געשוויסטער זיינען דורך די דייטשען אויסגעשאָכטען געוואָרען (נישט גאַנץ אָהן ענג־לאַנד׳ס מיטשולד), רייסט זיך צום לאַנד פון זיין נחמה, דאַן איז ער אַ טע־ראָריסט, וואָס אחת דתו להמית. בעווין האָט אויפגעשטעלט תליות, און דער ענגלישער הענקער איז געוואָרען „ביזי”, איין יונגער יידישער אידעאַ־ליסט נאָכן אַנדערען האָבען געמוזט בעצאָהלען מיט זייער לעבען פֿאַר זייער זעלבסטפערטיידיגונג, פֿאַר זייער פּאַטריאָטיזם, פֿאַר זייער ליבע צו די אונ־גליקליכע פאָלקס־גענאָסען. יידישע בחורים, וואָס מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבען זיי געקעמפט צוזאַמען מיט די ענגלענדער געגען ראמעל און זיינען אויסגעצייכענט געוואָרען פאַר זייער העלדישקייט, האָבען אַרונטערגע־האַנגען פון די תליות און די מופטישע היטלער־פריינד וועמענס קריגס־לייס־

טונגען זיינען בעשטאַנען אין סימפּאַטיזירען מיט דייטשלאַנד, האָבען צו־געקוקט . . .

אין דעם טאָג, ווען די ענגלענדער האָבען אין ארץ־ישראל אויפגעהאַנגען מיט אַמאָל דריי בחורים, וואָס האָבען זיך מקריב געווען צו העלפען אַנדערע, אין דעם זעלבען טאָג האָבען די ענגלענדער סוספּענדירט דעם טויט־אורטייל פון דריי דייטשע מאָרד־גענעראַלען (קעסעלרינג, מאַקענזען און מעלצער), וואָס האָבען בעפוילען אויסצו׳הרג׳ענען טויזענטער איטאַליענישע ציוויליסטען. די ענגלישע היכע קאָמאנדא האָט ערקלעהרט: „נאָך דער בעטראַכטונג פון אַלע בעוויזען האָבען מיר, אמת, געפונען אַז די פּעראורטיילונג איז אַ גערעכטע, דאָך האָבען מיר בעשלאָסען צו שענקען זיי דאָס לעבען און אומבייטען דעם טויט־אורטייל אויף לעבענס־לענגליכע תפיסה״. און ווי די פיינע ענג־לענדער זיינען שוין געבויט, וועלען די דריי דייטשע גענעראַלען בקרוב אַמנעסטירט ווערען.

נישט נאָר די „טעראָריסטען״ זיינען בעשטראָפט געוואָרען, דער גאַנצער יידישער ישוב האָט געמוזט ליידען. פאַר די „פערברעכענס״ פון יחידים זיינען אויף גאַנצע יידישע שטעדט אַרויפגעלעגט געוואָרען שווערע שטראָף, אַ טאַק־טיק וואָס איז פון די ענגלענדער קיינמאָל נישט אָנגעווענדעט געוואָרען געגען די דייטשען. די דייטשען האָבען נישט געטאָרט ליידען פאַר די זינד פון זייערע פיהרער, אדרבה, זיי זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער ענגלישען שוץ, און עס האָט זיי נישט געטאָרט געקרימט ווערען קיין האָר. ווען אַ ענגלישער אָפיציר איז ערמאָרדעט געוואָרען, האָט מען נישט די גאַנצע דייטשע געמיינדע קאָנטריבוטירט. מיר האָבען אויך נישט געהערט, אַז ענגלישע סאָלדאַטען זאָלען האָבען אַריינגעשאָסען אין דייטשע קאַפע־הייזער און פּאָגראָמירען אַ גאַנצע דייטשע שטאָדט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין תל־אביב.

די יידישע „טעראָריסטען״ האָבען זיך אָבער נישט געלאָזט אבשרעקען פון דעם שאַרפען, ווירקליכען בעווינישען טעראָר. יעקב האָט געוויזען עשו׳ן, אַז ער ווייסט אויך ווי אַזוי אומצוגעהן מיט אַ שווערד. וואָס מעהר בעווין־עשו האָט געהאַנגען, אַלץ מעהר „טראָבעל״ האָט איהם יעקב געמאַכט. אַ פליג געגען אַ לייב, אָבער ווען די פליג האָט אויסדויער, קען זי אַפילו אַ לייב גאַנץ גוט דערקוטשען. דאָס וואָס הונדערטער מיליאָנען אינדיער האָבען נישט געקענט אויפטאָן אין הונדערטער יאָהרען, האָט אַ קליין הייפעל יידען אין אַ פערהעלטניסמעסיג קורצער צייט בעוויזען. יידישע פליגעלעך האָבען דעם ענגלישען לייב מיד און נערוועז געמאַכט. זיי האָבען אַזוי לאַנג געביסען דעם ענגלישען לייב, ביז עס איז איהם מיאוס געוואָרען. ענגלישע קאַרפּען־קעפּ האָבען זיך אָנגעהויבען פיהלען אונזיכער אַפילו אין לאָנדאָן . . . דער

ענגלענדער, וואָס האָט אַ רייכע ערפאַהרונג ווי אַזוי צו „הענדלען” נייטיווס, האָט אין ארץ־ישראל פערלוירען די געוואוינטע קאַלטבלוטיגקייט. די ענגלישע מלומדי מלחמה זיינען אַרויס פון די כלים, פונ׳ם קאָנצעפּט הייסט עס. אַלע קאָלאָניאַלע שאַבלאָנען האָבען פערזאָגט, די טעקסט־ביכער און רעצעפּטען, ווי אַזוי אונטערצודריקען רעבעלירענדע „סאָבזשעקטס”, האָבען געטויגט אויף כפּרות. די דריידלעך זיינען אויסגעאַנגען. די פערשלעפּונגס־מעטאָדען, ראַונד־טייבעל קאָנפערענצען, קאָמיסיעס, פערהערען און ווייס־ביכער האָבען זיך אויסגעשעפּט. ענגלאַנד האָט נישט געזעהן קיין אַנדערען אויסוועג, ווי איבערצוגעבען דעם ענין פאַר דער יו־ען. ענגלאַנד האָט גערעכענט מיט דער לאַנגזאַמער אַרבייט פון דער יו־ען מאַשינעריע, דערווייל געווינט מען צייט, אַי וואָס ווייטער? קען דאָך אינצווישען געשעהן אַ נס, אַ שטיקעלע וועלט־קריג, אַ ברידער־קריג צווישען די יידישע אונטערגרונד אָרגאַניזאַציעס וכדומה; די צייט קען היילען אפילו וואונדען פון אַ פליג; און למשל טאָמער וועלען זיך אַלע האָפנונגען און קאַלקולאַציעס אויסלאָזען אַ בוידעם, וועלען מיר טאַקע אַרויסגעבען דאָס פּאַלעסטיין פון דער האַנד, און פליז גאָד, פּטור ווערען פון די יידישע פליגען־ביסען.

בעווין געזעגענט זיך . . .

אַזוי ווי די ענגלענדער האָבען זיך אָבגעזאָגט פון יעדער קאָאָפּעראַציע, איז געלייסטעט געוואָרען צימליך שנעלע אַרבייט, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די יו־ען האָט גענומען צו קענטניש ענגלאַנד׳ס ערקלערונג, אַז זי וויל אויפגעבען דעם מאַנדאַט און האָט גע׳פסק׳נט, אַז דאָס מאָל זאָלען די בעוויניאַנער יאָ האַלטען וואָרט און מוחל זיין אַרויסגעהן פון ארץ־ישראל טאַקע בהקיץ.

געהן געהט זיך נישט אַזוי שנעל, מען מוז דאָך צונויפּפּאַקען די זיבען זאַכען, ממילא קען מען בין הזמנים נאָך עפּעס אויפטאָן. אַרויסגעהענדיג קען מען נאָך אַ סך „מתקן” זיין און גאָר קומען צום געוואונשענעם תכלית. לעת עתה זיינען מיר דאָך נאָך דאָ, קיינער יאָגט אונז נישט און אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען נאָך די בעלי בתים, קענען מיר נאָך האַלטען אַ open door צו פער־שידענע געהיימע פערהאַנדלונגען, אינטריגעס א. א. וו., אפשר, טאָמער, דאָך. וועלען מיר אין דער צווישענצייט נישט געהן לעדיג. דערווייל זאָלען זיך די אַראַבישע לענדער דערהיצען, צעבושעווען און צעגוואַלדעווען, צעהנד־ליגער טויזענטער אַראַבער פון די שכנות׳דיגע לענדער זאָלען „אונלעגאַל” אַריינשטראָמען (געגען זיי איז דער ענגלישער פלאָט מאַכטלאָז, ווייל די אַראַ־בער קומען דאָך נישט מיט שיפלעך איבערן ים נאָר מיט וועגען אויף דער

יבשה), זאָלען די אַראַבער זיך גוט בעוואָפּענען (זייערע כלי־זין שטאַמען דאָך נישט פון אונלעגאַלע עמבאַרגאָ פערלעצענדע זענדונגען, וואָס ווערען געשיקט דורך יידישע טעראָריסטען פון אַמעריקע, נאָר וואָס מיר גיבען פון די אַמע־ריקאַנער לענד־ליעס מתנות צו די אַראַבער אַלס לענד־ליעס). זאָלען די אַראַבער מיט זייערע כשר׳ע וואפען איבערפאַלען יידישע שטעדט, דערפער און קאָלאָניעס, זאָלען זיי הרג׳ענען טויזענטער יידען, מיר וועלען שוין קומען נאָך די הריגות, מאַכען אָרדנונג, ד. ה. צונעהמען ביי די בעפאַלענע דאָס גע־וועהר. מיט אַנדערע ווערטער, מיר וועלען די יידען האַלטען ביי די הענד און דו מופטי שלאָג! אי, די יידען וועלען פרעגען היתכן, שעהמסט זיך נישט צו זיין אַזוי פּאַרטייאיש, אַזוי אונגערעכט, וועלען מיר אַרויסגעבען (מערץ 1948) אַ אָפיציעלען סטייטמענט, אַז „דער יידישער ישוב איז נישט ווערט, אַז ענגלאַנד זאָל שיצען זיין לעבען״.

די יו־ען איז טאַקע אַ וויכטיגע אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט, וואָס מוז פון יעדען רעספּעקטירט ווערען, און טאָמער וואגט עמיצער אָבצואווייכען פון טשאַרטער, איז ער אַ עברין, אַ פרידענסברעכער. במה דברים אמורים, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַנדערע, אָבער ווען ענגלאַנד אַליין איז דער בעל דבר, מעג מען שוין סאַבאָטירען געזעצליך און פייערליך געפאסטע בע־שלוסען פון דער יו־ען; מאַכט עס גאָרנישט אויס, ווען מען לאָזט נישט אַריין אַ יו־ען קאָמיסיע קיין ירושלים; ווען מען האַלט נישט דעם פסק, פריי צו מאַכען אַ פּאָרט פאַר יידען דעם 1־טען פעברואַר 1948. ווען צוויי טוען דאָס זעלבע, איז עס דאָך נישט גלייך. ענגלאַנד האָט אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע, חוזק צו מאַכען אויס דער העכסטער אינטערנאַציאָנאַלער אינסטאַנץ, וואָס ענגלאַנד וויל אַזוי דערהאַלטען און שיצען אַלס אינסטרומענט פון פעלקער זיכערהייט און וועלט פרידען.

ביני לביני איז עפּעס איינגעטראָטען, וואָס עס האָט דעם ענגלישען מאַני־פולאַנט שטאַרק אימפּאָנירט און באַלד האָט זיך געדאכט, אַז אָט קען דער מלומד בנסים שוין ווידער צוריק אויפפּאַקען די רענצלעך. די טשעכאָסלאָ־וואַקיע איז געוואָרען קאָמוניסטיש און אַ מלחמה־שטערענדעל האָט זיך בע־וויזען אויפן פּאָליטישען הימעל. נייע פּערספּעקטיוון, נייע פעלדער זיינען געעפענט געוואָרען פאַר דער ענגלישער דיפּלאָמאַטיע. פּונקט ווי סטאַלין בעדאַרף דעם קאָמוניזם, כדי אויסצושפּרייטען דעם רוסישען איינפלוס, אַזוי בעדינט זיך בעווין מיטן אַנטי־קאָמוניזם פאַר זיין אימפּעריאַליזם. די רוס־לאַנד־פיינדליכע שטימונג און די מיט איהר פערבונדענע קריגס־פּסיכאָזע האָט געגעבען ענגלאַנד די פּאַסענדע געלעגענהייט, צו „איבערצייגען״ טרו־מאַן, ווי וויכטיג עס איז פאַרן פרידען פון דער וועלט, בטל צו מאַכען דעם בעשלוס פון דער יו־ען. היות אַ קריג שטעהט שוין פאַר דער טיר און אוי־

סערגעוועהנליכע צייטען ערלויבען אויסעראָרדענטליכע מאָסנאַהמען. עס צאָהלט זיך אויס, צו בעגראָבען דעם פרעסטיזש פון דער יו־ען, אָבי צו בע־רוהיגען די אַראַבער. אינ׳ם קאַמף געגען קאָמוניזם איז די „לאָיאַליטעט״ פון דער אַראַבישער וועלט אַ וויכטיגערער פאַקטאָר ווי די שטימען און די געשרייען פון די ניו יאָרקער יידען. עס איז דעריבער אַ יושר, אַז אַמעריקע זאָל חוזר זיין און אַזוי אויך די גאַנצע יו־ען. מיר האָבען אויך חוזר געווען פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און עס איז אונז גאָר נישט געשעהן; די אַרכיטעקטאָניק פון אונזער אימפעריע איז נישט בעשעדיגט געוואָרען, מיר האָבען ווייטער געקענט אַרבייטען פאַר גערעכטיגקייט און מיר זיינען געבלי־בען דאָס וואָס מיר זיינען תמיד געווען: די אַדוואָקאַטען פון דער דעמאָ־קראַטיע און די אפּטרפּוסים פון די שוואַכע פעלקער. וועלט איז געבליבען וועלט און וועסטליכע ציוויליזאַציע איז געבליבען וועסטליכע ציוויליזאַציע. ברעכען אַ וואָרט איז גאָר נישט; בטל מאַכען אַ בעשלוס איז גאָר נישט; נישט האַלטען וואָרט איז ווידער אַמאָל גאָר נישט, און ענטוישען אַ ענטוישט פאָלק איז דאָך אודאי אַ קלייניקייט. די הויפּטזאַך איז, אַז מיר וועלען ווייטער האָבען די אַראַבער, דער מופטי וועט זיך אָפּקיהלען, די אַמעריקאַנישע אויל־מאַגנאַטען וועלען זיין צופרידען און אַלץ וועט געהן ווי מיט אַראַבישען אויל געשמירט.

טרומאַן האָט צוגעגעבען די ריכטיגקייט פון דער ענגלישער אַרגומענ־טאַציע. ער האָט איינגעזעהן, אַז מען דאַרף טאַקע מאַכען אַ ריק־צוג פאַר די אַראַבישע דראָהונגען, און אַז עס איז נישט מעהר ווי רעכט צו ווייזען אַלע־מען, אַז געוואַלט־טאַטען און בלוט־פערגיסונגען קענען ברענגען גוטע פרוכטען. די ענגלענדער האָבען געהאַט אַמעריקע דאָרט, וואו זיי האָבען איהר געוואָלט האָבען. דער שענדליכסטער פערראַט אין דער אַמעריקאַנער גע־שיכטע איז געווען פערטיג, און דאָס בע׳צער׳טע יידישע פאָלק איז ווי איבער נאַכט גרוי געוואָרען.

ענגלאַנד איז שוין מעהר נישט געווען אַליין. ווי אין אַלע איהרע מלחמות, האָט ענגלאַנד אויך דאָ בעקומען אַ פיינעם שותף. אַמעריקע האָט זיך גע־שטעלט אויף ענגלאַנד׳ס זייט. ענגלאַנד פערלירט שלאַכטען, אָבער זי גע־ווינט דעם קריג — ווען אַנדערע שלאָגען זיך פאַר איהר.

די כחות פון די בריטישע אינזלען רייכען נישט אויס פאַר די ווייט־פערצווייגטע אימפעריאַלע אינטערעסען. כדי צו קענען אָנגעהן מיט איהר וועלט פּאָליטיק נויטיגט זיך ענגלאַנד אָן אַ שטאַרקען פּאַרטנער. דאָס האָט זי געפונען אין דעם רייכען אָנקעל אַמעריקע, וועלכער דינט איהר אַלס ריקענהאַלטער אין וועמען זי ציהט אַריין אין אַלע איהרע מאַכינאַציעס. די גרייטקייט אין וואַשינגטאָן, אַלע לאָנדאָנער אונטערנעהמונגען צו דעקען,

שאַפט מאַנכעס מאָל דעם איינדרוק, אַז פּאָליטיש איז אַמעריקע ווידער גע־וואָרען דאָס, וואָס זי איז געווען פאַר 1776: אַ ענגלישע קאָלאָניע.

דער אורח בעווין האָט אויך איידעמס אויף קעסט. אָנקעל סעם דאַרף אויך זיי געבען מתנות. צו דעם צוועק האָט ער געשאַפען דעם אַפּאַראַט פון „אייראָפּעאישער ערהאָלונג" און האָט אַריינגענומען אין רעדעל אויך דעם יונגסטען איידעם — דייטשלאַנד. בעווין איז אפילו געווען גרייט איינצו־שפּאָרען די אַמעריקאַנער אַרבייט. צו וואָס דאַרף אַמעריקע זיך בעמיהען מיט הלואות צו ענגלאַנד, אַז אַמעריקע קען דאָך אַרויסגעבען אויף איינמאָל דאָס גאַנצע גאָלד איהר'ס פון פאַרט־נאָקס און עס פערטיילען . . . צו אַזאַ שטייגער סאָציאַליזירונג וואָלט עס זיך איהם געלוינט צו זיין אַ סאָציאַליסט. און אויב, מיסטער געלד־געבער, עס געפעלט אייך נישט מיין סברא, זייט־זשע מוחל און טוט זיך אַליין. אָט האָב איך פערקאָכט אַ קאַשע אין גריכענלאַנד, נעמט זי איבער; מיט טערקיי קענט איהר זיך אויך אַליין מטפל זיין; דאָס־זעלבע מיט כינע און אַלע אַנדערע קאָפּ־פערדרעהענישען. האַלט מיך אויס, האַלט אויס די לענדער וואָס איך האָב אויסגעהאַלטען, „ריקאַווער" דייטש־לאַנד און, אגב אורחא, דעקט מיינע אָקופּאַציע קאָסטען אין דייטשלאַנד.

די בעווינס זיינען נישט קיין פשוט'ע אורחים פון אַ גאַנץ יאָהר. זיי טרע־טען אויף מיט תקופות. גיסטו ביסטו, אויב נישט . . . יעצט געהט די סדרה קאָמוניזם. בעווין מאָלט דאָס געשפּענסט אויף די וואַנד, ער מאַכט אָן אַ פּחד פאַר קאָמוניזם און בלשון נקי' סטראַשעט ער מיט קאָמוניזם. ווער קען וויסען? אַ ענגלענדער'ס נשמה איז אויך נישט פון קלאָטשע, אַ ענגלענדער קען אויך ווערען אַ קאָמוניסט . . .

אין יעדער אינטערנאַציאָנאַלער קריזיס שטעקט די האַנד פון דער ענג־לישער דיפּלאָמאַטיע. ענגלאַנד'ס סאַנקציאָנס פּאָליטיק האָט געטריבען אי־טאַליען אין היטלער'ס אָרעמס. דאָס שפּרינגט אין די אויגען, ווען מען פער־גלייכט די ענערגישע האַלטונג פון מוסאָליני נאָך דאָלפוס'עס ערמאָרדונג, מיט זיין הסכמה צום אַנשלוס אין 1938. נישט צו האָבען דעם איטאַליענישען קאָנקורענט אין אַפריקע איז ענגלאַנד וויכטיגער געווען ווי דער אייראָפּעאישער פרידען. די רוסלאַנד־פּאָליטיק פון די ענגלישע רעגירער האָט געפיהרט צום אָפּמאַך צווישען סטאַלין און היטלער און דערמיט מעגליך געמאַכט דעם צווייטען וועלט־קריג. די ערקלערונגען פון ענגלישע שטאַטסמענער האָבען ערמוטיגט דייטשלאַנד דורכצופיהרען דעם עסטרייכישען אַנשלוס און צו פערכאַפּען די טשעכאָסלאָוואַקיע. זיי האָבען אויסדריקליך צו פערשטעהן געגעבען, אַז זיי וועלען גאָר נישט אונטערנעהמען אין פאַל פון אַ דייטשען אַריינ־מאַרש אין עסטרייך אָדער טשעכאָסלאָוואַקיע.

אַמאָל איז געווען צוועקמעסיג, צו שטאַרקען היטלער'ן כדי אָנצוהאַלטען

אין אייראָפּע אַ גלייכגעוויכט פון די כחות, כדי פראַנקרייך זאָל נישט ווערען צו גרויס, און צו האָבען אויך אַ געגען־געוויכט צו רוסלאַנד. איז אָבער דייטשלאַנד געוואָרען שטאַרקער ווי ענגלאַנד האָט לכתחילה געוואָלט, זיינען געמאַכט געוואָרען פערזוכען זיך מיט סטאַלין צו בעפריינדען. יעצט, נאָכדעם ווי מען האָט עלימינירט דייטשלאַנד אַלס גרויסמאַכט, האָט לאָנדאָן ווידער אָנגעהויבען איינרוימען יעדען אַ סוד אויפן אויער, אַז עס וואָלט נישט געווען קרום, ווידער אויפצובויען דייטשלאַנד (נאַטירליך מיט אַמעריקאַנער געלד) און זיך אַ נעם טאָן צו רוסלאַנד, ווייל יעצט איז שוין רוסלאַנד געוואָרען צו שטאַרק, אויף אַזוי ווייט, אַז מען רעדט היינט שוין בלויז פון די „גרויסע צוויי", וואָס מיינט אַמעריקע און רוסלאַנד. און ווען איינער וויל ענגלאַנד הנאה טאָן, זאָגט ער די „גרויסע צוויי און אַ האַלב" און מיט דעם „האַלבען" איז ענגלאַנד געמיינט.

צו יעדען בריטישען שפּיל מוז אַמעריקע מיט־טאַנצען און אַלע ענגלישע קרענק האָט דער אַמעריקאַנער דורכצומאַכען. דאָס ארץ־ישראל פּראָבלעם האָט נישט געקענט זיין קיין אויסנאַהם, אויך דאָ איז עס בריטאַניען געלונגען אַריינצוּוויקלען אַמעריקע אין איהרע קאָמבינאַציעס.

מקריב צו זיין דעם ייד, דאָס איז דאָס לייכטסטע אָפּפער, וואָס די אומות העולם זיינען גרייט צו ברענגען. דעם פּרייז צאָהלען זיי וויליג. פאַר'ן קריג האָבען זיי גע'טענה'ט, אַז מען קען זיך נישט צעברוגז'ן מיט היטלער'ן און שטעלען דעם פרידען אין געפאַהר בלויז צוליב יידען. און ווען די מלחמה איז שוין אָנגעגאַנגען, האָט מען ווידער געזאָגט, אַז דאָס איינשטעלען זיך אָפּען פאַר יידען קען שאַדען דער קריגספיהרונג, און יעצט הייסט עס, אַז מען קען זיך צוליב יידען נישט צעשלאָגען מיט דער אַראַבישער וועלט, ווייל מיט דעם וועט מען די אַראַבער טרייבען אין די אָרעמס פון קאָמוניזם, מיט וועלכען מען וועט באַלד דאַרפען פיהרען אַ נייעם קריג. און אַזוי געהט עס אָן כסדר, תמיד איז פאַראַן עפּעס וויכטיגערס וואָס לגבי דעם מיינט יידיש בלוט לגמרי גאָר נישט.

דער פּרינציפּ פון רחמנות אויף אַ געדריקט פאָלק איז קיינמאָל נישט דער לייט־פּאָדעם פון זייערע דיפּלאָמאַטישע בעטראַכטונגען. וואָס שפּילען יידישע ליידען אַ ראָלע, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען וועלט־פּאָליטיק? זעקס מיליאָן דערמאָרדעטע יידען זיינען נישט קיין וויכטיגער אַרגומענט; די הײמלאָזיגקייט פון אלמנות און יתומים איז אונאינטערעסאַנט ווען עס רעדט זיך וועגען דברים העומדים ברומו של עולם השקר. יידישע צרות זיינען פאַר די אומות העולם אַן און פאַר זיך אַ נעבען־זאַך. דאָס יידישע פּראָבלעם האָט נאָר אויף אַזוי פיל אַ בעדייטונג, אויף וויפיל עס קען אַריינגעפּאַסט ווערען אין דעם קאָמפּלעקס פון דער אַלגעמיינער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

מאסגעבענד איז נישט דער גורל פונם יידישען פאָלק, נאָר די אָריענטירונג פון דעם בעטרעפענדען שטאַט. דאָס יידישע פאָלק איז בלויז אַ סוביעקט פון דער אַלגעמיינער דיפּלאָמאַטישער סטראַטעגיע. מיר זיינען ווי די פּי־גורען אויפן פּאָליטישען שאַך־ברעט. די שפּילער זיינען זיי. די איינשטעלונג פונ׳ם גוי צו דער יידישער פראַגע איז אַדעקוואַט צו זיין צוגאַנג צו דער אַלגעמיינער וועלט־לאַגע. די דיאַגנאָזע ווערט נישט בעשטימט לויט דעם צושטאַנד פונ׳ם פּאַציענט, נאָר פון דעם רופא׳ס פּערספּעקטיוו. די פעלקער שניידען זיך צו אַזאַ בילד, וואָס פּאַסט אין זייערע ראַהמען. דער ענגלענדער בעשטימט זיין פּאָליטיק אין דער יידישער פראַגע לויט ווי עס איז גינסטיג פאַר זיינע אינטערעסען. עס וועט איהם קיינמאָל נישט איינפאַלען, זיך צו לאָזען דיריגירען פון דעם וואָס איז נוצליך אָדער שעדליך פאַר יידען. אויב רוסלאַנד שלאָגט איין דעם אָדער יענעם וועג, איז עס נישט אַ פּועל יוצא פון איהרע סענטימענטען אָדער געגנערשאַפט צו יידען. רוסלאַנד האַנ־דעלט נישט אויפן סמך פון דער איבערלעגונג, אַז פּונקט ווי דער פּוילישער אנשפּרוך אויף שלעזיען איז בערעכטיגט, ווייל עס האָט אַמאָל געהערט צו פּוילען און די דייטשען האָבען דאָך פערלוירען דעם קריג, אַזוי זיינען אויך די יידען בערעכטיגט צו ארץ־ישראל, ווייל עס איז אַמאָל געווען יידיש און די מופּטים, היטלער׳ס פערבינדעטע, דאַרפען שפּירען, אַז אויך זיי האָבען פערלוירען דעם קריג. רוסלאַנד האָט זיך גיכער געלאָזט לייטען פון דעם וואונש, צו מאַכען צרות ענגלאַנד אין איהר קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. אויב אַמע־ריקע ציהט זיך צוריק פון דעם יו־ען צעטיילונגס־בעשלוס, איז עס נישט דערפאַר, ווייל זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איהר פריינדשאַפט מיט יידען, אָדער ווייל זי האַלט, אַז מיר זיינען נישט גערעכט. זי גלויבט בלויז, אַז זי דאַרף אין אַלץ נאָכגעבען ענגלאַנד און זיך לאָזען פון איהר נאָכשלעפּען. אַמעריקע׳ס צוריקציהען זיך איז איין רינג אין דער לאַנגער קייט, וואָס דזשאָן בול האָט פערשטאַנען אַרומצובינדען דעם האַלז פון אָנקעל סעם. ווען ענגלאַנד וויל, קאַפּיטולירט אַמעריקע פאַר אַראַבישע דראָהונגען, ציטערען די מעכטיגע פעראייניגטע שטאַטען פאַר מופּטישע שיסערייען.

באַלד נאָכדעם ווי די יו־ען האָט אָנגענומען דעם בעשלוס, צו עטאַבלי־רען אַ יידישען שטאַט אין אַ טייל פון ארץ־ישראל, האָבען זיבען אַראַבער בע־שטיגען די טריבונע און ערקלעהרט אין נאָמען פון זייערע לענדער, אַז עס וועט זיך גיסען בלוט, דאָס הייסט, אַז זיי וועלען פערגיסען בלוט. די יו־ען, וואָס איז אַ וואהר־צייכען פון פרידען, האָט אויסגעהערט די דראָהונגען און דערויף מיט גאָר נישט רעאַגירט. די אַראַבער האָבען געהאַלטען וואָרט. זיי האָבען דעם נעקסטען טאָג מקיים געווען זייער הבטחה, און די אַראַבישע פערטרעטער, וועלכע האָבען פריהער געהאַט אָנגעזאָגט וועגען דער בלוט־

פערגיסונגג, זיי די מלחמה־צינדער, זיינען זיך ווייטער געזעסען אין קאָ־מיסיעס ביי דער יו־ען וואָס דאַרפען זאָרגען פאַר דער זיכערקייט פונ׳ם פרידען.

די וואונדען פון דעם גרעסטען יידישען חורבן זיינען נאָך נישט געווען פערהיילט (און אַזעלכע וואונדען קענען קיינמאָל נישט פערהיילט ווערען), און שוין האָט יידיש בלוט ווידער געגאָסען זיך ווי וואַסער. דאָס מאָל אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים. דאָס מאָל שוין מיט דער אָפענער מיטהילף פון ענגלאַנד, וואָס אנשטאָט צו ערפילען איהר פליכט, אויפצוהאַלטען רוה און אָרדענונג אין לאַנד, האָט זי נאָך מעהר בעוואָפענט דעם בעוואָפענטען און ענטוואָפענט דעם שוצלאָזען. ענגלאַנד האָט געלאָזט אַריינשטראָמען קיין ארץ־ישראל באַנדעס אַראַבער פון די שכנות׳דיגע לענדער מיט דעם בפירוש׳ן ציל, צו פערניכטען דעם ישוב. יידען, וועלכע זיינען ניצול געוואָרען פון די דייטשע טויטען־לאַגערען אין אייראָפּע, זיינען געפאַלען ווי פליגען אין דעם לאַנד, צו וועלכען זיי האָבען זיך נאָך אַזוי פיל שוועריגקייטען דערשלאָגען. זייער קומען קיין ארץ־ישראל איז אין די אויגען פון ענגלאַנד געווען „אונלעגאַל”, אָבער זייער שטאַרבען דאָרט איז שוין ביי ענגלאַנד געווען אַ לעגאַלע זעלבסטפערשטענדליכקייט. בעווין קלערט נאָך, ווער עס איז דאָ דער אָנגרייפער. עס איז איהם נאָך נישט קלאָר, ווער עס איז אייגענטליך דאָ שולדיג. יידישע קינדער הונגערען, ירושלים איז בעלאַגערט פון ווילדע שונאים, ציון וויינט, און דאָס וועלט־געוויסען שוויינט שוין ווידער. אין גאַנצען שטיל איז די וועלט נישט. זי רעדט דאָך פון פרידען, פון וואפענשטילשטאַנד. זי רעדט כדי צו פעררריידען די שרפה. זי האָט צייט. נישט איהר הויז ברענט. עס איז ווידער דאָס אַלטע יידישע הויז, דאָס סיי ווי אָפּגעברענטע הויז, וואָס געהט אויף אין פלאַמען. לאָזט מען זיך צייט, זאָל דער שונא דערווייל מאַכען נאָך מעהר חורבות. אינצווישען קען מען דעבאַטירען, שאַפען קאָמיסיעס און אונטער־קאָמיסיעס, רופען ספּעציעלע סעסיעס און דערווייל פאַלען יידישע קרבנות, וואָס זיינען אַזוי ביליג ביי גוים. יעצט, ווען די לעגאַליטעט איז שוין לכל הדעות אויף אונזער זייט, ווען מיר בערופען זיך אויף דעם בעשלוס פון דער יו־ען, יעצט מיני־מאַליזירען זיי דעם ווערט פון יוריסטישע בוכשטאַבען; יעצט איראָניזירען זיי עס אַלס לעגאַליסטיק; יעצט פּאַסט זיי שוין צו ווערען איללעגאַליסטיש און מאַכען אַ אונלעגאַלען ריקצוג אויף דער גאַנצער ליניע.

### אַמעריקא און די אַנדערע דעמאָקראַטיעס.

די אַמעריקאַנער זיינען אין אַלגעמיין גענייגט, אָנצונעהמען זיך פאַר געקריוודעטע. זיי האַלטען שטענדיג מיט דעם נרדף. וואו אין דער וועלט

עס זאָל נישט פאָרקומען אַ אונרעכט, קען דער בע׳עולה׳טער רעכענען מיט דער סימפּאַטיע פון די פעראייניגטע שטאַטען; דער אַמעריקאַנער האָט אַ האַרץ פאַר איבערגעפאַלענע, פאַר אינוואַדירטע, פאַר אַלע פערפאָלגטע. זיינען אויך פאַראַן אַמעריקאַנער, וואָס וואַרפען אַריין אַ גוט וואָרט פאַר יידען. אַזוי האָט מען בעת דעם חורבן געקענט הערען פייערדיגע רעדעס פון אַמע־ריקאַנער פּאָליטיקער, ווען מען האָט זיי געררופען אַלס פּאַראַדע־גוים צו יידישע פּראָטעסט־פערזאַמלונגען. דאָס האָבען אָבער אויך געטאָן נאָר יענע סענאַ־טאָרען און קאָנגרעסלייט, וואָס זיינען געשטאַנען ווייט אַוועק פונם צאַפּען. זיי האָבען געקענט מילד זיין מיט ערקלעהרונגען, זיי האָבען נישט געמוזט שאַנעווען קיין ווערטער, ווייל דיזעלבע האָבען זיי צו גאָר נישט פערפליכטעט.

די אָפיציעלע, פעראַנטוואָרטליכע פּאָליטיקער האָבען שוין געשפּאָרט מיט רייד, זיי האָבען געצעהלט די ווערטער, זיי זיינען געווען פאָרזיכטיג מיט יעדען אות. בעת מיליאָנען מענשען זיינען אויסגעשאָכטען געוואָרען, האָט מען דאָ געוואויגען און געמאָסטען דעם דיבור . . .

אַמעריקאַ׳ס ראָלע אין דער יידישער טראַגעדיע איז פון דער התחלה אָן געווען נישט קיין ווירדיגע. אין אַ צייט ווען אַמעריקע האָט שוין לאַנג געהאַט אויפגעגעבען איהר אייזאָליישאָן פּאָליטיק, אין אַ צייט ווען רוזוועלט האָט זיך שוין אַריינגעמישט אין אַלע אייראָפּעאישע קריגערייען, האָט זי בנוגע יידען נאָך אַלץ איינגעהאַלטען פּאַסיוויטעט און שטרענגע נייטראַליטעט. וואָס שייך די יידישע טראַגעדיע איז אַמעריקע געבליבען געטריי צו איהר דאָקטרין פון נישט אַריינמישען זיך. און דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט סבות פון אונזער קאַטאַסטראָפע. אין אנגעזיכט פון אַזאַ אויסערגעוועהנליכען שעת חרום, האָט אַמעריקע נישט געפונען פאַר נויטיג צו מאַכען הנחות פאַר די פערפאָלגטע. אין דער אַלטער וועלט האָט אַ געפייניגט פאָלק גע־לעכצט נאָך אַ שטיקעל ערד וואוהין זיך צו ראַטעווען פון דעם טירישען פער־פאָלגער, אָבער די זאַטע, זיכערע, רחבת ידים׳דיגע נייע וועלט האָט זיי נישט געוואָלט אויפנעהמען. אַמעריקע האָט זיך נישט געקענט ענטשליסען, צו פער־לייכטערען איהרע איינוואַנדערונגס־געזעצען, אָדער מיט עטוואָס משנה צו זיין דאָס קוואָטע־סיסטעם. אדרבה, אַפילו אין די ראַהמען פון די איינוואַנדע־רונגס־בעשטימונגען האָבען אויך יידען געהאַט אַ קנאַפּע מעגליכקייט אַריינ־צוקומען אין לאַנד. די מעהרסטע אַמעריקאַנישע קאָנסולאַטען האָבען געמאַכט די גרעסטע שוועריגקייטעןביים אַרויסגעבען וויזעס און האָבען אַרויסגעוויזען אַ גאַנץ בעזונדער רשעות צו זייערע אונגליקליכע אַפּליקאַנטען. עס האָט נישט געהערט צו די זעלטענהייטען, אַז אַפילו ווען אַ ייד האָט שוין דערלעבט צו בעקומען אַלע אַפידעיוויטס און בעשטעטיגונגען, האָבען איהם די קליינליכע ביוראָקראַטישע בעאַמטע אַזוי לאַנג שיקאַנירט און ווילקירליך אַרומגעשלעפּט,

ביז עס איז שוין מעהר נישט געווען ווער עס זאָל קומען צום לעצטען אַפּאָינט־מענט; דער דייטשער וואַמפּיר האָט איהם שוין דערוויל בעזייטיגט. אין דער צייט ווען יידען אין אייראָפּע זיינען פערפאָלגט געוואָרען, האָבען זיך אין אַמעריקע געפונען קאָנגרעסלייט, וואָס האָבען געהאַלטען העצערישע רעדעס געגען יידען, און ווען אַ יידישער רעפּרעזענטאַנט (עדעלשטיין)) איז אין מיטען פון זיין פערטיידיגונגס־רעדע אַנידערגעפאַלען טויט, האָט דאָס אויף דעם אָפיציעלען אַמעריקע קיין שום רושם נישט געמאַכט. דער הומאַניסט רוז־וועלט האָט אַפילו נישט קאָנדאָלירט.

אַמעריקע איז שוין געווען אַקטיוו אַריינגעטראָטען אין קריג, אָבער דער אייזאָליישאָן לגבי יידען איז נאָך געבליבען אונבעריהרט. רוזוועלט האָט גע־האַלטען שעהנע רעדעס, אָבער צו מעשים איז עס נישט געקומען.

אין זומער 1942, ווען אין דער שווייץ האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די דייטשען ראָטען אויס די יידען מאַסענווייז אין די גאַז־אויוועגס, איז די אַמע־ריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן געבעטען געוואָרען, וועגען דעם דער וואַ־שינגטאָנער רעגירונג צו בעריכטען. אָבער דער געזאַנדטער האָט זיך אָפּגעזאָגט איבערצושיקען אָט דעם בעריכט, ווייל ער קלינגט אונגלויבליך.

דערנאָך, ווען די דייטשע מאַסענמאָרדען זיינען דאָך איבעראַל בעקאַנט געוואָרען, האָט די אַמעריקאַנער פּרעסע פון דעם גאַר ווייניג און זעהר צו־ריקהאַלטענד בעריכטעט. און ווען דאָס סטייט דעפּאַרטמענט האָט געמאַכט אַ פערזוך די מיליאָנען נאָך נישט גע׳הרג׳עטע יידען צו רעטען, האָבען איהם לויט די מיטטיילונגען פון מאָרגענטהוי, די אונטערגעאָרדענטע בעאַמטע פונ׳ם סטייט דעפּאַרטמענט סאַבאָטירט.

אין שייכות מיט דער ערוועהנטער איינשטעלונג פון די סטייט דעפּאַרט־מענט בעאַמטע דאַרף דאָ דערמאָנט ווערען פאָלגענדער פאַקט: ביז צו דער צייט פון די מאַסען ליקווידאַציעס האָבען די אַמעריקאַנישע און ענגלישע צענ־זורען דורכגעלאָזט קאָרעספּאָנדענציעס צווישען אַמעריקע, אָדער ענגלאַנד צום נייטראַלען אויסלאַנד. אַ ייד אין אַמעריקע האָט געקענט קאָרעספּאָנדירען מיט זיינעם אַ ברודער אין פּוילען דורך אַ פריינד אין דער שווייץ, וועלכער האָט איבערגעשיקט די בריוו פון אַמעריקע קיין פּוילען און צוריק. אָבער אין 1942, ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז אַלע יידען זיינען פעראורטיילט צו אַ גרויזאַמען טויט, האָט זיך דאָס אויפגעהערט. פון דעם מאָמענט אָן האָבען די אַמעריקאַנישע און ענגלישע צענזורען אָפּגעשטעלט יעדע פּריוואַטע פערבינדונג מיט דעם נייטראַלען אויסלאַנד. אויב ווער עס איז אין דער שווייץ האָט איבערגעשיקט צו אונז אַ בריוו פון אונזערע קרובים אין פּוילען, האָט עס די צענזור צוגענומען. עס איז איבערהויפּט געוואָרען פערבאָטען צו אינ־טערעסירען זיך פאַר קרובים וואָס געפינען זיך אונטער דער דייטשער הער־

שאַפֿט. מיר האָבען אויך נישט געטאָרט בעטען דעם פריינד אין דער שווייץ, אַז ער זאָל איבערשיקען אַ פּעקעל צום קרוב וואָס איז געווען געפאַנגען ביי די דייטשען. עס האָט מכלומרשט געהייסען, אַז דורך אַזעלכע פערבינדונגען מיט די קרבנות פון׳ם שונא קענען נאָך אַמאָל די דייטשען עפּעס פּראָפיטירען, אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט עס נאָר געטראָפען די אונגליקליכע יידען, וואָס זיינען דורך דעם געזעצליך אויסגעשאַלטעט געוואָרען פון דעם פרייען אויסלאַנד. אַז דער לעצטער פערבינדונגס־פאָדעם צווישען די מערטירער און דער איבעריגער וועלט איז איבערגעריסען געוואָרען גראָד אין דער צייט ווען די קרעמאַטאָריומס האָבען זיך געפונען אינ׳ם גרעסטען ברען, איז העכסט פערדעכטיג. עס קוקט אויס ווי די אַמעריקאַנער און ענגלענדער וואָלטען געהאַט די טענדענץ, צו פערמיידען אַז די פּרטים פון דעם מאַסען אומקום זאָלען דערגרייכען אַמעריקע, כדי די יידען דאָ זאָלען נישט מאַכען קיין רעש. דאָס וואָלט דאָך געקענט שטערען די אַמעריקאַנער און ענגלענדער אין זייער שווייגען, און אפשר אַביסעל מבלבל זיין דעם שוחט ביי זיין שחיטה. דאָס פערהאַלטען פון די ענגלענדער און מאַנכע אַמעריקאַנער נאָך דעם יידישען חורבן בערעכטיגט יעדען חשד בנוגע זייערע האַנדלונגען בעת דעם חורבן.

אין סעפּטעמבער 1943 זיינען הונדערטער רבנים געפאָהרען קיין וואַשינג־טאָן און האָבען דאָרט מאַרשירט אין די גאַסען, כדי צו ציהען די אויפמערק־זאַמקייט פון דער רעגירונג אויף די שחיטות אין אייראָפּע. זיי האָבען אַריינ־געשיקט אַ דעלעגאַציע אין ווייסען הויז, אָבער רוזוועלט האָט נישט געקענט האַלטען דעם בעשטימטען אַפּאָינטמענט; ער האָט נישט געהאַט קיין צייט פאַר יידישע צרות. דער צווייטער הומאַניסט, וואַלאַס, איז אַרויסגעקומען צו די רבנים מיט אַ אויפגעשריבענעם מעסעדזש, וואָס האָט ענטהאַלטען אָט די פּאָר טרוקענע ווערטער: די יידען מוזען וואַרטען ביז נאָך דער ענדע פון קריג. דערווייל דאַרף מען העלפען און אַלץ אָנווענדען, אַז מיר זאָלען דעם קריג ענדיגען מיט אַ זיג פאַר אונז. ד. ה. די רבנים זאָלען זיך בערוהיגען און פערווענדען זייערע ענערגיען פאַר די מלחמה אנשטרענגונגען ביז צום סוף פון דער מלחמה; דערווייל זאָלען מיליאָנען פון זייערע ברידער רוהיג אויס־געקוילעט ווערען, ווי עס איז טאַקע, צו אונזער גרויסען וועהטאָג, געווען דער פאַל.

די רבנים האָבען דאַן פאַרטגעזעצט זייער פּראָגראַם; זיי האָבען מאַר־שירט צום לינקאָלן־דענקמאָל און האָבען געמאַכט אַ נותן תשועה פאַרן פּרע־זידענט און וויס־פּרעזידענט, וואָס האָבען נישט בעזיצט די רחמנות, וועגען וועלכער די תפלה רעדט. און נאָכדעם ווי עס איז געזונגען געוואָרען אַ אַמעריקאַניש־פּאַטריאָטיש ליד, זיינען די רבנים נאָך אַ גאַנצען טאָג דעמאָנסט־רירען אַהיימגעפאָהרען — מיט גאָר נישט.

ואחרי ככלות הכל, האָט דער קאָנגרעס דאָך געצייגט, אַז ער קען זיין גרויסצוגיג און ברייטהאַרציג. ער האָט בעוויליגט 200,000 רעפיודזשיס אַריינ־צוקומען אין אַמעריקע איבער דער קוואָטא. האָט דאָך אַמעריקע שוין יאָ תשובה געטאָן? דאָ זיינען די תנאים פון דעם ביל: 1) דרייסיג פּראָצענט (ד. ה. 60,000 וויזעס) זיינען רעזערווירט פאַר לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער, און אַזוי ווי יידען האָבען אין גלות נאָר זעלטען געקענט בעטרייבען אַקער־בוי אַרבייט, וועט קיין איינציגער ייד נישט קענען געניסען פון די דרייסיג פּראָ־צענט. 2) פערציג פּראָצענט (ד. ה. 80,000 וויזעס) געהען צו די־פּיס פון די רוסיש־אָקופּירטע אָדער דאָמינירטע לענדער. דאָס זיינען די ליטוואַקען, עסטאָניער, אוקראַאינער, פּאָליאַקען און אונגאַרען (וואָס האָבען צוזאַמען מיט די דייטשען געמאָרדעט יידישע קינדער און זיינען צוזאַמען מיט די דיי־טשען אַנטלאָפען כדי נישט גע׳משפט צו ווערען פאַר זייערע פערברעכענס). 3) דער ביל פערזאָרגט אויך 27,000 פאָלקס־דייטשען. דאָס זיינען די אָנהענ־גער פון הענליין און פאָרסטער, יענע דייטשע פינפט־קאָלאַמניקעס פון דער טשעכאָסלאָוואַקיע און פּוילען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער הילף ביים דייטשען איבערפאַל אויף די דאָזיגע לענדער און מיט זייערע שחיטות אויף יידען. 4) אין גאַנצען אויסגעשאַלטעט בלייבען די יידישע פּליטים וואָס זיינען אָנגעקומען אין די אַמעריקאַנער בעזאַצונגס־זאָנע נאָך 1945. דאָס בעציהט זיך אויף די יידען, וואָס זיינען ערשט שפּעטער בעפרייט גע־וואָרען פון סיביר, און אויף די יעניגע, וואָס זיינען ערשט נאָך דעם קעלצער פּאָגראָם ענטלאָפען פון פּוילען. מיט אַנדערע ווערטער: די ליטווישע, אוקראַאי־נישע, לאַטווישע, פּוילישע היטלער־קאָלאַבאָראַטאָרס, וואָס זיינען רעכטצייטיג אָנגעקומען אין די די־פּי לאַגערס, זיינען די בעפאָרצוגטע, אָבער זייערע קרבנות, אָדער די קרובים פון די קרבנות, וועלכע האָבען זיך ערשט שפּעטער דערשלעפּט צו די „בעפרייער", זיינען די בענאַכטייליגטע, זיי זאָלען בליי־בען אין די לאַגערען אין דייטשלאַנד.

סוף דבר הכל נשמע: אַזוי ווי יידישע פּליטים זיינען נישט קיין פאָלקס־דייטשען, נישט קיין באַלטישע, נישט קיין אַקער־בויער און נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט געהאַט דאָס גליק אָנצוקומען צוזאַמען מיט די היטלער׳ס העלפערס אין די־פּי לאַגערען, קענען זיי פון דעם ביל זעהר ווייניג נהנה זיין. און אויב עס וועט זיך טרעפען אַ ייד וואָס וועט וועלען „בעווייזען", אַז ער איז געוועזן אַ פּויער, אָדער אַ באַלט, וועלען די שונאי ישראל האָבען נאָך אַ בע־ווייז, וואָס פאַר אַ דאָקומענטען־פעלשער און שווינדלער יידען זיינען. זיי מעגען אונז אונטערהאַקען די פיס, און מיר טאָרען נישט הינקען . . .

דער רעפּובליקאַנישער קאָנגרעס האָט אַ „ביל" געטאָן און דער דע־מאָקראַט טרומאַן האָט איהם, מכלומרשט אונווייליג, אונטערגעשריבען. נאָך אַ

ביישפּיל פון די פּאַרטייען־אחדות אין בעצוג צו היימלאָזע יידען . . .

די שווייץ האָט אַריינגעלאָזט אַ געוויסע צאָהל פּליטים. אָבער אין פערגלייך צו די פילע טויזענטער וואָס האָבען געקלאפּט אין איהרע טויערען און געבעטען אזיל, זיינען די אַריינגעלאָזטע געווען נאָר אַ טיפּה מן הים. אנשטאָט די טויערען ברייט צו עפּענען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פרייע, דעמאָקראַטי׳שע לאַנד, האָט די שווייץ פערשפּארט דעם וועג פאַר אונצעהליגע פערפאָלגטע און פילע פון זיי זיינען אַפילו צוריקגעשיקט געוואָרען צום מערדער־שכן. אויף דעם פלוג־פּלאַץ אין דיבענדאָרף פלעגען יידישע פליכטלינגע צוריקגעשיקט ווערען באַלד נאָך זייער „אונלעגאַלער" לאנדונג, נישט קוקענדיג אויף די געשרייען און געוויינען פון די אונגליקליכע. מאַנכע האָט מען צוריקגעשיקט מיטן שנעל־צוג, די שווייצער האָבען נעמליך מורא געהאַט צו שיקען זיי מיט אַ עראָפּלאַן, ווייל די פערצווייפעלטע קענען נאָך אויפן וועג בעגעהן זעלבסטמאָרד און שטעלען אין געפאַהר דאָס לעבען פון די אַנדערע (ד. ה. דייטשע) פּאַסאַזשירען. מורא׳דיגע סצענעס פלעגען זיך אָפּשפּילען אויף די האָלענדישע, בעלגישע און שווייצאַרישע גרעניצען ווען די פּליטים האָבען נאָך לאַנגע, געפעהרליכע וואַנדערונגען דורך וועלדער און וואַסערען, דערגרייכט זייער ציל אין מיטען דער נאַכט, און די גרעניץ־וועכטער האָבען זיי געכאַפּט ביי דער „גנבה". אַפילו די וואָס זיינען שוין יאָ אַריינגעלאָזט געוואָרען, האָבען דאָרט געלעבט אויף קורץ־טערמיניגע אויפענטהאַלטס־בעוויליגונגען. יעדע פאָר וואָכען זיינען צו זיי געקומען דעטעקטיווס און זיי געלאָזט שפּירען ווי אונגעווינשט עס איז זייער אנוועזענהייט.

בעת דעם קריג איז די שווייץ געווען די איינציגע, וואָס האָט פערטראָטען די דייטשע אינטערעסען אינם אויסלאַנד. אין דער אויפגאַבע האָט די שווייץ דורכגעפיהרט די אויסטוישונגען צווישען דייטשען און זייערע געגנער. ווען עס האָט זיך אַמאָל געטראָפען אַ אויסטויש פון יידישע אויסלענדער, און די דייטשען האָבען על פּי טעות געבראַכט צו דער שווייצער גרעניץ עטליכע יידען מעהר, האָט דער שווייצערישער פערטרעטער נישט געוואָלט אָננעמען די יידען, וואָס זיינען געווען איבער׳ן קאָנטינגענט, אַפילו ווען דער דייטש האָט אויף זיי שוין געוואָלט מוותר זיין. דער שווייצער פערטרעטער פון די דייטשע אינטערעסען האָט געוואָלט זיין קאָרעקט, און איבערנעהמען נאָר אַזוי פיל יידען, וואָס ענטשפּרעכען די צאָהל אויסגעטוישטע דייטשען.

די שווייץ האָט אויך אָרגאַניזירט safe conduct טראַנספּאָרטען צווישען די פיינדליכע לענדער, אָבער קיינמאָל נישט פאַר פערפאָלגטע יידען. און וואָס וואָלט געווען, ווען די שווייץ וואָלט זיך למשל פערפאַנצערט מיט מוט און געזאָגט צו דייטשלאַנד: אויב דו ווילסט, אַז איך זאָל זאָרגען דערפאַר, אַז דיינע בירגער זאָל נישט געשעהן קיין אונרעכט, מוזטו אויפהערען אויס־

צוראַטען די יידישע בירגער פון אַנדערע לענדער? אָבער דאָס וואָלט געווען צו פיל פערלאַנגט פון אַ פרייהייטליך פאָלק.

די שווייצער האָבען אין מיטען קריג אָנגעפיהרט אַ קינדער־הילף אַקציע. קינדער פון קריגס־פיהרענדע לענדער זיינען געבראַכט געוואָרען אין דער שווייץ צו ערהאָלען זיך דאָרט. יידישע קינדער האָבען פון דער אונטערנעה־מונג נישט געקענט געניסען, ווייל זיי וואָלט מען נישט געהאַט וואוהין צו־ריקצושיקען . . . כאָטש פאַר יידישע קינדער וואָלט דאָס בעדייט נישט בלויז ערהאָלונג, נאָר אויך ממש לעבענס־רעטונג.

די שווייצערישע „נייטראַליטעט" אין דעם קריג צווישען אַ גיגאַנטישען גענגסטער און זיין שוואַכען קרבן, איז אויך אַ מוסטער פון דער האַלטונג וואָס די איבעריגע גוטע, פיינע, קליינע דעמאָקראַטישע און הומאַנע פעלקער האָבען אַרויסגעוויזען אין דעם שרעקליכען בלוט־באָד. אַלע האָבען זיי גע־שוויגען, אָדער געהאַנדעלט לויט דעם זעלבען שאַבלאָן, און איבעראַל האָט געהערשט דער זעלבער מאַנגעל אין פּלאַץ פאַר די וואָס האָבען געוואָלט ענטלויפען פון טויט. ווען איך בין געקומען צום טשעכישען קאָנסול און האָב איהם אויפגעוויזען, אַז איך פלעג כמעט יעדען זומער בעזוכען מאַ־ריענבאַד, האָט ער מיר געענטפערט בזה הלשון: „אָבער היי־יאָהר זענט איהר אַ עמיגראַנט און איך וועל אייך נישט לאָזען איבער דער גרעניץ". עס האָט, איבעריגענס, נישט לאַנג געדויערט און דער זעלבער קאָנסול איז אַליין אויך געוואָרען אַ עמיגראַנט. אויך צווישען די נאָבעלסטע לענדער האָט זיך נישט געפונען קיין לאַנד וואָס האָט אויפגענומען אַזוי פיל פּליטים ווי עס האָט גע־דאַרפט לויט מענשליכען טאַקט אויפנעהמען; עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין פאָלק, וואָס זאָל נישט האָבען מעהר אָפּגעזאָגט און צוריקגעשיקט ווי אַריינגעלאָזט. אין די אויגען פון די פעלקער איז דער פּליט געווען ווי אַ ענטלאָפען הינדעל, וואָס דאַרף צוריקגעטראָגען ווערען צו זיין לעגאַלען בע־זיצער, צום שוחט.

די קאַטוילישע לענדער בראַזיליען, קאָלומביא און ווענעזועלא האָבען אַריינגעלאָזט נאָר אַזעלכע, וואָס האָבען געקענט בעווייזען, אַז זיי האָבען אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיע. עס ווערט בעהויפּטעט, אַז די דאָזיגע דיסקרימינאַציע האָבען די ערוועהנטע לענדער איינגעפיהרט אויפן פערלאַנג פון'ם וואַטיקאַן. געוויס האָט זיך אויך געטראָפען אַז מאַנכע יידען זיינען איינגעוואַנדערט אַלס יידען, אָבער בכלל איז דער טויף צעטעל געווען אַ conditio sine qua non.

דער דאָמיניקאַנישער פּרעזידענט, טרוהיאָ, איז געווען וויליג אויפצו־נעמען 16.000 יידישע יתומים פון ווישי־פראַנקרייך. די בעדינגונג איז אָבער

געוועז, אַז זיי זאָלען ערצויגען ווערען אַלס גוים. די יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען דעם אָנבאָט אבגעלעהנט און די קינדער זיינען צוגרונד געגאַנגען.

אינטערעסאנט איז די ראָלע פון רויטען קרייץ בעת דער ליקווידירונג. ווער איז געוועזן אַזוי בערופען איינצוגרייפען און זיך אָנצונעהמען פאַר די אונגליקליכע, ווי יענע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גע־שטעלט פאַר אַ אויפגאַבע, צו בעשיצען די שוצלאָזע? האָט עמיצער גע־הערט, אַז דער רויטער קרייץ זאָל האָבען אַפילו געלאָזט פאַלען אַ וואָרט פאַר די געפאַנגענע זעקס מיליאָן ציווילע מענשען? די פעלקער און זייער קרייץ האָבען זיך רויט געפאַרבט און בעפלעקט מיטן יידישען בלוט וואָס איז טייכענווייז געפלאָסען.

## די וועלט־קעפעניקיאַדע.

די אומות העולם האָבען צווייפאַך געזינדיגט. אי זיי זיינען געוועזן האַרט און אונרחמנות׳דיג צום נרדף, אי זיי האָבען זיך בעצויגען מיט דרך ארץ צום רודף, אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָר געלאָזט מיט זיך גוט זיין. דאָס דאָזיגע שענדליכע שפיל איז געקומען צום בולט׳ן אויסדרוק אין די האַנד־לונגען פון די אויסלענדישע קאָנסולאַטען. דער זעלבער קאנסול, וואָס האָט געשטעלט דעם נאָכגעיאָגטען ייד די ציניִשע פראַגע, צי ער איז אַ אַריער, האָט דעם דייטשען נאָכיאָגער אָהן שום פקפוק אויסגעשטעלט אַ וויזע. ווייל דער דייטש האָט דאָך וואוהין צוריקצוגעהן און דער ייד נישט. דער דייטש דאַרף נישט די וויזע כדי צו ראַטעווען זיך דאָס לעבען, נאָר בלויז צו מאַכען געשעפטען אין אויסלאַנד אָדער שפּיאָנאַזש צו בעטרייבען. דורך דעם זיינען די דייטשע אַריער־געזעצען פּראַקטיצירט געוואָרען פון די נישט־דייטשע פעלקער.

די ערקלערונגען פונ׳ם דייטשען אכזר האָבען זיי גענומען ערנסט, אָבער צו די מעלדונגען איבער די יידישע ליידען האָבען זיי זיך פערהאַלטען סקעפּטיש און האָבען זיי בעצייכענט אַלס איבערגעטריבען.

די עכטקייט פון די יידישע טרעהרען האָבען זיי בעצווייפעלט. צווייפלען און נישט גלויבען איז פאַר די וועלט־בעגליקער געוועזן פיל וועניגער קאָמ־פּליצירט, בעקוועמער און ביליגער. צו לעבען גוט מיט דעם דייטשען שד איז פאַר זיי געוועזן פּאָליטיש וויכטיגער, אָפּאָרטונער, צוועקמעסיגער.

אויף יעדען שווינדעל פון דעם דייטשען אויבער־גענגסטער איז די נאַ־רישע וועלט באַלד איינגעגאַנגען. זי האָט זיך געלאָזט פון איהם אַרומפיהרען ביי דער נאָז, ווי זיינער־צייט די דייטשע שטאָדט קעפעניק פון יענעם דייטשען „הויפּטמאַן” ווילהעלם וואויגט, אַ שוסטער און בעשטראָפטער פערברע־

כער, וואָס האָט זיך פערקליידעט אַלס הויפּטמאַן און האָט ערקלערט, אַז ער קומט פון „אויבען" צו רעווידירען די שטאָדט. ער האָט בעפוילען אַ אָפּטייי־לונג פון זעלנער צו מאַרשירען צום ראַט־הויז, וואו ער האָט אַרעסטירט דעם בירגערמייסטער און צוגענומען דאָס געלד פון דער געמיינדע־קאַסע. אַלע זיינע פעראָרדענונגען זיינען זאָפאָרט און פּינקטליך דורכגעפיהרט געוואָרען. קיינעם איז נישט איינגעפאַלען צו צווייפלען אין דער אויטענטישקייט פון דעם דאָזיגען הויפּטמאַן. זעהענדיג אַ אוניפאָרם, זיינען זיי אַלע געפאַלען אויף די קני און האָבען איהם געהאָרכזאַם געפאָלגט. דאָס איז געשעהן אין 1906.

27 יאָהר שפּעטער האָט אַ צווייטער, און אונפערגלייכליך גרעסערער פער־ברעכער, דער קאָרפּאָראַל אַדאָלף שיקעלגרובער, געמאַכט פון דער גאַנצער וועלט איין גרויסע קעפּעניקיאדע. ער האָט אָפּגענאַרט אַלע וועלטס־חכמים און אויסגערויבט אַלע קאַסעס. די קעפּעניקאַנישע לענדער האָבען זיך דער־שראָקען פאַר זיין אוניפאָרם און געציטערט פאַר זיינע דראָהונגען. זיי האָבען געוואַרט געשפּאַנט אויף זיינע רעדעס און האָבען שטודירט זיינע דעמאַגאָגישע פראַזען. זיי זיינען אומגעגאַנגען מיט איהם ווי מיט אַ ווייך איי און האָבען איהם אָנגעטאָן כבוד ווי אַ ווירקליכען הויפּטמאַן.

ער האָט געשפּיגען דער וועלט אין פּנים אַריין און האָט איהר איינ־גערעדט, אַז עס רעגענט. די „דיפּלאָמאַטען" האָבען געגלויבט אין דעם רעגען, זיי האָבען געכאַפּט אַ שירם און זיינען געפלויגען צום הויפּט־אויסוואורף, אין דער מיינונג, אַז זיי האָבען צו טאָן מיט אַ פערהאַנדלונגס־פעהיגען פּאַרטנער.

דאָס דייטשע מיליטער האָט געזונגען: „היינט געהערט אונז דייטשלאַנד, מאָרגען די גאַנצע וועלט, מירן ווייטער מאַרשירען ביז דער פיינד צערפעלט". די קעפּעניקאַנישע וועלט האָט אָבער געזאָגט, אַז דאָס מיינט גאָר נישט. זאָלען זיי זינגען. מיט געזאַנג נעהמט מען נישט איין קיין פעסטונגען, בפרט אַזאַ פעסטונג ווי די מאַזשינאָ־ליין.

ער האָט געגאָסען פּעך און שוועבעל געגען אַלע שטאַטסמענער, זיי האָ־בען איהם געזוכט צו בערוהיגען. ער האָט געהעצט צום קריג, געריסטעט און מאָביליזירט, זיי האָבען געענטפערט מיט פּאַציפיסטישע ערקלערונגען. ער האָט אַרויסגעגעבען די פּאַראָלע: „קאַנאָנען אנשטאָט פּוטער", די חכמי קעפּעניק האָבען זיך נישט וויסענדיג געמאַכט. ער האָט געטראָטען מיט די פיס אויף דעם כבוד פון די פעלקער און האָט געשפּילט דעם עמפּפינדליכען. תמיד איז ער געווען דער אונבעפרידיגטער, דער בעליידיגטער, און די פעל־קער האָבען געהאַלטען אין איין מפייס זיין איהם.

די קעפּעניקאַדיזירטע וועלט איז איינגעגאַנגען אויף אַלע זיינע שקרים

און סתירות. ער האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגען אויף דייטשלאַנד׳ס ער־נידערונג, איבער דעם ווערסאַילער „שאַנד־פרידען״, און עס האָט זיך נישט געפונען קיינער וואָס זאָל איהם פרעגען, ווי בכבוד׳יג דער פרידען וואָלט אויסגעזעהן, ווען די דייטשען וואָלטען איהם אין בערלין דיקטירט. ווערענד ער האָט פערגוואַלדיגט פעלקער און אָפּגעווישט לענדער פון דער מאַפּע, האָט ער זיך צעלאָזט איבער דער „נאַקעטער געוואַלט״, וואָס די אַליאירטע האָבען אָנגעווענדעט געגען די דייטשען נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג. די פעלקער האָבען דעם קאָרפּאָראַל רעכט געגעבען. דעם 29־טען מערץ 1938, האָט דער ערצבישאָף פון קאנטערבורי איג׳ם לאָרדען הויז ערקלערט: „דער ווערסאַי־לער פערטראַג איז אַ צוואַנגס־פערטראַג, פון ראַכע־געפיהלען דיקטירט. דער עסטרייכישער אַנשלוס וועט געבען אייראָפּע סטאַבּיליטעט״.

ער האָט זיך געמעגט גרייטען צום אַנגריף, אָבער די טשעכען האָבען נישט געטאָרט ערצייגען קיין אַמוניציע, זיך צו פערטיידיגען. מיט אַ רע־וואָלווער אין דער האַנט האָט ער געפאָדערט פרעמד אייגענטום, און ווער עס האָט איהם נישט געוואָלט געבען, איז געווען אַ „קריגס־העצער״, ווייל דורך דעם איז דער פרידענס־ליבענדער קאָרפּאָראַל געווען „געצוואונגען״ צו פיהרען קריג, כדי צו קענען דורכפיהרען זיינע „נאַטירליכע״ און „גערעכטע״ תביעות. אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָך נישט געהאַלטען ביי פוילען, איז פּיל־סודסקי געווען „דער גרויסער מאַרשאַל״ און ער האָט איהם געמאַכט קאָמ־פּלימענטען, כאָטש דאַנציג איז אויך דעמאָלט געווען אַ דייטש געביט. ווען ער האָט געדאַרפט שטירצען פאָן פּאַפּען, איז דער קאָמוניסט טאָרגלער געווען גערינג׳ס „קאָלעגע״, מיט וועמען די נאַציס האָבען געקעמפט אינם רייכס־טאַג שולטער ביי שולטער.

אום צו לערנען זיך אויף אַ פרעמדענ׳ס באָרד שערען, האָט ער אַרויס־גערופען אַ קריג אין שפּאַניען און אַהינגעשיקט מיליטער. „די יונגע דייטשע לופט־וואפע האָט דערויף געברענט, צו בעווייזען, אַז זי שטעהט אויף דער הויך פון איהרע פיינד״, האָט גערינג אויסגערופען ביים עמפּאנג פון די דייטשע שפּאַניען־פרייוויליגע אין האַמבורג. „העלפענדיג״ פראַנקאָ, האָבען דייטשע פליהער צו שטויב געמאַכט שפּאַנישע שטעדט, און צו דער גלייכער צייט האָט דער דייטש פערקויפט וואפען צו די רעגירונגס־טרופען, מיט דער דאָפּעלטער כונה: צו מאַכען אַ געשעפט מיטן באָלשעוויסטישען פיינד און גורם צו זיין דורך דעם, אַז דאָס שפּאַנישע פאָלק זאָל זיך לענגער צערפליישען, כדי די דייטשען זאָלען זיך קענען מעהר „פּראַקטיצירען״.

ער האָט געבראָכען איין פערטראַג נאָך דעם אַנדערען און האָט גע־האַלטען די וועלט תמיד אין שפּאַנונג און אונרו, די וועלט־דיפּלאָמאַטען זיי־

נען געווען גליקליך, ווען דאָס וואָרט „פרידען" איז פאָרגעקומען אין זיינע בראַנד־רעדען.

ער האָט איבערפאַלען פעלקער, ווייל ער האָט געמוזט די פון איהם איינ־סצענירטע „קאַטאַסטראָפען פערמיידען", אָדער צו זיין פריהער, איידער די איבערפאַלענע איבערפאַלען איהם. די וועלט האָט מיט דעם מסכים געווען.

ער האָט געלאָזט דאָלפוס ערמאָרדען און האָט בעאויפטראגט זיין גע־זאַנדטען אין וויען צו ערווירקען פאַר די מערדער אַ „פריי געלייט". דעם נעקסטען טאָג האָט ער ערקלערט: „דער דייטשער געזאַנדטער אין עסט־רייך, דר. ריעטה, איז וועגען זיין פערמיטלונג לטובת די מערדער צוריק־גערופען געוואָרען. די טעראָריסטען וואָלטען באַלד אַרעסטירט געוואָרען, ווען זיי זאָלען וועלען אַריבער די דייטשע גרעניץ". די וועלט האָט אין דעם נישט געפונען קיין שום סתירה.

נאָך דעם אנשלוס זיינען די זעלבע „טעראָריסטען", וואָס „וואָלטען אין דייטשלאַנד אַרעסטירט געוואָרען" ערקלעהרט געוואָרען אַלס „אונ־שטערבליכע העלדען", וואָס דאַרפען „אַלס מאָהנענדע פאָרבילדער פאָרלייכ־טען די קומענדע גענעראַציאָנען". אויך דאָס האָט געשטימט; אַלץ איז געווען „אַל־רייט".

דער עסטרייכישער אנשלוס האָט געמוזט וואָס פריהער דורכגעפיהרט ווערען, ווייל עסטרייך איז שוין געשטאַנען קנאַפּ פאַר דעם קאָמוניסטישען כאַאָס און די האַבסבורגער מאָנאַרכיע האָט שוין געהאַלטען ביים רעסטיטואירט ווערען. אָטאָ׳ס ברודער איז אַ גנב, ראָטשליד אַ בעטריגער און שושניג אַ באָלשעוויק. צוגלייך מיט דער אָפּשטימונג אין עסטרייך, האָט דעם 10־טען אַפּריל 1938 אויך געמוזט אָפּגעהאַלטען ווערען אַ „וואַהל" אין דייטשלאַנד, ווייל „די עסטרייכער ווילען טאַקע צום רייך, אָבער מען מוז אויך פרעגען דאָס רייך, צי עס איז אויך מסכים צום אַנשלוס". צו יעדען געמיש פון נידער־טראַכט און אידיאָטישקייט האָט די וועלט געשענקט אַ אויער. און ווען אַ אויסלענדישער צייטונגס־מאַן האָט געוואַגט אויסצודריקען זיין נישט־גלויבען אין דעם אמת פון די דייטשע ערקלעהרונגען, דאַן זיינען די שרייבער געווען סקריבענטען און די פרעסע אַ זשורנאַליע. דייטשע אַגענטען האָבען שוין געהאַלטען ביים פערגיפטען זיד־ און צענטראַל אַמעריקע, אָבער די אינטער־נאַציאָנאַלע פעסט זיינען געווען די יידען. 85 מיליאָנען דייטשען האָבען זיך מאָביליזירט אין נאָמען פון האַס, יעדע מינוט גרייט, אַ שכן איבער נאַכט דעם גאָרגעל אָפּצושניידען אָבער די אינטערנאַציאָנאַלע פרידענס־שטערער זיינען געווען די יידען. די סאַאַר איז איהם געווען צו ווייניג, מעמעל צו ווייניג, עסטרייך צו ווייניג, טשעכאָסלאָוואַקיע צו ווייניג, און די וועלט־בעהערשער זיינען די יידען.

אַזוי האָט דער אונערזעטליכער קאָרפּאָראַל און זיין פאָלק איינגערעדט דער וועלט און אַזוי האָט זיך די וועלט, ביודעים ובלא יודעים געלאָזט בע־טריגען.

ביז יענע נאַכט פון דעם ערשטען סעפּטעמבער 1939, ווען דייטשלאַנד האָט אָהן אַ קריגס־ערקלעהרונג און אָהן אַ וואָרנונג באָמבאַרדירט פּוילען, האָט די קעפּעניקאַדישע וועלט אונטער אַלע אומשטענדען געוואָלט אויפ־האַלטען איהרע גוטע בעציהונגען צום וועלט־באַנדיט. בשום אופן האָבען זיי נישט געוואָלט בעגרייפען, אַז צו אַ גראָבען קלאָץ געהערט אַ גראָבער האַק, און אַז אַ נידעריגער פערברעכער פערשטעהט נישט קיין ווייכע רייד.

נישט איינמאָל האָבען מיר יידען געוואָרענט די פעלקער, אַז מיר זיינען בלויז דער ערשטער קרבן, און אַז אויך זייער צייט וועט קומען. מען האָט נישט געמוזט זיין קיין גרויסער מומחה אין דער אָנווענדונג פון דעדוקטיווע שלוס־פאָלגערונגען, פּאָראויסצוזעהן, אַז ווער עס געהט אַזוי ברוטאַל אום מיט איין פאָלק, וועט נאכהער בעהאַנדלען אויף דעם זעלבען וועג אַ צווייט און אַ דריט פאָלק. מיר האָבען געבעטען די וועלט, אַז זי זאָל עפענען איהרע אויגען, מיר האָבען אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די געפאַהרען וואָס דראָהען איהר, אָבער פונקט ווי עס איז געווען פערשטאָקט איהר האַרץ צו האָבען אַ רגש פאַר דעם יידישען צער, אַזוי איז זי אויך געווען בלינד, צו זעהן די סכנה, וואָס שוועבט איבער איהר אייגענעם קאָפּ.

ווער דערמאָנט זיך נישט אין דעם טראַגישען פאַל אין דער גענפער פעלקער־בונד געביידע, וואו אַ ייד מיט דעם נאָמען לוקס, האָט זיך ביי אַ אָפענער זיצונג אומגעבראַכט כדי צו דעמאָנסטרירען געגען דער דייטשער שאַנדע. אין זיין טאַש איז געפונען געוואָרען אַ בריוו צו ענטאַני אידען, אין וועלכען ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די דייטשע געפאַהר וואָס לויערט אויף די גאַנצע מענשהייט. דער טויטער ייד איז שנעל אַרויסגע־טראָגען געוואָרען, דאָס בלוט איז אַוועקגעווישט געוואָרען און די שטאַטס־מענער האָבען ווייטער — דעבאַטירט. די פראַגע, פאַר וועלכער אַ מענש האָט זיך געאָפּפערט, איז נישט געשטאַנען אויף זייער סדר היום. דער „פּיינ־ליכער צווישענפאַל" האָט נישט פערדינט זייער אויפמערקזאַמקייט.

די קורצזיכטיגע דיפּלאָמאַטען האָבען נישט געהאַט קיין פערשטענדעניש פאַר דעם „היפּאָטהעטישען" אידעענגאַנג, אַז דער ייד איז דאָס האַרץ פון דער וועלט, דער באַראָמעטער פון דעם מאָראַלישען מצב אין דער פעלקער־פאַמיליע, און אַז ווען אַ ייד ווערט געשלאָגען ערגעץ אין אַ פערוואָרפען ווינ־קעלע, דאַרף עס דער גאַנצער געזיטעטער מענשהייט וועה־טאָן, ווייל דער פּאַטש איז נישט בשטימט בלויז פאַר דעם ייד, ווייל מיט דעם פּאַטש וויל דער שלעגער טרעפען אַלץ וואָס איז ליכטיג און העל. ווען מוסאָליני האָט

דערקרעטירט אַנטיסעמיטישע געזעצען, האָט יעדער לאָגיש דענקענדער מענש געוואוסט, אַז דאָס איז אַ צייכען פון זיין גרייטקייט, אַריינצוטרעטען אין קריג אויף דער זייט פון די דונקעלע מעכטע. מיט דעם ייד הויבט מען אָן, מיט דער ציוויליזאַציע לאָזט מען אויס.

די פעלקער האָבען נישט פערשטאַנען צו ווינען ביי יידישע יסורים. זיי האָבען געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיי אַליין וועה־געטאָן, ביז דייטשע טאַנקס האָבען אָנגעהויבען צו ראָלען איבער איירָאָפּע און דער קאָרפּאָראַל פון קעפּעניק איז מיט דער שווערד אין דער האַנד אַרויס געגען די גאַנצע קעפּעניקאַדיזירטע וועלט. זי האָט נישט געוואָלט ציטערען מיט אונז, ווענען אונז, האָט זי עס געמוזט טאָן וועגען זיך אַליין.

אַזוי לאַנג ווי נאָר די אויגען פון שמשון זיינען אויסגעשטאָכען געוואָרען, האָט די מענשליכע געזעלשאַפט פאָרטגעזעצט איהר אונטערהאַלטונג. זי האָט נישט געוואָלט דערפון וויסען, אַז מיט דעם הימלישען ריעז קען אויך איהר אייגענע געביידע איינשטירצען. די גוים האָבען געמיינט, אַז דער גרויסער אָהנמעכטיגער קען צו־גרונד געהן, און די מויערען פון זייערע הייזער וועלען זיך נישט וואקלען. זיי האָבען אַזוי לאַנג חוזק געמאַכט פון דעם הילפלאָזען שמשון, ביז די פונדאַמענטען פון זייערע פּאַלאַצען האָבען אָנגעהויבען צו זינקען און דער דייטשער שאול תחתית האָט אויך זיי געוואָלט פערשליגגען.

דער דאָזיגער טעות האָט געקאָסט דער מענשהייט פינף יאָהר בלוט, שווייס און טרעהרען. גאָר טייער האָט זי בעצאָהלט איהר בלינדהייט, איהר שולד. דער סך הכל פון דעם לערענגעלד האָט אויסגעמאַכט: חורבות, מאַסען־גרעבער מיט מיליאָנען יונגע מענשען, און אַ ענטגלייזטע וועלט, וואָס קען נאָך יאָהרען נישט געפינען קיין רוה. עס איז נאָך געשעהן ממש אַ נס, וואָס עס איז געלונגען, די בייזע דייטשע חי' אַנידערצולייגען. שיער איז עס געווען צו שפּעט. וויפיל האָט געפעהלט צו אַ דייטשען ענדזיג? האָט עס נישט אַ צייט לאַנג אויסגעזעהן, אַז די דייטשע וועהרמאַכט איז אונבעצווינגבאַר? האָט נישט ענגלאַנד געהאַלטען פאַר דער קאַפּיטולאַציע? מיר זעהן בעשיינפּערליך, אַז די השגחה העליונה, וואָס האָט געוואָלט פערמיידען אַ פול־שטענדיגען אונטערגאַנג פון דעם יידישען שטאַם, האָט אַזוי געפיהרט, אַז דער דייטשער שטן, וועלכער האָט תמיד יעדען שריט געמאַכט אַזוי פּאָרזיכטיג און איבערלעגט, זאָל אין אַל־אַלעמאין און דערנאָך אין סטאַלינגראַד מאַכען אַ פּאָר פעהלערען און דער קאָרפּאָראַל פון קעפּעניק זאָל זיך אָפּטראָגען פון דער וועלט־אַרענע מיט אַ שוואַרצען סוף.

ישראל אַלס סייסמאָגראַף.

„דאָס האָט געקענט פּאַסירען מיט אונז אין 20 יאָהר אַרום", האָט קלעיר בוטה לוס, אָנקוקענדיג דאָס קרעמאַטאָריום אין בוכענוואַלד אויסגערופען.

נעבען די פיל אַנדערע פערדינסטען פון יידישען פאָלק פאַר דער מענשהייט, האָבען מיר זי דורך אונזער טראַגעדיע בעשענקט מיט אַ גרויסער ערפאַהרונג. דאָס יידישע מאַרטירריום האָט געוויזען דער וועלט, צו וואָס דער דייטש איז ראוי. היטלער, אין ווען אַלע נידערטרעכטיגקייטען האָבען געפונען זייער פערזאָניפיצירונג, און זיין דייטש פאָלק האָבען ביי אונז זייער מערדער־פּרצוף ענטפּלעקט. ביי אונז האָבען די דייטשען אויספּרובירט זייער געגנסטעריזם און אָנגעדייטעט, וואָס זיי האָבען בדעה צו טאָן מיט אַנדערע פעלקער. שטעהענדיג אַלס ערשטע אויף דער פערטיליגונגס־ליסטע, זיינען די יידען געווען דער אוואַנגאַרד אין דער שלאַכט מיטן שטן פון דער וועלט־געשיכטע. די זעקס מיליאָן צום טויט פערפּייניגטע יידען דאַרפען דינען דער וועלט אַלס מוסטער, וואָס עס וואָלט געוואָרען פון איהר, ווען די דייטשען וואָלטען אַרויס פון דעם קריג אַלס זיגער.

די דייטשע מאָרד־לוסט וואָלט נישט געבליבען בעשרענקט בלויז אויף די יידען. ביי אונז האָבען די דייטשען בלויז געמאַכט די התחלה, ווייל מיר זיינען אַממייסטען הילפלאָז. ווי באַלד עס וואָלט זיי געלונגען, די וועלט אַזוי וועהרלאָז צו מאַכען ווי די יידען, וואָלטען זיי די זעלבע מיטלען אָנגעווענדעט געגען אַלע פעלקער, אָהן אַ אויסנאַהם. אין הסכם מיט זייער one by one טאַקטיק, האָבען זיי געוואָלט קודם איין .לאַנד נאָך דעם אַנדערען אונטעריאָכען, און נאָכהער איין פאָלק נאָך דעם אַנדערען עקסטערמינירען. און אַזוי ווי די יידען און די ציגיינער האָבען נישט קיין לענדער, איז דאָס הונענטום ביי זיי תיכף איבערגעגאַנגען צו דער פיזישער אויסראָטונג.

די דייטשע קאַניבאַלען האָבען איינשטודירט די טהעזע, אַז אַלעס וואָס איז נישט דייטש, פערדינט נישט קיין רחמנות, און מוז ליקווידירט ווערען. „ענטוועדער מיר געווינען פאַר אונז גוט בלוט, וואָס מיר קענען פערווענדען פאַר זיך, אָדער — דאָס מעג אָנגערופען ווערען גרויזאַם, אָבער נאַטור איז דאָך גרויזאַם, — מיר פערניכטען דאָס דאָזיגע בלוט", דאָס האָט הימלער ערקלערט נישט בנוגע יידען, נאָר רעדענדיג פון אַנדערע, אַרישע פעלקער. אין אַ בעפעהל צו זיינע אונטערגעאָרדענטע האָט רייכסמיניסטער זאוקעל פערלאַנגט, אַז „די אַליאירטע קריגס־געפאַנגענע און שקלאַפען־אַרבייטער זאָלען אויסגענוצט ווערען אין דער העכסטער מאָס וואָס איז נאָר מעגליך און אויף דעם נידעריגסטען גראַד פון קאָסטען".

אויב די ריקזיכטסלאָזע באָמבאַרדירונג און צעשטערונג פון וואַרשע,

ראַטערדאַם און קאָווענטרי דינען נישט אַלס געניגענדע בעווייזע, אַז אויך דאָס בלוט פון אַרישע איז ביים דייטש ביליג און הפקר, זאָלען דאָ עטליכע אַנדערע ביישפּילע געבראַכט ווערען:

דער נאָרוועגישער אויסערן-מינסטער קאָהט האָט נאָך דער אינוואַזיע פון זיין לאַנד, אין 1940, געזאָגט: „די דייטשען האָבען געבראַכט פערניכטונג און לייד איבער אַ נייטראַל לאַנד, איבער אַ נאָרדיש-גערמאַניש פאָלק, וואָס וויל זיך נישט בייגען אונטער דעם דייטשען יאָך".

דעם 5-טען מאַי 1940 איז אין לאָנדאָן אָנגעקומען פון נאָרוועגיען לייטענאַנט עדוואַרד האַמבראָ, דער זוהן פון דעם נאָרוועגישען פּאַרלאַמענט-פּרעזידענט. ער האָט ערקלערט דאָס פאָלגענדע: „קיינער קען זיך נישט מאַכען אַ בעגריף פון דער דייטשער גרויזאַמקייט. איך האָב געזעהן זיי פיהרען קריג ווי מאַניאַקעס, אָהן די גערינגסטע בעריקזיכטיגונג פון הומאַניטעט אָדער קריגס-געזעצען. זיי האָבען בעשאָסען מיט מאַשין-געוועהר פרויען און קינדער, זיי האָבען באָמבאַרדירט שפּיטעלער, אויך פישער-באָטהס, או. א. וו.".

דאַנסלעד, אַ נאָרוועגישער לייטענאַנט, האָט געזאָגט: „איך האָב געזעהן אַ גרופּע דייטשע פּאַראַשוטיסטען לאַנדען. זיי האָבען געצייגט די ווייסע פאָהן און ערקלעהרט, אַז זיי ווילען זיך אונטערגעבען. ווען דריי נאָרוועגישע אָפיצירען זיינען צוגעקומען צו זאָגען זיי וואָס זיי האָבען צו טאָן אַלס געפאַנגענע, האָבען די דייטשע 'קאַפּיטולאַנטען' זיי גע'הרג'עט".

אַ אַנדערער נאָרוועגישער פליכטלינג האָט ערצעהלט: „די דייטשען האָבען געשאָסען אין אַ גרופּע קינדער. ווען צוויי נאָרוועגער האָבען געטראָגען אַ פערוואונדעטען לאַנדסמאַן, האָבען די דייטשען די צוויי טרעגער דער'הרג'עט און דעם פערוואונדעטען האָבען זיי אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים".

דאָס און פילעס אַנדערע האָט קנוט האַמסון נישט בעאיינדרוקט; אמת, ער האָט געקראָגען אַ נערוועז צוזאַמענברוך, אָבער ערשט ביי דער נאַכריכט פון — דייטשלאַנד'ס קאַפּיטולאַציע.

אַ איין-און-זיבעציג יעהריגע ענגלישע לעהרערין, מיטן נאָמען בעיקער, וועלכע האָט געוואוינט אין בראָמבערג (פּוילען), האָט ביי איהר אָנקומען אין לאָנדאָן ערצעהלט: „די דייטשען האָבען זיך בענומען ווי היידען. זיי האָבען גערויבט און געפּלינדערט. זיי מיסאַכטען דאָס מענשליכע לעבען. איך האָב געזעהן, ווי זיי האָבען פּוילישע יונגעלייט געשטעלט צו דער וואַנד פון דעם בראָמבערגער מוזעאום און ערשאָסען. זייער אינוואַזיע איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ בלוט-באָד אויף אונשולדיגע".

דאָראָטהי היוס האָט זיך ביי קריגס-אויסברוך געפונען מיט איהר מאַן אויף אַ האָכצייטס-רייזע אין וויען. צוריקקעהרענדיג קיין ענגלאַנד, האָט זי ערצעהלט: „מיין מאַן איז פערשיקט געוואָרען אין אַ קאַמפּ, איך בין

אינטערנירט געוואָרען אין דער ראָסאוער קאָסערנע. איך און אַנדערע ענג־לענדער האָבען געמוזט שלאָפען אויף דעם שטיינערנעם פוס־באָדען. ווי באַלד מיר האָבען געבעטען צו פערבעסערען אונזער לאַגע, האָבען זיי אונז געשלאָגען איבער די קעפּ״.

אין די ערשטע טעג פון דעם דייטשען איבערפאַל אויף פּוילען, האָבען די דייטשע פליהער אַראָפּגעוואָרפען אין פּוילישע שטעדט פּעקלעך מיט פערגיפטעטע צוקערלעך, איינגעפּאַקט אין פּאַפּיר פון דער פּוילישער צוקערלעך־פאַבריק דאמאנסקי. אהנונגסלאָזע קינדער האָבען דאָס אויפגעקליבען און זיינען נאָך דעם גענוס פון די „צוקערלעך״ פערגיפטעט געוואָרען.

די מאַסענווייזע היגריכטונגען פון רוסען, טשעכען, פּאָליאַקען, יוגאָסלאַווען און שפּעטער זאָגאַר פון איטאַליענער, זיינען קליינע פּראָבעס פון וועלכע די פעלקער קענען לייכט דערקענען, וואָס עס האָט אויף זיי געווארט אין דעם טויזענד־יעהריגען דייטשען רייך.

די גאַז־קאַמערען, וואוהין די דייטשען האָבען אַריינגעיאָגט יידישע קינדער, וואָלטען נישט געענדיגט זייער פונקציע מיט דעם לעצטען ייד. נישט פאַר אונז אַליין זיינען די טויטען־לאַגערען אויפגעשטעלט געוואָרען. נאָך דער פערניכטונג פון דעם יידענטום האָבען די פּאָליאַקען געזאָלט קומען אין דער רייהע. לויט דעם דייטשען פּלאַן האָט געזאָלט „אַ דריטעל פון פּוילישען פאָלק פערגאַזט ווערען; נאָך אַ דריטעל האָט געזאָלט אומקומען ביי שווערע שקלאַפען־אַרבייט און די איבעריגע האָט מען געזאָלט אַסימילירען צווישען די דייטשען״. פאַר דעם האָבען די דייטשע שפּראַכעאָלאָגען ערפונדען דעם אויסדרוק: „אומפאָלקונג״, אָדער „איינפאָלקונג״. צו די ערשטע צוויי דריטעל האָבען געהערט די יעניגע פּאָליאַקען, וואָס זיינען געווען „אומפאָלקונגס־אונפעהיג״, אָדער „אומפאָלקונגס־אונוויליג״. פּוילען איז שוין גערופען געוואָרען „דייטשעס נעבענלאַנד״, און די נעמען פון פּוילישע שטעדט זיינען גערמאַניזירט געוואָרען. אַזוי האָט, צ. ב. רזשעזשאָוו געהייסען „רייכסהאָף״.

דאָ פאָלגט אַ ווערטערליכער בעריכט פון דעם סמיטהסאָניאן אינסטיטושאָן אין וואַשינגטאָן, וועלכער איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דעם 21־טען פעברואַר 1948: „אַ קריגס־צייט שטודיום, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען פון דייטשע אַנטראָפּאָלאָגיסטען אין פּוילען, מאַכט וואַהרשיינליך די מעגליכקייט, אַז זיי האָבען בעאַבזיכטיגט אויסצוסאָרטירען בעזיגטע פעלקער לויט ראַסישע ליניעס. די דייטשען האָבען געמאָסטען די קעפּ, נעז און קינבאַקען פון די פּאָליאַקען פון יעדען מעגליכען ווינקעל. זיי האָבען גענומען פינגער־אָפּדריקען און געמאַכט אומריסען פון קעפּ און נעז. זיי האָבען אויך געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַהמען פון יעדען אינדיווידואום פון פינף זייטען. זיי האָבען זיך פערשאַפט קאָמפּלעטע פאַמיליען־ און מעדיצינישע־בעשרייבונגען און

האָבען זאָגאַר אָפּגעשניטען לאָקען פון זייערע האָר. לויט דער אויפמערק־זאַמקייט, וואָס די דייטשע פאַרשער האָבען געשענקט דער אבלייטונג פון די פּוילישע נעמען, איז צו פערשטעהן, אַז דער צוועק פון דער דאָזיגער אוי־סערגעוועהנליך גרינדליכער פאָרשונג איז געווען צו סעפּאַרירען די פּאָליאַ־קען אין פערשידענע ראַסישע גרופּען". די אַמעריקאַנער אַרמעע האָט אי־בערגעגעבען דעם ערוועהנטען אינסטיטוט איבער צוויי טויזענד פון די געפונענע רעקאָרדס.

ווען די עלימינירונג פונ׳ם פּוילישען פאָלק וואָלט געווען בעענדיגט, האָ־בען די דייטשען שוין געהאַט אויפן צעטעל אַ אַנדער פאָלק אַלס טויט־קאַנ־דידאַט. איין סלאַוויש פאָלק נאָך דעם אַנדערען האָט געזאָלט געפיהרט ווערען פּלאַנמעסיג צו דער שלאַג־בריק, ביז עס וואָלט געהאַלטען ביי די אַלטערס־שוואַכע פּראַנצויזען, ביי די דעקאַדענטע ענגלענדער, וועמען זיי האָבען עס געהאַלטען פּשוט פאַר אַ מצוה׳ צו געבען אַ גנאַדען־שאָס. דאָס וואָס איז פּאַסירט צו די יידען, האָט געזאָלט טרעפען אַלע פעלקער, מיט דעם איינעם אונטער־שיד וואָס ביי די יידען האָט דאָס דייטשע מערדער־פאָלק דורכגעפיהרט זיין טייוולאָנישען פּלאַן, און ביי די אַנדערע פעלקער איז עס געבליבען אויפן .blue print

דער פעלקער חד גדיא.

ווען דער טשעכאָסלאָוואַקישער פּרעזידענט איז געבראַכט געוואָרען אין מיטען דער נאַכט צו היטלער׳ן און איז געשטעלט געוואָרען פאַר די וואהל, ענטוועדער אויפצוגעבען די טשעכישע פרייהייט, אָדער זיין לאַנד זאָל אַוועק־געבאָמבט ווערען פון דער ערד, ווען דער אַלטער האַכאַ האָט, פאַלענדיג אין אָהנמאַכט, נאָכגעגעבען דעם ערפּרעסער, און האָט „מסכים" געווען צו דער צערשטיקלונג פונ׳ם טשעכישען שטאַט, האָבען דעמאָלט די פּאָליאַקען זיך געפרייט מיט דעם טעשענער ביין וואָס דער דייטשער הונט האָט איהם צוגעוואָרפען. זיי האָבען נישט געוואָלט פערשטעהן, אַז דורך דער בעזעצונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע איז פּוילען צוגעקומען נעהנטער צו דער געפאַהר־זאָנע. וואָס הייסט, פּוילען האָט דאָך אַ נישט־אָנגריף פּאַקט אין דער האַנד, און דאָרט שטעהט בפירוש געשריבען, אַז איינער טאָר נישט דעם צווייטען קיין שלעכטס טאָן.

נאָך דעם פערשלינגען פון פּוילען, האָבען די יוגאָסלאַווען, האָלענדער, בעלגיער א. א. וו. געשוויגען און זיך געטראַכט, אַז דאָס מיינט מען נישט זיי, זיי וועלען בלייבען פערשוינט. רוסלאַנד האָט זאָגאַר פערצעהרט אַ שטיק פּוילען וואָס דער אונערזעטליכער היישעריק האָט איהר דערוויל איבער־געלאָזט צו האַלטען, ביז איהר נעקסט וועט קומען. קיין פאָלק האָט נישט

געוואָלט לערנען ביים אונגליק פון דעם צווייטען; קיין פאָלק האָט נישט געוואָלט איינזעהן, אַז דער דייטשער וועלט־פערניכטער האָט פאַר יעדען פאַר־געברייטעט דאָס זעלבע, נאָר ער מאַכט עס שריטענווייז. כל עוד דער טכויר איז נאָך נישט אַריינגעבראָכען אין זיין לאַנד, האָט יעדעס פאָלק בעזונדער מיט איהם גוט געלעבט, און ווי ווייט מעגליך נאָך צוגעהאָלפען דעם קינפטיגען פערניכטער ביי דער פערניכטונג פונ׳ם שכן.

אַזוי האָט זיך געצויגען אַ ריכטיגער חד גדיא איבער די טעמפע וועלט: ווען דאָס יידישע ציגעלע איז צערבלוטיגט געוואָרען, האָבען געשוויגען די טשעכען. ווען דער דורס האָט זיך גענומען צו די טשעכען, האָבען געלאַכט די פּאָליאַקען; ביים אונגליק פון די פּאָליאַקען, האָבען זיך געפרייט די רוסען. ביז די דייטשע שלאַנג האָט זיך געוואָרפען איבער די רוסען, ביז אַ פלאַם פייער האָט אַרומגענומען די גאַנצע רשעות׳דיגע וועלט, וואָס האָט זיך אַזוי רוהיג פערהאַלטען ביי דער פערציקונג פונ׳ם מאַכטלאָזען יידישען ציגעלע. אַלע זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין דעם טויטען־טאַנץ, אַלע האָבען זיך סוף כל סוף געמוזט באָדען אין אנגסטען און שפּירען אַ טראָפּעלע פונם ציגעלע׳ס טעם.

עס האָט נישט געגעבען קיין פאָלק וואָס זאָל נישט האָבען געבראַכט קרבנות. אַלע זיינען זיי פערוויקעלט געוואָרען אין דעם ביטערען קאַמף, און דאָס לעבען פון דער מענשהייט האָט געהאַנגען אויף אַ האָר.

### ווען דייטשלאַנד וואָלט געזיגט . . .

אָך און וועה וואָלט געווען צו דער וועלט, ווען דייטשלאַנד וואָלט אַרויס פון דעם קריג אַ זיגער. דאָס וואָלט בעדייטעט וועלט־אונטערגאַנג אינ׳ם בוכשטעבליכען זין פון וואָרט. די מענשהייט וואָלט פערפאַלען אין אַ עוויגען טויט, און זי וואָלט שוין קיינמאָל נישט מעהר געקענט אויפשטעהן תחית המתים. די ערד וואָלט געציטערט פאַר גרויל און חורבן, אייביגע פינסטער־ניש וואָלט זי בעדעקט.

יעדעס לאַנד וואָלט געהאַט זיינע גאַז־קאַמערען, דייטשע וויסענשאַפט־לער וואָלטען וואָס אַמאָל מעהר „פערבעסערט" די מאָרד־מעטהאָדען און די מאַסענווייזע ליקווידירונגען פערשנעלערט, ביז דאָס מענשליכע געשלעכט וואָלט אין גאַנצען אויסגעראָטעט געוואָרען. געבליבען וואָלט נאָר דאָס ריינ־ראַסיגע אבערמענשענטום, דאָס דייטשע הערען־פאָלק.

מיט דער געוואוינטליכער דייטשער גרינדליכקייט וואָלטען זיי פערברענט די אַלטע געשיכטס־ביכער, די גאַנצע ליטעראַטור וואָס איז געשריבען גע־וואָרען פאַר דער „נייער אָרדנונג", און טאָטאַל אָפּגעמעקט אַלע שפּורען פון

דער געוועזענער וועלט. דער דייטשער קנאַבע פון דער נעקסטער גענעראַציאָן וואָלט שוין געוואוסט, אַז די שעפּפונג הויבט זיך אָן מיט שיקעלגרובער׳ס געבורט, אַז „מיין קאַמף״ איז דאָס נייעסטע טעסטאַמענט און אַז מענש הייסט דייטש. אין זער זאָלאָגיע־לעקציע וואָלט דער דייטש־מענש קנאבע ערפאַהרען, אַז עס האָט אַמאָל געגעבען טיערע, וואָס האָבען פּונקט אַזוי אויסגעזעהן ווי די דייטשען, ווי מענשען הייסט עס. זיי, די מענשען־חיות, זיינען צעפּאַלען אין פערשידענע טיער־גאַטונגען, וואָס האָבען זיך גערופען פעלקער, אָבער זיי האָבען זעהר פיל שאדען געמאַכט און האָבען נישט געהאַט קיין לעבענס־בערעכטיגונג. איז אויפגעשטאַנען דער פיהרער, דער ערלעזער און האָט אָט די אַלע מענשליכע אינסעקטען גרינדליך עקסטערמינירט; געבליבען זיינען נאָר מיר, די ווירקליכע מענשען, די ריינע, איבערלעגענע דייטשע ראַסע. והא ראי׳, אַז מיר אַליין זיינען די לעבענס־פעהיגע, איבערלעגענע און דער־פאַר די אַליין עקזיסטענץ־בערעכטיגטע, אַז מיר האָבען געקענט אַזוי פיל פסעוודאָ־מענשען פיהרען צום טויט, אַזוי ווי זייערע שטומע גענאָסען פון אַנדערע טירישע סאָרטען. אַ דאַנק דעם פיהרער איז די וועלט געזויבערט פון אָט די מענשליכע פּאַראַזיטען, און מיר קענען יעצט אונגעשטערט אַליין בעוואוינען די וועלט, זי קולטיווירען און בעהערשען. דאָס אַלעס וואָלט דער דייטשער קנאבע געהערט פון זיין פּראָפעסאָר און מיט נייגיר געלעזען אין דער נייעסטער דייטשער טיער־געשיכטע.

אַזוי ווי די דייטשען האַלטען שטאַרק פון דעם מאָדערנעם אנשויאונגס־אונטערריכט, וואָלטען זיי בודאי איבערגעלאָזט פון יעדען פאָלק עטליכע לעבעדיגע „עקזעמפּלאַרען״ און פאַר זיי אויפגעשטעלט אַזעלכע שטאַגען־צעלען, וואו זיי וואָלטען נישט געקענט אפילו גראד שטעהן, נאָר אין אַ גע־בוקטער שטעלונג. צו דעם וואָלטען זיי אויך געלעבט אונטער טירישע בע־דינגונגען, זיי וואָלטען געמוזט קריכען אויף די בייכער, אויפקלייבען נאהרונג פון דער ערד און זיך אין אַלעם אויפפיהרען ווי חיות. מיט דער צייט וואָל־טען זיי, נאַטירליך, אויך פערלוירען זייער שפּראַך־פעהיגקייט, און אַזוי וואָלט דאָס בילד, וואָס דער קנאַבע האָט זיך געמאַכט וועהרענד דעם טהעאָרעטישען אונטערריכט, דורך זיין בעזוך אין זאָאָ פערפולשטענדיגט און פּראַקטיש בע־שטעטיגט געוואָרען. ער וואָלט זיך איבערצייגט מיט די אייגענע אויגען, פון דער אַמאָליגער עקזיסטענץ פון אַזאַ מין חי׳, וואָס איז נישט קיין אַף און איז נישט קיין דייטש, דאָס הייסט קיין מענש, נאָר עפּעס אַזוינס וואָס הייסט רוס, פּאָליאַק, ענגלענדער, פראַנצויז. די נעמען פון די „שפּעציעס״ וואָלט ער געקענט אַרונטערלעזען פון דער נאַציאָנאַליטעט־בעצייכנונג וואָס וואָלט געוועזן איינגעברענט אין די הענד פון יעדער מענש־טיער גאַטונג.

דאָס אַלעס איז אוטאָפּיע, פיקציע, פאַנטאַזיע. אמת, אָבער די פאַנ־

טאַזיע באַזירט אויף פאַקטען פון דער ווירקליכקייט, אויף דער קענטעניש פון די דייטשע צילען און דייטשע שטרעבונגען, אויף ערפאַהרונגען און לאָגישע שלוסען. ווער עס עקסטערמינירט אַ פאָלק ווייל עס איז שוואַך, וועט אויך עקסטערמינירען אַ וועלט אין דער שעה פון איהר שוואַכקייט. אמת, דאָס איז אימאַגינאַציע, און קען נישט מיט מאַטעמאַטישער זיכערהייט פעסטגעשטעלט ווערען, ווייל אַזוי לאַנג ווי די וועלט איז נאָך נישט ליקווידירט געוואָרען, קען מען דאָס נישט בעווייזען, און ווען דער דייטש וואָלט שוין געהאַט די וועלט צעשטערט, וואָלט נישט געווען ווער עס זאָל בעווייזען און וועמען צו בעווייזען. די אויסגעהאַלטענקייט פון דעם ענטווארפענען בילד וואָלטען אַמבעסטען געקענט בעשטעטיגען די דייטשע באַנדיטען זעלבסט. און אפשר וואָלטען זיי גאָר אויך דאָס אַלס פאַנטאַזיע בעצייכענט, משום אַ אַנדערען טעם: ווער וייס דען אַזוי גוט ווי זיי, אַז די ווירקליכקייט וואָלט נאָך פיל ערגער אויסגעזעהן . . . דאָס וואָס אַ דייטש האָט בדעה צו טאָן מיט מענשליכע לעבענס, קען אַ מענשליכע פאַנטאַזיע נישט דערגעהן. אַז די דייטשע מערדער וואָלטען געשטעלט די וועלט אויפן קאָפּ, איז נישט קיין ספק, אַז דער בלעק־אוט וואָלט געווען אַ קאָמפּלעטער, אוניווערזאַלער און דויערענדער, קען מען זיך אויך פאָרשטעלען. און אַז עס האָט שוין געהאַלטען גאָר נאָהענט ביי וועלט אונטערגאַנג איז אויך קלאָר. נאָר וואָס דען? דער, וועמען די דייטשע טמאים האָבען אַזוי פריוואָל, אַזוי היידניש געלעסטערט, דער, וואָס האָט געזאָגט ביי בריאת העולם: יהי אור, האָט אַביסעלע בעזייטיגט דעם הסתרת פנים און האָט גוזר געווען, אַז דאָס פאָלק, וואָס שרייט יהי חושך צו דער וועלט, זאָל האָבען אַ מיאוסע וועלטס־מפלה, און דער מאַניאַק־הויפטלינג זאָל טאָקע איינגעהמען, אָבער אנשטאָט די וועלט, אַ מיתה משונה.

אַזוי שנעל איז דאָס וואונדער נישט געשעהן. פינף יאָהר לאַנג האָט די עגאָאיסטישע וועלט, וואָס האָט אָפּגעזאָגט יעדע סאָלידאַריטעט מיט די פערפאָלגטע יידען, זיך געמוזט ראַנגלען מיט דעם מורא׳דיגען שונא. ביי פרעמדע יסורים האָבען די אידיאָטישע פעלקער געשוויגען, ביי די אייגענע האָבען זיי גאָר הויך געשריגען. ווען דאָס אייגענע הייזעל האָט אָנגעהויבען ברענען, זיינען זיי אַרויס מיט קינד און קייט און האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין אַ פערצווייפלונגס־קאַמף אויף לעבען און טויט. פאַר די יידען האָבען זיי נישט געוואָלט קיין מלחמה פיהרען, טאָ האָבען זיי עס געמוזט טאָן פאַר דער רעטונג פון דעם אייגענעם לעבען.

אָבער ווי ביי יעדער וועלט־צרה האָבען מיר געצאָהלט דעם העכסטען פרייז. דאָס יידישע לייד, וועהרענד דער מלחמה, האָט איבערטראָפען די ליידען פון אַלע זינדיגע פעלקער צוזאַמען. מיט דער צעפלאַקערונג פון דעם

גלאָבאַלען קריג, איז דער קאָנטאַקט מיט די אין דער קרימינאַל־פעסטונג איי־ראָפּע שמאַכטענדע יידען איבערגעריסען געוואָרען. עס האָט אויפגעהערט יעדע פערבינדונג מיט זיי, זיי זיינען נעלם געוואָרען פון אונזער זעה־פעלד, פערשוואונדען אין אַ גרויסען וואַלד, צווישען די גרויזאַמסטע פון די חיות. אונזערע נאָהענטסטע און טייערסטע זיינען געבליבען אַליין מיט דעם מער־דער. אַ שוואַרצער, פינסטערער פאַרהאַנג האָט זיך איבער זיי אַראָפּגעלאָזט, עס איז איינגעטראָטען אַ טויטען־שטילקייט, און דער גורל פון אַ פאָלק איז געוואָרען בעזיגעלט.

## נאָכ'ן חורבן.

די צווייטע וועלט־מלחמה איז געענדיגט געוואָרען, און דער אייזער־נער, שוואַרצער פאָרהאַנג איז אויפגעגאַנגען. די מחיצה, וואָס האָט בעדעקט דעם בלוטיגסטען חורבן, די פורכטבאַרסטע דראַמע אין דער וועלט־געשיכטע, איז בעזייטיגט געוואָרען, און דער פערשאָלטענער דייטשער אַקטיאָר איז אַוועק פון דער סצענע, וואו ער האָט אַזוי לאַנג, אַזוי גרינדליך און אַזוי גרויזאַם געשפּילט און רעאַליזירט זיין שוידערהאַפטע מערדער־ראָלע.

דער מאָמענט איז געקומען, פאַר וועלכען מיר האָבען געהאָפט און צו־גלייך געציטערט. די שעה האָט געשלאָגען, אויף וועלכער אונזערע זעהענזיכ־טיגע אויגען האָבען אַרויסגעקוקט. מיט אונרוהיגע הערצער האָבען מיר ערוואַרט, אַז יעצט וועלען מיר זוכה זיין, זיך ווידער צו פעראייניגען מיט אונ־זערע נאָהענטע, פון וועמען עס האָט אונז אָפּגעשיידט ביז יעצט אַ פינסטע־רער אָפּגרונד.

און הגם מיר האָבען געאַהנט, אַז נישט אַלע וועלען מיר אָנטרעפען, האָבען מיר ערוואַרט, אַז לכל הפּחות מאַנכע פון אונזערע טייערע וועלען האָבען אי־בערשטאַנען דאָס גרויזאַמע שפּיל, די ביטערע ווירקליכקייט.

אָבער באַלד האָט זיך פאַר אונזערע ענטזעצטע אויגען ענטפּלעקט אַ אונגעהויערע חורבה, אַ שרעקליכע לעדיגקייט, אַ פוסטער וואַלד. מיר האָבען אַריינגעשריגען פערצווייפעלטע קולות אין דעם וויסטען וואַלד. מיר האָבען אָנגערופען נעמען, ברודער, שוועסטער, טאַטע, מאַמע, וואו זייט איהר?! גיבט אַ לעבענס־צייכען פון אייך, רופט אייך אָפּ, טייערע מענשען!

קיינער פון זיי האָט נישט געענטפערט. שווייגען איז געווען זייער תשובה. אַ אונהיימליכע, אייזיגע שטילקייט האָט אונז אַרומגענומען און פערגליווערט אונזער בלוט, פערקלעמט אונזער קעהל. בלויז דאָס עכאָ פון אונזער איי־גענער שטימע איז צוריקגעדרונגען וויינענדיג צו אונזערע געשפּאַנטע, צאַ־פּעלדיגע אויערען.

אַ שטומקייט פון טויט האָט געהערשט אויף יענעם אָרט, וואו די מערטי־רער האָבען אין דער לאַנגער נאַכט פון זייער אונענדליכער פּיין געלעכצט און געבענקט, געוואַרט און געהאָפט אויף אַ וואונק, אויף אַ צייכען, אויף הילף פון אונז אונגליקליך־גליקליכע אויף דער אַנדערער זייט פון׳ם בלוטיגען פּאַרהאַנג.

אָטעמלאָזע, איינגעטונקען אין שמערץ, געדריקט פון יאוש און דאָך מיט אַ פונק האָפנונג אָדער זעלבסט־טוישונג אין האַרץ, האָבען מיר זיך צוביסלעך דערנעהנטערט צו דער סצענע פון שווייגען. דאָרט האָבען מיר געזוכט צווי־שען די חורבות, געגנישטערט צווישען די רואינען נאָך אַ שפּור פון לעבען. אָבער מיר האָבען בלויז געפונען סימנים פון ליידען, אַש פון פערקוילטע, רויך פון פערברענטע, הויפענס פון טרימער, איבערבלייבעכץ פון פערשניטענע לעבענס, האָר פון אויסגעריסענע בערד, שיך פון גע׳הרג׳עטע שוועסטער, זאָקעלעך פון פערברענטע קינדער. אַלע סימנים פון חיות זיינען געווען אָפּ־געווישט, אַלע ליכטער פערלאָשען, אַלעס, אַלעס איז אַוועק, פערזונקען אין אַ אונאיבערזעהבאַרען נישט, אַוועקגעשווענקט פונ׳ם שרעקליכען מבול, וואָס דאָס דייטשע מערדער־פאָלק האָט איבער זיי געבראַכט. די וואָס האָבען אין דעם לעבעדיגען גיהנום אַזוי פיל געליטען און געדולדעט, געקעמפט און געהאָפט, כמעט קיינער פון זיי האָט דעם טאָג נישט דערלעבט. זיי זיינען נאָך פאַר דער בעפרייאונג ערלייזט געוואָרען פון זייערע ליידען און מאַטערנישען.

וואָס ווייטער מיר זיינען געגאַנגען, אַלץ מעהר האָבען מיר זיך בעקענט מיט דער וועלט פון פערניכטונג, מיט דעם חורבן פון אונזער פאָלק.

אמת, דאָס האַרץ האָט אונז שוין פריהער געזאָגט, אַז עפּעס שרעקליכעס האָט פּאַסירט. וויסענדיג, אַז אונזערע טייערסטע געפינען זיך אין די הענד פון בלוטדורשטיגע טיראַנען, האָבען מיר געפיהלט, אַז דער שאָדען וועט זיין אַ גרויסער. אָבער אויף אַזאַ פורכטבאַרע קאַטאַסטראָפע, אויף אַזאַ שוי־דערליך פולשטענדיג אָפּמעקעניש, האָט זיך קיינער נישט געקענט ריכטען. אַז דער מאָרדגיעריגער דייטשער דורס, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער איידעלער יידישער סטאַדע, וועט אַזוי טיריש אַלע צאן קדשים אויסראָטען און קיין איין שעפּעלע איבערלאָזען, דאָס האָט קיינעם נישט געקענט איינ־פאַלען. אַזאַ קראַנקהאַפטע, בעסטיאַלישע פאַנטאַזיע קען אַ ייד נישט בע־זיצען. אַזוי ווייט, אַזוי נידעריג גרייכט נישט די יידישע השגה. אַזאַ טאָ־טאַלער אונטערגאַנג פון אַ גאַנצער אומה, מיט אַלע איהרע זקנים און קינדער, אַלע איהרע טעכטער און זין, דאָס האָט נישט געקענט עולה על הדעת זיין. דאָס האָבען מיר זאָגאַר דער געזונקענער דייטשער בעסטיע נישט געקענט חושד זיין.

דאָס יידישע פאָלקס־דראַמע האָט גענומען אַ ביטערען אָפּשלוס, אַ קאַ־



אייזענהויער לאָזט זיך ווייזען דייטשע פייניגונגס־מעטאָדען.

טאַסטראָפאַלען אויסגאַנג. עס האָט אַזוי געענדעט, ווי די רעזשיסערען האָ־בען עס צוגעטראַכט און אויספּרובירט.

זעהענדיג אונזער חורבן האָט די וועלט מיט אונז אַ ציטער געטאָן. אין די ערשטע וואָכען נאָכן ענדע פונ׳ם קריג, ווען די אומות העולם האָבען זיך מיט זייערע אייגענע אויגען איבערצייגט פון דעם שענדליכען מאַסענמאָרד, האָבען זיי געשפּילט די אויפגעצאָרענטע, די ערשיטערטע. לאחר המעשה האָבען זיי זיך פערגונען צו שפּילען די אויפגעבראַכטע, די אויפגעברויזטע. נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין אַליין געזעהן די טאָרטורען און גרויזאַמקייטען וואָס דער דיאַבאָלישער דייטש האָט זיך געלייסטעט געגען אונז און צום טייל אויך לגבי געפאַנגענע אַליאירטע זעלנער, האָט זיי שוין געפּאַסט אַ שוידער צו טאָן.

אייזענהויער האָט פערזענליך אינספּיצירט מאַנכע לאַגערען און האָט בעריכטעט צו מאַרשאַל, אַז „ווערטער קענען נישט שילדערען די צושטאַנ־דען. אַלע ביז אַהעריגע ידיעות גיבען נישט איבער די פולע שוידערליכקייטען״.

„דעם דייטשען פאָלק טאָר נישט ערלויבט ווערען צו ענטרינען דעם געפיהל פון שולד, פון מיטאַרבייט ביי דער טראַגעדיע וואָס האָט אַרומגענומען די וועלט.״ אויף זיין איינלאַדונג זיינען געפאָהרען צוועלף סענאַטאָרען און קאָנגרעסלייט מיט צוועלף צייטונגס־מענער קיין דייטשלאַנד. זיי האָבען בעטראַכט די מאַר־טער־ווערקצייג און מאָרד־אַפּאַראַטען, זיי האָבען פאָטאָגראַפירט די נאָך נישט פערשאַרטע מתים און בעמיטליידעט די רעשטלעך לעבעדיגע טויטע. קו־מענדיג אַהיים האָבען זיי מיט די שאַרפסטע ווערטער פעראורטיילט דאָס דייטשע געזינדעל און האָבען זיך אַ צייט לאַנג נישט געקענט בערוהיגען. זיי האָבען געהאַט בלויז בעזוכט די קאָנצענטראַציע־לאַגערען אין דייטשלאַנד, וואָס זיינען אין פערגלייך צו מאַידאַנעק, בעלזעץ או. א. וו. געווען אַ גן עדן. דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין די פוילישע טויטען־לאַגערען, אין די בונקערס, וועלדער און שחיטה־הייזער, האָבען זיי נישט געזעהן. אָבער דאָס ווייניגע וואָס זיי האָבען אין דער קורצער צייט יאָ געזעהן, האָט גענוגט אויפ־צושטורמען זייערע געמיטער.

פוליצער, דער אַרויסגעבער פון „סט. לואיס פּאָסט דיספּעטש״, האָט נאָך זיין בעזוך אין בוכענוואַלד או. א. געשריבען: „די ביז אַהעריגע בעשרייבונגען פון דעם גרויל האָבען נישט אָנגעגעבען דעם פולען אמת. די ברוטאַלע טייוולאָ־נישקייט פון דעם, וואָס די דייטשען האָבען אָפּגעטאָן, מאַכט צו גאָר נישט יעדע בעשרייבונג. דאָס ׳שוואַרצע לאָך׳ פון קאַלקוטאַ זינקט אַראָפּ צו בע־דייטונגסלאָזיגקייט אין פערגלייך צו דער מאָרד־פאַבריק פון בוכענוואַלד . . . זעכצעהן שקלאַפען־אַרבייטער זיינען געשלאָפען אויף אַ ברעט פון 3 ביי 12 פוס. יעדער שעלף איז געווען אָפּגערוקט פון צווייטען איבער איהם און אונטער איהם בלויז 24 אינטשעס. די דייטשען זיינען נישט געווען אינטע־רעסירט אין דער אַמוניציע וואָס די קנעכט האָבען פּראָדוצירט. זייער כוונה איז געווען אויסצו׳הרג׳ענען די קנעכט. אין חודש מערץ אַליין זיינען אויס־געשטאָרבען אין בוכענוואַלד 5,900 שקלאַפען. אויב דער לעזער צווייפעלט נאָך אַלץ, זאָל ער זעהן די בילדער, און ווען ער זעהט די בילדער, זאָל ער וויסען, אַז זיי פאָטאָגראַפירען נאָר אַ קליינעם טייל פון דער מאָזאַאיק פון אַ גוט איבערגעלעגטער מאַסען־פערניכטונג . . . עס קען נישט פערלייקענט ווע־רען, אַז די גרויסע מערהייט פון דעם דייטשען פאָלק מוז אנטיילנעהמען אין דער פעראַנטוואָרטליכקייט. עס איז מיין דורכגעטראַכטע איבערצייגונג, אַז די אייניגע הונדערט טויזענט ס.ס.־מענער, די געשטאַפּאָניקעס און דער דייטשער גענעראַל־שטאַב דאַרפען געמשפט ווערען, און ווען זיי ווערען גע־פונען שולדיג, דאַרפען זיי דערשאָסען ווערען״.

דער דייטש אַלס נעביכאַנט.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און די ענטריסטונג פון דער „עפּענטליכער מיינונג" האָט אָנגעהויבען נאָכצולאָזען. באַלד איז אין גאַנצען איינגעטראָטען אַ בערוהיגונג. די צייט האָט געהיילט די נישט זעהר טיפע וואונד, וואָס די יידישע טראַגעדיע האָט געשלאָגען אין די נישט צופיל צעבראָכענע הערצער פון די זיגער. צוביסלעך האָבען זיך די פעלקער מיישב געווען, אַז משום דעם אָדער יענעם טעם איז עס ראַטזאַם, צו מאַכען אַ שטיקעל שוויג, אַוועק־צוקוקען און אַביסעלע צו פערגעסען. דערווייל האָט מען געלאָזט אויפקומען אַ ריזיגע רחמנות־פּראָפּאַגאַנדע.

אין די פעראייניגטע שטאַטען לעבען איבער פופצעהן מיליאָן דייטשען. אַ היבשער טייל פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע געפינט זיך אין זייערע הענד. צירקא טויזענט דייטשע פּראָפעסאָרען אונטערריכטען אין אַמערי־קאַנער אוניווערסיטעטען. די דייטש־אַמעריקאַנער זיינען אונגעהויער שטאַרק בעטייליגט אין פערלאַגס־אונטערנעהמונגען און אין אַנדערע, די עפּענטליכע מיינונג בעאיינפלוסענדע געזעלשאַפטען. אין דער היטלער־צייט האָבען זיי אַרויסגעוויזען אַ ריזיגע אַפיניטעט צום דריטען רייך. זייערע אָרגאַניזאַ־ציעס און פּרעסע האָבען זיך אָפען אָריענטירט צום „נייעם" דייטשלאַנד, און האָבען פּראָפּאַגירט דעם נייען „גייסט" פון זייער אַלטער היימאַט. ביז אַמעריקאַ'ס איינטריט אין דער מלחמה האָבען זיי זיך עפּענטליך און שטאָלץ בעקענט און בעטעטיגט אַלס נאַציס. די בילדער פון היטלער און די אַנדערע מערדער האָבען „פערציערט" זייערע ביר־שטובען און פּריוואַט־הייזער. זיי האָבען זיך געגרויסט מיט שיקעלגרובער'ס טריאומפען און מסכים געווען צו זיינע אכזריות. זיי האָבען שוין געהאַט אין אַמעריקע זייערע גאולייטערס און שטורמטרופּערס, וואָס האָבען געגלענצט אין זייערע ס. ס. אוניפאָרמס. זיי האָבען שוין אַרויסגעקוקט אויף דער שעה, ווען דער האַקענקרייץ וועט אַרונ־טערוועהען פון'ם ווייסען־הויז און קרעמאַטאָריומס וועלען בעלייכטען דעם ניו־יאָרקער הימעל.

נאָכדעם ווי זייערע רוצח'ישע פאָלקס־גענאָסען זיינען בעזיגט געוואָרען, האָבען זיך די זעלבע דייטשען פערוואַנדעלט אין „אַמעריקאַנער" בעלי רחמנות און זיינען צערפלאָסען פאַר נאַבלעס.

זיי האָבען אָנגעפיהרט אַ געוואַלטיגען רחמנות קאַמפּיין און בעשטו־רעמט סענאַטאָרען און קאָנגרעסלייט מיט טעלעגראַמעס, פערלאַנגענדיג שפּייז און הילף פאַר דעם געפאַלענעם, ליידענדען דייטשען פאָלק. זיי האָבען פער־שפּרייט רחמנות־בילדער, בעדינענדיג זיך אָפט מיט פאָטאָגראַפיעס פון יידישע ליידען, וועלכע זיי האָבען בעצייכענט אַלס דייטשע. מיט גוטען און

מיט בייזען האָבען זיי געפּרעדיגט גוטסקייט און פערצייהליכקייט פאַר די „אָרימע” דייטשען.

אַ קליינע קאָסט־פּראָבע פון די פון די דייטשען אין אַמעריקע פערטיילטע פלוג־צעטלען זאָל דאָ געוויזען ווערען:

איין פּאַמפלעט טראָגט דעם טיטול: „האָט אַמעריקע פערלוירען איהר שכל?” און זאָגט בתוך הדברים: „מיר געפינען זיך אין דער מיט פון דער גרעסטער גרויזאַמקייט געשיכטע פון אַלע צייטען. עס האַנדעלט זיך אין דער ווירקליכער טאָרטור און פערניכטונג פון 80 מיליאָנען ציוויליזירטע מענשען, פון וועמען פיל אַנדערע מיליאָנען הענגען אָפּ. עס טרעפט גאַנץ אייראָפּא. אונזער (!) זיג אין מאַי 1945 האָט געשאַפען די דאָזיגע סיטואַציע. אַ האַלב יאָהר נאָכן זיג ווערט נאָך אַלץ מלחמה געפיהרט געגען אַ הילפ־לאָזען שונא, וואָס בלוטעט פון אַלע זייטען און הונגערט”.

די „אַמעריקען וועטעראַנס אָף גערמאַן דיסצענט” האָט אַרויסגעגעבען אַ פלוג־צעטעל מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „דער קריג האָט בעוויזען איין זאַך, אַז די דייטשען זיינען איבער־לעגען די אַמעריקאַנער און ענגלענדער פיזיש, אינטעלעקטועל, עסטעטיש און מאָראַליש. עס איז צייט צו זאָגען די איגנאָראַנטע אַמעריקאַנער איבער די גרויסקייט פון די דייטשען, אין דער צייט ווען מאַנכע אַמעריקאַנער ווילען שיקען מאַנכע פון אונז, צו לערנען די דייטשען איבער מאָראַל און אַנדערע זאַכען”.

אין דעם רחמנות־קאַמפּיין האָבען זיך בעטייליגט נישט נאָר די רע־אַקציאָנערען, נאָר אויך די דייטשע סאָציאַליסטען אין אַמעריקע. די „דע־מאָקראַטישע” דייטשען האָבען זיך דערמאָנט אין זייער נאַציאָנאַלער פליכט און האָבען אַפּעלירט צו די פּראָגרעסיווע עלעמענטען אין אַמעריקע, נישט צו דערלאָזען, אַז דעם דייטשען פאָלק זאָל חלילה אַ האָר געקרימט, אָדער אַ אייל ערד אַוועקגענומען ווערען.

דאָס גאַנצע אויסלאַנד־דייטשטום האָט געאַרבייט מעשים, מען זאָל די דייטשען נישט בלויז שפּייזען, נאָר זאָגאַר אויפריכטען, גרויס און שטאַרק מאַכען. זיי זאָלען חלילה נישט ליידען קיין טעריטאָריאַלע פערלוסטען, מען זאָל זיי נישט לאָזען פיהלען, אַז זיי האָבען חרוב געמאַכט אַ וועלט, און אַז זיי זיינען בעזיגטע, געשלאָגענע, ווייל דאָס קען חלילה פערלעצען דעם דייטשען שטאָלץ.

די דייטשען אין דייטשלאַנד גופא האָבען אונפערשעהמט אַלץ געטאָן, כדי ביי דער וועלט, וואָס זיי האָבען ערשט געוואָלט איינשלינגען, מיטלייד צו וועקען. האָבענדיג מורא פאַר דער געביהרענדער שטראָף, זיינען זיי אין אָנפאַנג געקראָכען אויף אַלע פיר און האָבען געטריבען זייער קנעכטישער הכנעה און קריכערישקייט ביז צו לעכערליכקייט. זיי זיינען אַרונטערגעגאַנגען

פונ׳ם טראָטואַר ווען זיי האָבען געזעהן אַ פיינדליכען זעלנער, כדי איהם צו מאַכען פּלאַץ. מיט דער איינגעבוירענער פייגהייט פלעגט יעדער דייטש אָנהויבען זיין געשפּרעך מיט די ווערטער: „איך האָב פון גאָר נישט געוואוסט. אין אַלץ זיינען די נאַציס שולדיג, אָבער איך בין קיינמאָל קיין נאַצי נישט געווען". אַזוי האָבען אַלע דייטשען גע׳טענה׳ט. מיט איינמאָל איז אין גאַנץ דייטשלאַנד נישט געווען צו געפינען קיין איינציגער נאַצי. אַלע האָבען זיך געשטעלט תמ׳עוואַטע, אַלע האָבען געשפּילט די נאַאיווע, אונשולדיגע. די גאַנצע דייטשע באַנדע איז מיטאַמאָל בעשטאַנען אויס לויטער פערפיהרטע נעביכאַנטען, אַזוי ווי אין דער גאַנצער קריגס־ און מאָרד־צייט וואָלטען אַלע דייטשען געשלאָפען. לויט זייער אָנשטעל זיינען די דייטשע כלי זין געשאַ־פען און געפיהרט געוואָרען פון דער לופט, פונ׳ם אונהייליגען גייסט. קיין דייטש האָט נישט מיט אַ האַנד גערירט. די דייטשע נאַציע איז געווען געלעהמט.

ווען די אַמעריקאַנער אַרמעע האָט זיך גענעהנט צו די דייטשע קאָנ־צענטראַציע לאַגערען, האָבען די דייטשע קאָמאַנדאַנטען געלאָזט אויס׳הרג׳ענען די לעצטע יידישע שקלאַפען (ווי וויט די צייט האָט עס ערלויבט), צוגלייך האָ־בען זיי בעפרייט די דאָרט פערהאַלטענע אונפערלעסליכע דייטשען, (וועלכע האָבען אַלס אויפזעהער נישט וועניג געפייניגט די יידישע העפטלינגע) מיט דער אויפפאָדערונג: „איהר זייט פריי. יעצט געהט אַרויס אין דער וועלט און פּרעדיגט רחמים פאַר דייטשלאַנד!"

ניעמעלער און אַלע אנדערע בראַווע דייטשען האָבען דעם בעפעהל עהרליך געפאָלגט. זיי האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אין די פרעמדע מדינות צו בעטען הילף פאַר די אָרימע דייטשען. נאָך זיין בעזוך אין אַמעריקע האָט ניעמעלער געשיקט צו זיינע היגע פאָלקסגענאָסען און פּראָטעסטאַנטישע גלויי־בענס־ברידער טויזענטער אַדרעסען פון זיינע לאַנדסלייט, זיי זאָלען פער־טיילט ווערען צווישען אַמעריקאַנער, וועלכע זיינען „פערפליכטעט" צו שי־קען פעקלעך פאַר די „אָרימע" אַדרעסאַטען. אין אַ בריוו צו די אַמעריקאַנער פּראָטעסטאַנטען פערלאַנגט ער געביטעריש, אַז אַמעריקע זאָל העלפען דייטש־לאַנד און ענדערען איהר פּאָליטיק כלפי די דייטשען. „אַזוי ווי די דעמאָ־קראַטישע שטאַטען האָבען בעהויפּטעט, אַז זיי קעמפען פאַר מענשליכקייט און קריסטליכע פּרינציפּען, זיינען די דייטשען ענטוישט און קענען פערפאַלען דעם ניהיליזם". ער שטעלט פעסט, אַז עס פעהלען דייטשען (!) און אויב מען וועט נישט שיקען גענוג הילף, „וועלען די דייטשען דענקען, אַז דער מאָרגענטוי־פּלאַן ווערט פערווירקליכט, מיט דער טענדענץ, צו פערניכטען די דייטשע נאַציאָן" (זייט ווען זיינען פאַרמערס טויט?). ער שליסט מיט דער דראָהונג, אַז די צוריקהאַלטונג פון הילף וועט אַרויסרופען האַס ביי די

דייטשען (זייט ווען קען אַ דייטש האַסען?) און ברענגען שלעכטע רעזולטאַטען.

אַזוי שמועסט אַ דייטשער גלח, וואָס האָט אָנגעבאָטען זיין דינסט דער דייטשער זעע־מאַכט, וועלכע האָט געזונקען פּאַסאַזשיר שיפען אָהן אַ וואָר־נונג און האָט געמאָרדעט פיינדליכע מאַרינס נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען.

צו זיין „ענטשולדיגונג" מוז פעסטגעשטעלט ווערען, אַז אידעאָלאָגיש איז ניעמעלער גאָר נאָהענט געווען צום נאַציזם. ער האָט זיך אָפען דעקלאַ־רירט אַלס געגנער פון דעמאָקראַטיע. שוין אין 1926 איז ער געווען אַ מיט־גליד פון דער נאַצי־פּאַרטיי. די פערפאָלגונג פון אָסט־יידען האָט ער בע־צייכענט אַלס בערעכטיגט. דאָס איינציגע וואָס האָט איהם צערשיידט פון היטלער'ן איז געווען דער מאַכט־שטרייט אין דער קירכע. דערפאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט פערציכטען אויף די סואווערעניטעט איבער זיין קירכע צוגונסטען דעם מאַכט־הונגעריגען פיהרער, איז ער אַריין אין אונגנאדע און איז אַרעסטירט געוואָרען. אין דער תפיסה איז איהם חלילה נישט שלעכט געגאַנגען. ער איז אַלס אַמאָליגער פּאַרטיי־גענאָסע גאַנץ גוט בעהאַנדעלט געוואָרען. ער האָט נישט געמוזט אַרבייטען און ער האָט גענאָסען פערשי־דענע פרייהייטען און פּריווילעגיעס. ער האָט דאָרט געהאַט די מעגליכקייט צו שטודירען און אויסצולערנען די ענגלישע שפּראַך. פון דעם „אַרעסט" אַרויס, האָט ניעמעלער געלאָזט זאָגען זיינע גלוביגע, אַז „יעדער דייטש האָט צו קעמ־פען און צו שטאַרבען מיט דייטשען". ניעמעלער'ס זין האָבען געקעמפט פאַר היטלער אַלס אָפיצירען אין דער נאַצי אַרמעע, און ער אַליין האָט זיך געווענדעט צום פיהרער, אַז ער זאָל איהם לאָזען ווידער ווערען אַ אונטערזעעבאָט־קאָמענ־דאַנט (אין וועלכער פונקציע ער האָט געדינט דעם דייטשען פאָטערלאַנד אינ'ם ערשטען וועלט־קריג). שיקעלגרובער האָט דעם גלח נישט איבערגעגעבען די געווינשטע מיסיאָן. ער האָט געזעהן פאַר איהם אַ אַנדערע שליחות: נאָך דער עווענטועלער מפּלה צו פּרעדיגען הילף און רחמנות פאַר די געשלאָגענע דייטשען.

ניעמעלער האָט ערפילט זיין מיסיע בשלמות. ער האָט געבעטען הילף און אַלס ריכטיגער דייטש האָט ער בעגלייט יעדע ביטע מיט אַ דראָהונג. עס פּאַסט דאָך נישט פאַר אַ דייטש, ער זאָל בלויז בעטען, ווי אַ בעטלער וואָס האָט גאָר נישט אָנצובאָטען. ער מוז צייגען, אַז ווי געשלאָגען ער איז, האָט ער נאָך אַלץ עפּעס צו פערקויפען, ווען שוין גאָר נישט, האָט ער נאָך סטראַ־שונקעס ביי דער האַנד. אַזוי זיינען אַלע דייטשע בקשות געמישט מיט דראָהונגען.

דאָס ערץ־חזיר גערינג האָט אין אָנפאַנג קריג געזאָגט, אַז דאָס דייטשע פאָלק וועט צום לעצט הונגערען. וועהרענד דעם גאַנצען קריג האָבען די

דייטשען טאַקע געפּרעסט צוזעצטערהייד פון דעם, וואָס זיי האָבען צוזאַמענגע־רויבט פון די פעלקער וועלכע זיי האָבען איבערפאַלען און אויסגעהונגערט. אַ קורצע צייט נאָך דער מלחמה האָבען זיי שוין געיאָמערט איבער הונגער־נויט. זיצענדיג אין די הייזער פון די פערטריבענע, טראָגענדיג די קליידער פון די פערברענטע, צעהרענדיג פון דעם צוגע׳גנב׳עטען פּראָוויאַנט, האָבען די דייטשען מרעיש עולמות געווען וועגען זייערע אכילה־זאָרגען. וואו מען איז געגאַנגען האָט מען נישט מעהר געהערט ווי נאָר וועגען דייטשען הונגער. אַז די האָלענדער, בעלגיער, נאָרוועגיער, און אַפילו די פראַנצויזען און ענגלענדער האָבען נישט גענוג און מוזען לעבען אויף קאַרגע ראַציאָנען, דאָס איז נישט קיין רבותא, דאָס דאַרף אַזוי צו זיין און פון דעם האָט קיינער נישט גערעדט. אַ נאָווינע איז די דייטשע קנאַפּהייט אין לעבענסמיטלען. ס׳טייטש, צום ערשטען מאָל זייט דער מלחמה הונגערען שוין אַפילו דייטשען! די ספּעציאַליסטען אין אויסהונגערען מוזען שוין נעבעך אַליין אויך הונגערען.

דייטשע אינטעלעקטועלע און ערצטע האָבען זיך גענומען צום שרייבען. זיי האָבען בעשריבען די ביטערקייט פונ׳ם הונגער־געפיהל, איבער די ליידען פון אַ הונגערענדען א. א. וו. די אָפּהאַנדלונגען האָבען זיי אַריינגעשיקט אין אויסלענדישע צייטונגען און האָבען פערלאַנגט אַ פּעקעל פּאַר יעדען אַרטיקעל. אין זייערע בעטראַכטונגען איבער די פּסיכאָלאָגיע פון הונגער האָט קיינער פון זיי נישט ערוועהנט די טאַטזאַך, אַז זעקס יאָהר לאַנג האָבען די זאַטע דייטשען געשלעפּט מיליאָנען הונגעריגע יידען צו דער שחיטה. אַ דייטש רעדט נישט גערען איבער די פערגאַנגענהייט. היינט איז ער הונ־געריג, היינט זאָל מען איהם געבען. ביי יעדען פון די שנאָרער־אַרטיקלען האָט מען געקענט בעאָבאַכטען די דאָפּעלטע טענדענץ פון די דייטשע פער־פאַסער: ערשטענס אַרויסצורופען רחמנות, צווייטענס אַריינצוואַרפען דער וועלט אַ דאגה אין קאָפּ אַריין, אַז אויב דאָס מערדער פאָלק וועט נישט גענוג געפיטערט ווערען, וועט עס ווערען אַ סכנה פאַר די שכנים, פאַרן גאַנצען אייראָפּעאישען קאָנטינענט, פאַר די גאַנצע וועלט. די דייטשען וועלען ווערען קאָמוניסטען, און ווער ווייס וואָס נאָך. אַ הונגעריגע דייטשלאַנד איז געפעהר־ליך פאַר די שכנים און פאַרן וועלט־פרידען (און אַ זאַטע דייטשלאַנד איז נישט קיין סכנה?).

קוים האָט יאַדל אונטערגעשריבען די בעדינגונגסלאָזע אונטערגעבונג, האָט ער גלייך אויסגערופען: „איך האָף, אַז די זיגער וועלען בעהאַנדלען דאָס דייטשע פאָלק, וואָס האָט אין דעם קריג געליטען מעהר ווי אַ אַנדער פאָלק (!) גרויסצוגיג״.

די דייטשען געהען תמיד אויף אַ זיכערע בריק. געלינגט עס זיי נישט, די וועלט צו פערניכטען, קומען זיי מיט רחמנות.

געבעלס האָט געמעגט אַרויסגעבען די פּאַראָלע: „אַלע געזעצן פון קריג־פיהרונג זיינען אַלטמאָדיש און מוזען אַוועקגעוואָרפען ווערען. אַלע מיטלען זיינען ערלויבט אין דעם קאַמף געגען שונא“. אָבער ווען דעם דייטש איז אויסגעגאַנגען דאָס שיס־פּולווער, האָבען זיי מיט אַ זעלבסטפערשטענד־ליכקייט פערלאַנגט מיטלייד. און די זיגער זיינען דערויף מיט דער זעלבער זעלבסטפערשטענדליכקייט איינגעגאַנגען.

דער דייטשער רחמנות־קאַמפּיין איז נעמליך נישט געבליבען בעשרענקט אויף די דייטשען אין און אויסערהאַלב דייטשלאַנד. ער איז אַויסגעבר־ייטערט געוואָרען צווישען אַלע זיגער שטאַטען און איז אויסגעוואַקסען צו אַ אינטער־נאַציאָנאַלער אנגעלעגענהייט. אַלע פינסטערע עלעמענטען האָבען זיך צונויפ־גענומען, פון אַלע ווינקעלעך זיינען אַרויסגעקומען די טונקעלע קרעאַטורען און האָבען זיך פּרעזענטירט דער וועלט אַלס רחמנות אַפּאָסטאָלען. די זעלבע וואָס האָבען זיך געפרייט מיט די יסורים פון די פערניכטעטע יידען, האָבען געפּרעדיגט רחמנות פאַר די דייטשע פערניכטער. אין יעדען לאַנד האָט זיך געבילדעט אַ קרייז, וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר אַ אויפגאַבע, אבצו־שוועכען די געדעכטניש־קראַפט ביי דער וועלט, צו פערטושען, צו פערדעקען, די פערוואונדעטע, נאָך בלוטענדע מענשהייט צו פערשמועסען און איהר דעם קאָפּ צו פערדרעהען. פון מאָזלעי, וואָס רופט: „אייראָפּע מוז פערגעסען און מוחל זיין“, ביז צום פערשטיגענען גאָלאַנץ, וואָס פאָהרט טרייסטען, שפּייזען און חתונה מאַכען די דייטשען, האָבען זיך פעראייניגט אַלע בע־ריכטיגטע הומאַניסטען צו איין רחמנות־געזאַנג, וואָס האָט געזאָלט איבער־הילכען די יללות פון די לעבעדיגערהייט פערברענטע יידישע קינדער.

צוועלף יאָהר לאַנג האָט די דייטשע בעסטיע געוויטעט, געוואָרגען און געשאָכטען, געפּלינדערט און געראַבעוועט, צוועלף יאָהר לאַנג האָט דאָס דייטשע פאָלק פערפאָלגט זיינע קרבנות פון לאַנד צו לאַנד און פאַר זיי איינגעשרומפּט דעם באָדען וואוהין צו ענטלויפען; דאַמאָלט האָבען די בעלי רחמנות צוגעקוקט און געשוויגען. אָבער קוים איז דער שלאַנג אויסגעגאַנגען דאָס גיפט, קוים זיינען די באַרבאַרען ענטוואָפּענט געוואָרען, זיינען די צער בעלי חיים׳ניקעס אַרויס פון זייער רעזערווע און האָבען פערלאַנגט, אַז יעדער זאָל צערגעהן פאַר רחמנות מיט די דייטשען. אי, מיט וואָס זיינען די דייטשע געננסטער אַנדערש ווי אַלע אַנדערע פערברעכער? פאַרוואָס, למשל שיקט אַמעריקע אייגענע מערדער צום עלעקטריק טשעיר, און צו די דייטשע מערדער זאָל געשיקט ווערען הילף? פאַרוואָס זאָל נישט די זעלבע שטרענגע, מיט וועלכער יעדער שטאַט בעהאַנדעלט אייגענע געזעץ־איבערטרעטער, אָנ־געווענדעט ווערען געגען אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ־ברעכער. וועלכער באַנ־דיט פערלאַנגט דאָס נישט קיין רחמנות, נאָכדעם ווי מען האָט איהם געכאַפּט?

ווען אַ יחיד פערזינדיגט זיך געגען אַ יחיד, ווען אַ פיזיש שטאַרקערער איבער־פאַלט אַ שוואַכערען, ווערט ער בעשטראָפט. אָבער ווען פילע פערברעכער מאַכען יד אחת, ווען אַ קוואַנטיטאַטיוו גרויס פאָלק נוצט אויס זיין איבערלע־גענהייט צו אַ קאָלעקטיווען מאָרד איבער אַ קליין פאָלק, ווען אויס דעם יחיד ווערט אַ רבים פון מערדער, דאַן זיינען זיי אימון? און אַפילו, אַז מיר זאָלען אָננעהמען, אַז כך וכך דייטשען האָבען זיך נישט דירעקט בעטייליגט אין די שחיטות (ווייל זיי האָבען נישט געהאַט קיין געלעגענהייט דערצו) קען אויך זייער מיטשולד נישט געשטעלט ווערען אין פראַגע. ווען דעמאָראַליזירטע בעשעפעני‌שען ערמוטיגען איינעם צו ווערען אַ רויבער, און זיי טיילען זיך דאַן מיט דעם אָנגעראַבעוועטען, זיי בעדאַנקען זיך פאַר די בלוט בעפלעקטע מתנות און פרעהען זיך מיט דעם גזלנ׳ס „העלדענטאַטען״, זיינען זיי פטור? איז עס נישט קלאָר, אַז אָהן די אָנשטרענגונג פונ׳ם גאַנצען פאָלק, וואָלט דער מערדער פיהרער נישט געקענט אַזאַ גיגאַנטישען קריגס אַפּאַראַט צו־זאַמענשטעלען?

פאַר די צרות אין מצרים איז נישט בלויז פרעה, נאָר דאָס גאַנצע עגיפּ־טישע פאָלק פעראַנטוואָרטליך געמאַכט און בעשטראָפט געוואָרען. אשר מצרים מעבידים אותם, דאָס פאָלק איז אידענטיש מיט זיינע מנהיגים.

אין דער פּאָטסדאַמער קונדגעבונג איז נאָך די רעדע פון דער פעראַנט־וואָרטליכקייט פון אַלע דייטשען. „דאָס דייטשע פאָלק מוז איבערצייגט ווע־רען, אַז זיי האָבען ערליטען אַ פולשטענדיגע מיליטערישע נידערלאַגע און אַז זיי קענען נישט ענטרינען דער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם, וואָס זיי האָבען געבראַכט איבער זיך זעלבסט״.

די דאָזיגע אויפפאַסונג איבער קאָלעקטיווע שולד און אחריות פונ׳ם גאַנצען דייטשען פאָלק איז אָבער באַלד אונטער דעם דרוק פון די רחמנות־פּראָפּאַגאַנדיסטען געענדערט געוואָרען.

אַ דאַנק דעם אינטערנאַציאָנאַלען מיטלייד־געשריי האָבען זיך די זי־גער־מלוכות איבערלייגט, אַז שליסליך קען מען נישט אַ גאַנץ פאָלק פער־אורטיילען. עס איז געצויגען געוואָרען אַ קינסטליכער שטריך צווישען נאַ־ציס, וואָס האָבען געזאָלט — לויט אַ געוויסער קוואַליפיצירונג — גע׳משפּט ווערען און דעם דייטשען פאָלק, וואָס וויים נעביך פון גאָר נישט. פאַר אָט דעם ליליענריינעם קין האָט זיך דאָס וועלט געוויסען דערמאָנט אָן זיין עקזיסטענץ, און, ווען עס האָט זיך אַמאָל געטראָפען, אַז אַ אַמעריקאַנער זעלנער האָט אָנ־געריהרט אַ דייטש, איז די ענטריסטונג געווען אין לשער און דער אַמעריקאַנער איז שווער בעשטראָפט געוואָרען. אַ קלייניגקייט, ער האָט געוואַגט צו קאָנ־קורירען מיט דעם דייטשען בערופספייניגער; שלאָגען, הרג׳ענען איז דאָך דער מאָנאָפּאָל פון די געשלאָגענע.

נישט נאָר טאָר דעם „מאַקעללאָזען״ פאָלק גאָר נישט געשעהן, נאָר עס מוז איהם אויך געהאָלפען ווערען. פון אַלע זייטען האָט מען אָנגע־הויבען שיקען לעבענסמיטלען, קליידער און מעדיצינישע אַרטיקלען צו די „ליידענדע״ דייטשען. מען האָט זיי געפיטערט, ווי ווען זיי וואָלטען געווען די איינציגע הונגעריגע אויף דער וועלט. דאָס דייטשע רויבער־פאָלק איז געוואָרען דאָס אָפיציעלע קעסט־קינד ביי די זיגער־שטאַטען. ביליאָנען דאַ־לער זיינען אויסגעגעבען געוואָרען פון די אַליאירטע שטאַטס־קאַסעס צו שפייזען די דייטשען. אַ חוץ דעם האָט עס גערעגענט מיט הילף פון פּריוואַטע אינסטיטוציעס און יחידים. לויט אַ אַמטליכער מעלדונג פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג זיינען געשיקט געוואָרען און ווערען נאָך ווייטער גע־שיקט פון פּריוואַטע אַמעריקאַנער בירגער אַליין יעדען מאָנאַט זאַכען אין דעם ווערט פון 10.000.000 דאָלער צו די דייטשען.

די אַמעריקאַנער קוועקערס האָבען געציטערט פאַר רחמנות און האָבען אויפגעשטעלט צענטערס אין דייטשע שטעדט, וואו די דייטשען ווערען גע־טרייסט, געשפייזט און פערזאָרגט מיט אונטערהאַלטונגען און צעשטריי־אונגען. כדי נישט חלילה עטוואָס אָוועקצונעהמען פון די געבוירענע אָוועק־נעהמערס, פערזעהען זיך די העלפערס מיט די אייגענע לעבענסמיטלען פון אַמעריקע. די דאַנקבאַרע רוצחים געדענקען נאָך די קוועקערס פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי ווייסען שוין, אַז נאָך יעדער שעהנער דרשה, קריגען זיי אַ קוועקעריש דרשה־געשאַנק.

פאַר יעדעס אַלטער און פאַר יעדען סאָציאַלען צווייג איז סעפּאַראַט גע־זאָרגט געוואָרען. די אַמעריקאַנער אַרמעע האָט אַריבערגעבראַכט קיין דייטשלאַנד אַ פאָרשטעהערין פון דער Y.W.C.A. צו שטודירען די בעדערפענישען פון די דייטשע יונגע פרויען. פערברעכעריש־פעראַנלאַגטע קינדער (אַ זעלטענהייט אין׳ם פערברעכער־לאַנד) וועלכע לויפען אַרום גנב׳ענען זיינען פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטען צוזאַמענגענומען און פערזעהן געוואָרען מיט אַ היים, וואו זיי האָבען אַ זעלבסט־רעגירונג (דייטשע פערברעכער האָ־בען שוין אין דער פריהעסטער יוגענד אַ חשק צו רעגירען) און פערשידענע שוואוילטאָגען. פאַטער פאַלעיגאַן איז אַריבער צו אָרגאַניזירען „יוגענד שטעדט״ און פאַר די אַמאָליגע היטלער־יוגענד זיינען איינגעריכטעט געוואָרען „יונגען קלובס״.

אין דער התחלה האָבען די ענגלענדער זאָגאַר געפּרואווט צו פער־טיילען אונטער די דייטשען די לעבענסמיטלען וואָס יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען געשיקט פאַר יידישע די־פּיס. אין זייער עקסטאַז צו העלפען די דייטשע נעביכאַנטען, האָבען די אַמעריקאַנער, ווי עס איז שפּעטער אָפיציעל פעסטגעשטעלט געוואָרען, דעם מאַנגעל אין לעבענסמיטלען מיט זעכציג פּראָ־

צענט איבערטריבען, אהבה מקלקלת את השורה. און זאָגאַר די דייטשען אַליין, וואָס פלעגען דאָך קיינמאָל נישט אָפּווייכען פון׳ם עהרליכען וועג, האָבען זיך שוין אויך אָנגעהויבען טועה צו זיין. אַזוי האָבען, לויט אַ מיט־טיילונג פונ׳ם דירעקטאָר פון דער אַמעריקאַנער מיליטער רעגירונג אין פראַנקפורט, אינוועסטיגעיטאָרס געפונען צוויי און זעכציג פּראָצענט מעהר קאָרן אין די דייטשע פאַרמס, ווי די אַמטליכע דייטשע שטעלען האָבען געהאַט אָנגעגעבען. אָבער עס איז פון דעם נישט געמאַכט געוואָרען קיין גרויס וועזען. שליסליך האָבען די וואַרשעווער יידען אויך אָפּגענאַרט דעם דייטשען קאָמענדאַנט, ווי עס איז נאָך זייער טויט ערוואירט געוואָרען. עס איז אויך נישט אַזאַ געוואַלט, ווען די דייטשען בעהאַלטען נאָך אַלץ דאָס אָנגערויבעוועטע פערמעגען פון פרעמדע לענדער. אַזוי זיינען, למשל, ערשט דריי יאָהר נאָך דער מלחמה אין אַ בייערישער באַנק געפונען געוואָרען דיאַ־מאַנטען אינ׳ם ווערט פון 50.000.000 דאלער, וואָס די דייטשען האָבען צו־גע׳גנב׳עט אין האָלאַנד אַליין. דאָס איז אַלץ גאָר נישט. רחמנות איז רחמנות. די דייטשען האָבען זיך ערקלעהרט אַלס נעמעריוועער, מוז מען זיי געבען, קראַפּען און שטאָפּען.

„ווער עס וועט געריהרט ווערען דורך דעם דייטשען זעלבסט־רחמנות, וועט בעגעהן אַ גרויסען פעהלער, ווען ער ערוואַרט פאַר דעם פון די דייטשען דאַנקבאַרקייט אָדער ליבע. זיי וועלען אונזער פיינהייט בעטראַכטען בלויז אַלס בעשטעטיגונג פון אונזער שולד־געפיהל. עס וועט זיי בעקרעפטיגען אין זייער געפיהל פון בעליידיגטער אונשולד. אויסדריקען פון מיטלייד און קאָנצעסיאָנען וועלען טאָן מעהר שלעכטס ווי גוטס". די דאָזיגע ווערטער גע־פינען זיך אין אַ אָפיציעלען ענגלישען דאָקומענט, וועלכעס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען נאָך אַ רונד־פראַגע ביי די דייטשען. די זיגער זיינען זיך, משמעות, בעוואוסט געווען, אַז זיי בעגעהען אַ פעהלער מיט זייער רחמנות־און מחילה־טאַקטיק, און דאָך האָבען זיי דאָס דאָזיגע נישט אויפ־געגעבען. אדרבה, זיי האָבען וואָס אַמאָל מעהר אַריינגעקוקט די דייטשען אין די מערדער אויגעלעך און זיי אויסגעפרעגט איבער זייערע וואונשען, איבער זייערע שטימונגען און מיינונגען.

הואווער איז אַהינגעפאָהרען אויסצופאָרשען אין אָרט און שטעלע זייערע בעדערפעניסען. נאָך דעם ווי ער האָט די דייטשען געמאָסטען און געוואוי־גען, האָט ער אויסגעפונען, אַז הגם די פרויען און קינדער בעקומען גענוג קאַלאָריעס און זעהן גאַנץ גוט אויס, אָבער צו זיין גרויסער שרעק האָט ער געמוזט קאָנסטאַטירען, דאָס מאַנכע פון די מענער, מאַנכע פון די אַבנאָר־מאַלע מערדער „האָבען נישט דאָס נאָרמאַלע געוויכט". איז ער צוריקגע־

קומען אָנגעצונדען מיט מיטלייד און האָט אַלאַרמירט אַמעריקע, אַז בכן דאָרט וואו די אַמעריקאַנער פאָהן פלאַטערט, טאָר עס נישט געבען קיין הונגעריגע.

אויף דעם בעריכט האָט וואַשינגטאָן געוואַרט. זאָפאָרט זיינען געשיקט געוואָרען פאַר אַ פרישען האַלבען ביליאָן דאלער לעבענס־מיטלען צו די דייטשען פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אַליין. אויסער דעם האָט מען זיי געשיקט אינדוסטריעלע ווערקצייג און זאַגאַר שיפען, אַלץ במתנה גמורה.

פון „אויבען" האָט מען דער היגער פרעסע צו פערשטעהן געגעבען, אַז עס איז נישט מעהר צייטגעמעס צו שטעלען די דייטשען אין אַ שלעכט ליכט. אנשטאָט די דייטשע גרויל־טהאַטען זאָל בעסער דערמאָנט ווערען די דייטשע נויט און די נויטווענדיגקייט, זיי בייצושטעהן. די קינאָס האָבען אויפגעהערט צו צייגען בילדער פון די מאָרד־לאַגערען. עס איז נישט מעהר געוואונשען, אויפצורייצען די עפענטליכקייט געגען די דייטשען. גענוג, ערוועהנט נישט מעהר די דייטשע ר'ציחות. בעשעפטיגט אייך נישט מעהר מיט דעם פערגאַנגענעם.

די אַליאירטע קאָמענדאַנטען האָבען שוין אָפיציעל ערלויבט ד'י „פראַ־טערניזיישאָן". דייטשקעס, פריהערע מיטגלידער פונ'ם „בונד דייטשער מעדכען", האָבען אָנגעהויבען מאַסענוויז אַהערצושטראָמען אויף מיליטערישע פלוג־צייג, אַלס כלות פון אַמעריקאַנער זעלנער אָדער שוין אַלס פערטיגע מוטערס פון אַנגלאָ־סאַקסישע קינדער. ווי „שלעכט" עס איז זיי געגאַנגען אין דעם אָרימען פאַטערלאַנד, האָט מען געקענט דערקענען אין די שטראַה־לענדע פנימ'ער פון די גוט־גענעהרטע און רייך־געקליידעטע מכשפות, וואָס האָבען ערשט נישט לאַנג געהאָלפען זייער פיהרער פיהרען קריג און מאָר־דעווען פעלקער. דער מצב פון די דייטשע נעביכאַנטען איז אַזוי ביטער, אַז מאַנכע פון די אַהער געקומענע כלות פליהען (אַלץ געהט אויף אַמעריקאַנער שטאַטס־קאָסטען, נאַטירליך) צוריק אַהיים, ווייל אַמעריקע געפעלט זיי נישט.

אַמעריקאַנער זעלנער האָבען אויך אַדאָפּטירט דייטשע קינדער, נעביך. די שטודענטען פון דער „דזשאָרדזשיא אינסטיטוט אָף טעכנאָלאָדזשי" האָט אַדאָפּטירט די שטוטגאַרטער טעכנישע שולע; די היידעלבערגער אוניווערזי־טעט איז אַדאָפּטירט געוואָרען פון דער קענטאָקי יוניווערזיטי או. א. וו. פאַר לויטער רחמנות ווערען גאַנצע דייטשע שטעדט אַדאָפּטירט, אַזוי איז קריילסהיים אַדאָפּטירט געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער שטאָדט וואָרטהינג־טאָן, מינע., וועלכע האָט אויף זיך גענומען צו שיקען שפייז, קליידער און כל'ע גדולות צו דער אַדאָפּטירטער דייטשער שטאָדט און מיט איהר אויסצוטוישען קולטורעלע און סאָציאַלע אינפאָרמאַציע.

אַז די בעזאַצונגס־אַרמעען פערלאַנגען נישט קיין אקופּאַציאָנס־קאָסטען און האַלטען זיך פולשטענדיג אַליין אויס, דאַרף מען נישט ערשט דערצעהלען.

זיי ברענגען נאָך אַריין שפּע אין דעם בעזעצטען לאַנד, זיי מאַכען נישט דעם דייטש צו אַ שקלאַפען־אַרבייטער, נאָר גיבען איהם שעהן צו פערדינען און בעצאָהלען איהם עהרליך פאַר יעדער לייסטונג. די אָקופּאַציע דינט דייטש־לאַנד אַלס איינטרעגליכע פרעמדען־פערקעהר אינסטיטוציע. די פילע פרעמ־דע אין אוניפאָרם בעלעבען די ווירטשאַפט פון דער בעפעלקערונג און דאָס קין־לאַנד האָט נישט קיין קליינעם רוח פון זייער אנוועזענהייט. אויפן נאָר־מאַלען וועג מוז אַ לאַנד אויסגעבען שווערע סומען צו סטימולירען דעם שטראָם פון געסט, כדי אַריינצוקריגען פרעמדע וואַלוטע. די דייטשע נעבי־כאַנטען האָבען דאָס אין איבערפלוס בעקומען פון די פרייגעביגע „פיינדלי־כע" געסט פון אַמעריקע.

געוועזענע דייטשע זעלנער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען פון די בע־זאצונגס בעהערדען אַלס וועכטער פון די אַליאירטע מאַגאַזינען. אין מינכען אַליין זיינען 36.000 דייטשען בעשעפטיגט ביי די אַמעריקאַנער אַלס בעאַמטע או. א. וו. דאָס מינכענער אַרבייטס־אַמט האָט אָפיציעל געמעלדעט, אַז „די דייטשען ווילען נישט אַרבייטען, סיידען ביי אַמעריקאַנער, ווייל זיי צאָהלען גוט און גיבען פיל צו עסען. טויזענטער דייטשען געהען אַרום ליידיג און פערברענגען זייער צייט מיט נעהמען זון־בעדער. אפילו די צו צוואַנגס־אַרבייט פעראורטיילטע נאַצי־פערברעכער פוילענצען. כמעט יעדער דייטש טראָגט ביי זיך אַ בעשטעטיגונג פון אַ דייטשען אַרצט, אַז זיין געזונדהייטס־צושטאַנד ערלויבט איהם נישט צו אַרבייטען".

ווען אַ יידישער שקלאַפען־אַרבייטער איז אָפּגעשטאַנען אין מיטען דער עבודת הפרך, האָבען איהם די דייטשען זאָפאָרט ערשאָסען, אָבער ווי באַלד מיליאָנען דייטשע באַנדיטען ווילען נישט טאָן קיין פּראָדוקטיווע אַרבייט און לאָזען זיך אין גאַנצען אויסהאַלטען פון די „אַמאָליגע" פיינד (צו וועלכע עס געהערען אויך די יידישע שטייער־צאָהלער פון אַמעריקע), דאָס האָבען די אינטערנאַציאָנאַלע בעלי רחמנות געפונען אַלס נאַטירליכע ערשיינונג. סטייטש, די דייטשען זיינען דאָך עפּעס געשלאָגענע, נעביך, דאַרף מען זיי בעהאַנדלען מיט זיידענע הענטשקעס. פעברואַר 1947 האָבען די אַמעריקאַנער געפּרואווט צו רעקרוטירען 50.000 דייטשען צו אַרבייטען אין רוהר געביט. נישט נאָר די דייטשע אַרבייטער, נאָר אויך די דייטשע בעהערדען האָבען די רעקרוטירונג סאַבאָטירט. די אַמעריקאַנער האָבען פערשפּראָכען 4,000 קאַלאָריעס טעגליך, אַ חוץ צוגאַבען פון פעטס, צוקער, קאַווע, עטצ., אָבער עס האָט נישט גענוצט.

פרעגט מען אין אַ דייטשער שולע די קינדער וואָס זיי ווילען ווערען, וועהלען זיי פרייע בערופען. איינער האָט געענטפערט: „שמוציגע אַרבייט איז נאָר פאַר שוואַכע פעלקער".

די הילפס־בערייטשאַפט פון די אַמעריקאַנער האָט שוין אָנגענומען אַזעל־

כע פאַרמען, אַז די נאַצי־קאַרפּען קעפּ האָבען געוואוסט צו זוכען שוץ ביי די אַמעריקאַנער געגען די אייגענע לינקס־געריכטעטע דייטשען. פאַן פּאַפּען האָט זיך נאָך זיין ענטהאַפּטונג בעהאַלטען ביי די אָקופּאַנטען. ווען שיראַכ׳ס ווייב איז גענומען געוואָרען אויף אַ פערהער צו אַ דייטש געריכט, האָט זי לאַ־מענטירט: „אַמעריקע איז אין אַלץ שולדיג. פאַרוואָס ערלויבען עס די אַמע־ריקאַנער, אַז דייטשע בעאַמטע זאָלען מיך אַרעסטירען?״ בעזונדערס בייז איז זי געווען וואָס זי איז אַוועקגענומען געוואָרען אין מיטען פון דעם געבורטס־טאָג־פעסט פון איינעם פון איהרע פיר שרצים, וואָס זי האָט געפּייערט אין אַ לוקסעריעז האָטעל אויף די בערג. דאָס וואָלטען אַמעריקאַנער איהר נישט אָנגעטאָן. און ווען די דייטשע דענאַציפיקאַציע־קאָמעדיאַנטען האָבען עס, לפנים, יאָ געטאָן, האָט זי געשימפּט איבער די אַמעריקאַנער און געוויינט איבער איהר שיקזאל. בעת יידישע קינדער זיינען אַוועקגעריסען געוואָרען פון זייערע מאַמעס, דעמאָלט האָט זי גליקליך געלאַכט און האָט איבער קיינעם נישט געשימפּט. ביי דער זעלבער געלעגענהייט האָט פריק׳ס ווייב געקלאָגט איבער די עולה, אַז מען נעהמט זי צו אַ פערהער און זי מוז איהרע פינף ממזרים איבערלאָזען ביי דער דינסט. צו וועלכען פערהער יידישע מאַמעס זיינען גענומען געוואָרען, און וואו יידישע מאַמעס האָבען זייערע קינדער אי־בערגעלאָזט, דאָס האָט זי, צוזאַמען מיט אַלע דייטשען און דייטשקעס נישט געוואוסט, און אויב אַפילו יאָ, זיינען דאָך דעמאָלט קיין אַמעריקאַנער נישט געווען אין לאַנד, וואָס זאָלען זיך אָננעהמען פאַר אונשולדיגע, אָבער היינט זיינען זיי דאָ, מוזען זיי אַכטונג געבען, עס זאָל קיינעם נישט געשעהן קיין אונ־רעכט. היינט איז נישט דעמאָלט, היינט איז דאָך די וועלט פול מיט רחמנות.

## דייטשער אויפבוי אינסטרומענטאַל פאַרן וועלט־בעשטאַנד.

דער אונגעאַהנטער ערפאָלג פון דעם רחמנות־קאַמפּיין האָט דעם דייטש אַריינגעגעבען מוט, צו געהן אַ שריט ווייטער. הילף איז איהם שוין געווען צו ווייניג. עס האָט איהם שוין נישט מעהר געפּאַסט צו שפּילען דעם גע־וועהנליכען שנאָרער. ער האָט געמאַכט אַ נייעם פּלאַן פאַר די שונאים: זיי זאָלען ווידער אויפלעבען די דייטשע ווירטשאַפט. די רחמנות־קאָמפּאַני האָט אויפגעהערט צו אָפּערירען אונטער דער פירמע פון מיטלייד און האָט זיך אַ נאָמען געגעבען עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע פון אייראָפּע. די צער בעלי־חיים׳ניקעס האָבען נעמליך אויפגעשטעלט אַ אַקסיאָם, אַז אָהן דעם ווידער אויפבוי פון דער דייטשער אינדוסטריע, קען דער גאַנצער אייראָפּעאישער ווירטשאַפטס־אַפּאַראַט נישט אַרבייטען. אייראָפּע און די וועלט זיינען אָנ־געוויזען אויף אַ ווירטשאַפטליך געזונד דייטשלאַנד. על כן מוז דייטשלאַנד

קודם ערהאַלט ווערען, אַלס פּאַראויסזעצונג און גרונדלאַגע פאַר׳ן איראָפּע־אישען קיום. מיט אַנדערע ווערטער, מיט דעם, וואָס מען וועט אינוועסטירען אין דייטשלאַנד, העלפט מען צוגלייך דייטשלאַנד׳ס קרבנות. „די זיגער ווע־לען זיך מיט אונז איבערבעטען, ווייל אָהן דעם קען זיך די וועלט נישט ערהאַלטען״, אַזוי האָט קראַזיגק, ריבענטראָפּ׳ס נאָכפאָלגער, ביי דער דייטשער קאַפּיטולאַציע ערקלעהרט, נאָכצייגענדיג ווי וויכטיג דייטשלאַנד׳ס עקזיס־טענץ און וואוילשטאַנד איז פאַר דער וועלט.

די נאַרישע וועלט האָט אויפגעכאַפּט די דאָזיגע אידעע און האָט קאָנ־צענטרירט אַלע כחות, דעם דייטש צו סאַנירען. אַמעריקע און ענגלאַנד האָ־בען פערקאָטשעט די אַרבעל און האָבען זיך צעבראָכען די קעפּ, וואָס שנע־לער די דייטשע ווירטשאַפט אין אָרדנונג צו ברענגען. מיט די בויטען פון די לענדער, וואָס די דייטשען האָבען אויסגערויבט און רואיני׳רט, האָבען זיי זיך ווייניגער בעפאַסט. אום די אַליאירטע לענדער, פראַנקרייך, בעלגיען או. א. וו., האָבען זיי זיך נישט געקימערט. אום די היימלאָזע, פונ׳ם דייטש פעראונגליקטע יידען אודאי און אודאי נישט. די איינציגע זאָרג איז גע־וואָרען דייטשלאַנד, איהר ווידער אויפבוי און ווידער אויפריכטונג. בעווין האָט ערקלעהרט דייטשלאַנד אַלס „דאָס האַרץ פון איראָפּע״ (ווייי דיר, בע־ווין־איראָפּע, אַז דו האָסט אַזאַ טריפה האַרץ!) און האָט ביים ענטוואורף פונ׳ם מאַרשאַל־פּלאַן צו ערשט אַן דייטשלאַנד געדאַכט.

דיסמאַנטלען אַ דייטשע קריגס־פאַבריק איז שוין געוואָרען אַ חטא. סטייטש, דאָס איז שעדליך פאַר דער איראָפּעאישער עקאָנאָמיע. דאָס צו־ריקשיקען פון יענע פאַבריקען, וואָס די דייטשען האָבען בעת דער מלחמה צוגעגנב׳עט פון די איבערפאַלענע לענדער איז שוין אויך געוואָרען אַ עולה. די עלף וועסט־דייטשע מיניסטער־פּרעזידענטען און די דייטשע ביזאָנאַלע עקאָנאָמישע אַדמיניסטראַציע האָבען דאַגעגען ענערגיש פּראָטעסטירט און ערקלעהרט: „אַזוי ווי די וועסטמעכטע האָבען בעצייכענט דייטשלאַנד אַלס דאָס האַרץ פונ׳ם מאַרשאַל פּלאַן, דאַרפען די דאָזיגע פאַבריקען איז דעם אינטערעס פון דער איראָפּעאישער ווירטשאַפט נישט רעסטיטואירט ווערען, נאָר בלייבען וואו זיי זיינען, אין דייטשלאַנד״.

און אַפילו ווען די זיגער ברענגען שוין אויף דעם מוט, זאָ און דאָרט יאָ אַ דייטשע קריגס־פאַבריק צו דיסמאַנטלען, לאָזען די דייטשען עס נישט דאַצו קומען. זיי שטרייקען, דעמאָנסטרירען, בעלאַגערען די פאַבריק און סטראַשען מיט אויסשרייטונגען.

זאָגאַר אַוועקצוהאַקען אַ בוים פון אַ דייטשען וואַלד איז שוין אויך גע־וואָרען אַ שרעקליכע זינד, כאָטש דאָס האָלץ האָט געזאָלט פערווענד׳עט ווע־

רען צו וואַרעמען דייטשע הייזער. די אַמעריקאַנער זיינען געווען ענטריסטעט איבער די אייגענע ענגלענדער, וואָס האָבען געוואָלט אַזאַ זאַך טאָן; היתכן, האָבען די אַמעריקאַנער גע׳טענה׳ט, „דאָס וועט דאָך ערנסטליך אין געפאַהר ברענגען די קינפטיגע דייטשע פּראָדוקציע״. די דייטשען האָבען געמאַכט אַ געוואַלד, מען זאָל ראַטעווען די דייטשע וועלדער. זיך בערופענדיג אויף די האַאַגער קאָנווענשאָן, וואָס זאָל אנגעבליך פעסטשטעלען, אַז די אָקופּאַציאָנס־מאַכט איז בלויז אַ פערוואַלטער פון די אָקופּירטע וועלדער, האָבען די „דע־מאָקראַטישע״ דייטשען אויך ליידענשאַפטליך אנגעוויזען אויף דעם פאַקט, אַז „די דייטשען האָבען אַ פאַנאַטישע אָפּנייגונג געגען צערשטערונג פון בוימער״. די דייטשען מיט דער פאַנאַטישער נייגונג אָפּצוהאַקען די יונגע לעבענס פון מענשליכע ביימער, האָבען אויסגעפיהרט. אויף דעם גרונד פון אַ שאַרפער אַמעריקאַנער ערקלעהרונג, וואָס האָט ענערגיש פערלאַנגט די איינ־שטעלונג פון דער דאָזיגער פּראַקטיק „אָהן יעטוועדער פערצעגערונג, ווייל עס טאָר נישט פערגעסען ווערען דער עקספּאָרט פון אַ לאַנד, וואָס ערהאַלט אַמעריקאַנער הילף״, זיינען די וועלדער פון די דייטשע וואַלד־אונמענשען געבליבען פערשוינט.

די זיגער שטאַטען האָבען זיך צעריסען דעם לעטניק, ווידער צו בע־לעבען דעם דייטשען האַנדעל, אין גאַנג צו ברענגען די דייטשע אינדוסטריע און ווידער אָנצוקניפּען די אַלטע געשעפטס־פערבינדונגען. דייטשע קויפליט זיינען זיך שוין אָנגעקומען מיט פלוג־צייג אין אַמעריקע צו זוכען קונים פאַר זייערע סחורות. זיי האָבען בערייזט די גרעסערע שטעדט, וואו זיי זיינען איינגעשטאַנען אין די נאָבעלסטע האָטעלען און זיינען בעשטורעמט געוואָרען מיט אינטערוויוס פון אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטען. אַ דייטשער גאָלדהענד־לער האָט זיך פאַר זיי בעקלאָגט, אַז די גאָלד־אינדוסטריע איז נעבעך מיט פערציג פּראָצענט צוריק אין פערגלייך מיט דעם פאַר קריגס־צושטאַנד (די גאָלדענע ציין פון די פערגאַזטע זיינען שוין אַפּנים פערברויכט). דער לע־דערהענדלער האָט געזיפצט, אַז בלויז פופציג פּראָצענט פון די פאַבריקען זיי־נען אין דער אַרבייט (ווער ווייגט דאָ נישט מיט די הויט־שינדער וואָס האָבען געדעקט דעם דייטשען שיך־בעדאַרף אויף אַ לאַנגער צייט אַרויס מיט די שיך פון גע׳הרג׳עטע).

די דייטשען געהען שוין אָן מיט זייערע אויסשטעלונגען און ווערען צו אַלע אינטערנאַציאָנאַלע מעסען איינגעלאַדען. דייטשע הענדלער בעשיינען די צו־זאַמענקינפטע פון דעם וועלט־האַנדעל און דייטשע פירמעס וועלען זיך אויך שוין איינריכטען אַ מוסטער־אויסשטעלונג אין ניו יאָרק אין אַפּריל 1949. דער דייטשער עקספּאָרט איז ווידער אין שוואונג, אַלע פון דייטשלאַנד בעת דער מלחמה פערקריפּעלטע לענדער זיינען שוין ווידער קונדען. ביזאַניאַ

האָט שוין אבגעשלאָסען האַנדעלספּערטרעגע מיט 19 שטאַטען און אַמעריקע איז דאָס גרעסטע אַבזאץ־געביט פאַר דייטשע וואַרען.

דער מאָרגענטוי־פּלאַן, וואָס איז שוין לכתחלה נישט ערנסט גענומען געוואָרען, איז יעצט, אין דער צייט ווען די פעלקער האָבען זיך פערטיפט אין דער סוגיא פון דער דייטשער, פאַרדאַן, אייראָפּעאישער רעקאָנסטרוק־ציע, שוין גאָר געוואָרען אַ חוזק, אַ בעגריף פון פעראַכטונג און פאָרוואורף. מען קען זיך גאָר נישט מוחל זיין, ווי מען האָט געקענט אַזאַ ברוטאַלען, אונמענשליכען און דערנידעריגענדען פּלאַן לאָזען גאָר אויפקומען. דאָס האָט טאַקע נאָר אַ ייד געקענט אויסטראַכטען.

וואָס אַזוינס ליגט אין דעם אַזוי פערשריגענעם, פון יעדען פערואור־טיילטען מאָרגענטוי־פּלאַן? זאָגט ער „הנה העץ אשר הכין המן למרדכי היהודי״, הייסט ער די דייטשען נעמען אַ „ברויזעבאַד״ אָדער אַריינוואַרפען אין די קרעמאַטאָריומס וואָס זיי האָבען נישט בלויז פאַרבערייטעט, נאָר אויך פערווענדעט פאַר מיליאָנען יידען? ניין. וויל ער דייטשע קינדער און אַלטע אויפוועקען אין מיטען דער נאַכט, זיי טרייבען נאַקעטערהייד ביים גרעסטען פראָסט אין אַ וואַלד אַריין און זיי דאָרט אויסשיסען? ניין. פערלאַנגט ער, אַז אַלע דייטשען זאָלען איינגעשפּאַרט ווערען אין אַ געטאָ, וואו מען זאָל זיי אויסהונגערען, אויספּייניגען און מיט כל־ערליי מיתות משונות פערטיליגען? ניין. פאָדערט ער, דייטשע קינדער זאָלען געשאָכטען ווערען אין דער גע־גענוואַרט פון זייערע עלטערען? ניין. פערלאַנגט ער, אַז איין דייטש זאָל מוזען דעם צווייטען אויפהענגען? ניין. וויל ער, אַז ביי די קלאַנגען פון אַ דייטשען אָרקעסטער זאָלען דייטשען געטריבען ווערען צו דער שלאַג־בריק? ניין. זאָגט ער, אַז דאָס פאָלק, וואָס האָט צוויי מאָל אין איין דור געטריבען די וועלט צו קאַטאַסטראָפען, דאָס פאָלק וואָס איז אַ שטענדיגע געפאַהר פאַר דער וועלט, אַז דאָס דייטשע באַרבאַרען־פאָלק זאָל פערטריבען ווערען פון זיין לאַנד, ווי די יידען זיינען עס געוואָרען נאָכן חורבן? ניין. פערלאַנגט ער, אַז די ביינער פון זייערע עלטערען זאָלען אַרויסגעוואָרפען ווערען פון זייערע גריבער? ניין. שטעלט ער אויף די לאָזונג: Ceterum censeo, Germaniam delendam esse. ניין. וואָס דען וויל דער דאָזיגער פּלאַן?

דער מאָרגענטוי־פּלאַן פערזיכערט יעדען דייטש מיט אַ פריי, אונאָפּ־הענגיג, רוהיג לעבען, מיט עסען איבערן קאָפּ, מיט קליידונג, וואוינונג און מיט אַלעם וואָס יעדעס אַנדערע, נישט־דייטשע פאָלק איז גליקליך עס צו בעזיצען. דאָס אונערהערטע, דאָס שרעקליכע וואָס דאָס קין־לאַנד און די וועלט קען נישט פערשמערצען און נישט פערצייהען איז, וואָס לויט דעם חוצפּהדיגען מאָרגענטוי־פּלאַן וואָלטען זיך די דייטשען בעדאַרפט בעשעפטיגען הויפּטזעכליך מיט אַקערבוי. דאָס הייסט, עס וואָלטען ווייטער געגעבען

דייטשע הענדלער און שרייבער, אוניווערסיטעטען און ביער־שטובען, דיכטער און קנאַקוואורשטעל־ערצייגער. דאָס פורכטבאַרע אין דעם פּלאַן שטעקט אין דעם, וואָס דער דייטש וואָלט נישט געקענט מעהר ווידער אויפבויען זיין קריגס־אינדוסטריע און וואָלט נישט מעהר געקענט שמידען קיין וואפען געגען אַנדערע פעלקער. אָהן אַ שווער אינדוסטריע און אָהן די פּראָדוקטע, וואָס מאַכען די אַנדערע לענדער אַרום דייטשלאַנד אָפּהענגיג פון דייטשלאַנד, וואָלטען די דייטשען גע׳פּגר׳ט פאַר מאַכט־הונגער. דאָס האָט נישט געטאָרט דערלאָזט ווערען. דאָס איז הכל מודים און דעריבער זיינען אַלע שיינהייליגע דעמאָקראַטען אייניג געווען.

ווי גליקליך וואָלטען די זעקס מיליאָן יידישע קדושים געווען, ווען די דייטשע בעסטיע וואָלט אין זיי אָנגעווענדעט דעם דאָזיגען שענדליכען מאָרגענטוי־פּלאַן און ווי וואויל וואָלט דעם שארית הפליטה געווען, ווען מען לאָזט זיי גלייך נאָך דער בעפרייאונג ווערען אַקער־בויער אין זייער אייגען לאַנד! איז דאָס נישט דאָס אידעאַל פון יעדען ייד, אונגעשטערט צו בעאַרבייטען און קולטיווירען דעם אייגענעם באָדען, די ערד פונ׳ם אייגענעם שטאַט. זיינען די יידישע לאַנדווירטשאַפטלער אין ארץ־ישראל נישט געווען די גליקליכסטע מענשען בעת זיי האָבען געבראַכט די בכורים פון זייערע פעלדער?

אָבער פאַר די געשלאָגענע דייטשען איז אַ רוהיג, פרידליך לעבען נישט קיין לעבען. זיי בעדאַרפען מעהר. זיי בעדאַרפען אינדוסטריען, וועלט האַנדעל, וועלט מאָנאָפּאָלע, איינפלוס און מאַכט, און שריטווייז דערגרייכען יענע שטופע, פון וואַנען אויס זיי קענען ווידער בעדראָהען די וועלט. די אונבעלהערבאַרע פעלקער האָבען דאָס אַלס ריכטיג געפונען און זיינען געקומען צו דער מסקנא, אַז אייראָפּע און די וועלט קענען נישט געהיילט ווערען, סיידען מען וועט אַן שטעלע דעם מאָרגענטוי־פּלאַן אָנווענדען ביי דייטשלאַנד דעם מאַרשאַל־פּלאַן, און מען וועט אַריינגעהמען דאָס מערדערפאָלק אין דעם פּראָגראַם פון אייראָפּעאישער קאָנסאָלידירונג.

די זיגער רייסען זיך אום דעם דייטש אַלס שותף.

די נאָכקריגס־וועלט האָט זיך טאַקע שוין אָנגעפאַנגען צו רעקאָנסטרואירען, צו סטאַביליזירען און אויף איהר אפּנאָרמאַלען אופן צו נאָרמאַליזירען. די פעלקער זיינען צוריקגעקעהרט צו זייער אַלטער אונאָרדענטליכער אָרדנונג. עס האָט ווידער אויפגעלעבט די אַלטע קנאה־שנאה, די אַלטע מאַכט־פּאָליטיק (אויב עס איז איבערהויפּט אַמאָל איינגעטראָטען אַ הפסקה אין דער בעציהונג), די איבליכע אינטריגעס און געהיים־דיפּלאָמאַטיע, בקיצור

עס איז געוואָרען ממש מפטירין כדאתמול. די אומות העולם האָבען זיך גע־שטעלט אויף דעם פרידענס־סטאַנדארד, ד. ה. מען האָט שוין אָנגעהויבען צו ריידען פון אַ נייער וועלט־מלחמה.

די וויכטיגסטע לעהרע פון דעם נאַר וואָס בעענדעטען קריג איז געווען, אַז אַ לאַנד וואָס לייגט געוויכט אויף זיין בעשטאַנד, מוז צו יעדער צייט זיין מיליטעריש גוט פאָרבערייטעט. דאָס איבערראַשונגס־מאָמענט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ געפעהרליכע ראָלע אין דייטשלאַנד׳ס איבערפאַלען, און די אונפאָרבערייטקייט פון די „פעראייניגטע״ פעלקער בעת זייער אַריינטריט אין דעם קריג, ליגען נאָך אַלע שטאַטסמענער, אָהן אונטערשיד פון נאַציאָ־נאַליטעט, אין די ביינער. כהיום איז זייער דעוויזע געוואָרען: בכל עת יהיו בגדיך לבנים, איבערזעצט אין זייער שפּראַך הייסט עס: פערזעה זיך רעכט־צייטיג מיט סטראַטעגישע פונקטען און ווירקזאַמע כלי זין. אין סכסוכים איז קיינמאָל נישט קיין מאַנגעל, אין רייבונגספלעכען אויך נישט, בפרט ווען איינער וויל נעהמען וואו עס לאָזט זיך נאָר, און גראד דאָס, אויף וועלכען דער אַנדערער האָט געוואָרפען אַ אויג. און ווען איינער שאַפט זיך אַ צד, ענטשטעהט במילא אַ צווייטער צד. אַ כאַפּ נאָך אַ כאַפּ, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ביז עס האָט זיך אַרויסקריסטאַליזירט אַ אונאיבערבריקבאַרער תהום צווי־שען אָסט און וועסט, און צווישען רוסלאַנד און אַמעריקע איז ענטשטאַנען אַזאַ ענטפרעמדונג, אַזאַ ענטפערנונג, טאַקע כרחוק מזרח ממערב.

די פראָ־דייטשע פאַקטאָרען האָבען געטאָן דאָס זייעריגע, די שפּאַנונג צווישען די צוויי אַנטיפּאָדען צו פערשאַרפען. פאַר זיי און פאַר זייערע דייטשע שיצלינגע איז דער רוגז צווישען רוסלאַנד און די וועסטליכע דע־מאָקראַטיען געווען ווי געוואונשען. דעם קריזיס אינ׳ם לאַגער פון זייערע בעצווינגער האָבען די דייטשען בעדאַרפט האָבען ווי אַ בלינדער אַ אויג. די עפענטליכע אויפמערקזאַמקייט איז אָפּגעלענקט געוואָרען פון די דייטשע שאַנדטאַטען אויף דער דראָהענדיגער רוסישער העגעמאָניע און קאָמוניס־טישער עקספּאַנסיע־געפאַהר. די פיפיגע דייטשען האָבען די דאָזיגע קאָניונק־טור אויסגענוצט און זיינען געוואָרען די הויפּט פּראָפיטירער, אַזוי צו זאָגען די ערשטע קריגס־געווינער פון דעם קריג וואָס האָט ערשט געהאַנגען אין דער לופט. זיי האָבען זיך פּשוט געוואָרעמט ביים פייער, וואָס האָט געדראָהט אַרומצונעהמען די וועלט. איין פערבינדעטער איז אויסגעשפּילט געוואָרען געגען דעם צווייטען און דער דייטש האָט געקענט אַלס לאַכענדער דריטער כאַפּען פיש אין טריבען וואַסער.

דעם זעלבען מאַנעווער האָבען זיי פערזוכט נאָך זייער ערשטער מפלה. נאָך דעם ערשטען וועלט קריג, האָט שטרעזעמאַן אָנגעטראָגען פראַנקרייך אַ געהיימבונד געגען ענגלאַנד. העריאָ האָט איהם געענטפערט: „ווי קען איך

האָבען פערטרויען צו אַ לאַנד, וואָס וויל מיך אַריינציהען אין אַזאַ פעררע־טערישען אַקט?״

דאָס איז שטרעזעמאַן געווען איינער פון די וועניגע ווירקליך גוטע דייטשען, וואָס האָבען אַלס אויסנאַהמע בעשטעטיגט די רעגעל פון דייטשער נידערטראַכט. איהם האָבען דאָס די דייטשען אַרויסגעשטעלט אַלס דעם געניוס פון דייטשער פרידענס־ליבע . . . ענדליך האָט עס זיך דאַן דעם בעזיגטען דייטשלאַנד איינגעגעבען, די מילדע זיגער אויף אַ אַנדערען אופן צו צעטיילען: דער ענגליש־דייטשער זעע־פערטראג האָט אַריינגעשלאָגען אַ קלין צווישען פראַנקרייך און ענגלאַנד.

אָבער אַזוי ווי עס איז זיי אין דער הינזיכט נאָך דער צווייטער מפלה געלונגען, איז טאַקע אין לשער. דער אנטאַגאָניזם צווישען די זיגער האָט זיך צעוואקסען פון שעה צו שעה, איז געוואָרען אימער אַקוטער, שאַרפער און צוגעשפיצטער. דער קאַלטער קריג איז געוואָרען וואָס אַמאָל וואַרעמער, און דער ברוך צווישען דייטשלאַנד׳ס בעזיגער אַ אָפענער. דורך דעם איז אַריינגעטראָטען דאָס יעניגע, מיט וועלכען די דייטשען האָבען פאַרן קריג גערעכענט און אויף וואָס זיי האָבען ביז צום לעצט געבויט.

דורך דעם האָט צוגלייך די פראַגע פון דייטשער ווידער געבורט דערגרייכט איהר דריטען און העכסטען שטאַדיום. נאָך די לאָזונגען פון רחמנות און עקאָנאָמישער וויכטיגקייט איז צוגעקומען דער פּאָליטישער מאָמענט, די ראָלע, וואָס די פילע מיליאָנען דייטשען קענען שפּילען אין דעם קינפטיגען גלאָבאַלען קריג. די נאָך בלוטענדע פעלקער האָבען זיך גענומען פּיבערהאַפט צו ריסטען צו אַ נייער, און אפשר לעצטער, מלחמה, און יעדער פון זיי האָט זיך געוואָלט זיכערען מיט דעם דייטש, וועלכער האָט נאָר וואָס זיי אַלע גע׳דורס׳ט, אַלס שותף. יעדער פון די „פעראייניגטע״ פעלקער האָט זיך אַריינגענומען דעם געדאַנק, אַז דייטשלאַנד איז דורך איהר געאָגראַפישע לאַגע דעצידירענד, און ווער עס האָט דעם דייטש, דער האָט אייראָפּע. דעם קריג האָבען זיי צוזאַמען געוואונען, דעם שונא האָט יעדער פאַר זיך געוואָלט געווינען, איידער דער פריהערער וואַפענברודער רייסט איהם צו זיך. ביי די זיגער איז ענטשטאַנען ממש אַ געריס, אַ פערמעסט אום די פריינדשאַפט פון דעם „אַמאָליגען״ דייטשען פיינד. די לאָגישע קאָנסעקווענץ דערפון איז געווען, אַז אום דעם דייטש צו געווינען, האָט איין קאָנקורענט געמוזט דעם צווייטען איבערשטייגען אין הילפס־בערייטשאַפט, איבערטרעפען אין הנחות, פריוויהייטען און מתנות. יעדער פון די פריהערדיגע שותפים האָט געוואָרבען אום די בלוט־פערפלעקטע דייטשע האַנד, אַלע האָבען זיי איהם געשמייכעלט, גע׳חנפ׳עט און בעשענקט. די לעצטע מחיצות צווישען זיגער און בעזיגטע זיינען געפאַלען, אַלע שפּורען פון שנאה זיינען פערווישט געוואָרען

און די פערברידערונג מיט דער פערשאָלטענער מערדער־אומה האָט נישט געקענט קיין גרעניץ. מיט אָפענע אָרעמס איז זי אַריינגענומען געוואָרען אין דעם בונד געגען דעם געמיינזאַמען רוסישען, רעספעקטיווע וועסטליכען שונא.

בוירנס איז געפאָהרען קיין שטוטגאַרט ריידען צו די דייטשען, זיי צו ערמוטיגען און אויפצומונטערען. לאָרד פּאַקענהאַם, דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער ענגלישער אָקופּאַציאָנס זאָנע, האָט געהאַלטען אַ רעדע צו די פיהרער פון דער דייטשער יוגענט אין דיסעלדאָרף און זיי געזאָגט: „זייט שטאָלץ אויף אייער דייטשטום, אויף אייער דייטשען מוט און כאַראַקטער, וואָס האָבען פערשאַפט דעם דייטשען פאָלק רוהם אין דער גאַנצער וועלט”. דער ענגלי־שער קאָמענדאַנט, סער ראָבערטזאָן, האָט די דייטשען אין גאַנצען אַריינגע־טוליעט אין דעם הומאַניסטישען רעדעל און זיי ערקלערט אַלס „דזשענטעל־מענער און קריסטען, וואָס מוזען אַלס אַזעלכע בעהאַנדעלט ווערען”. אַ אַנ־דערער ענגלענדער, ווינוואוד, איז זאָגאַר געגאַנגען אַזוי ווייט, צו ערקלערען, אַז „די עקספערימענטען וואָס די דייטשען האָבען דורכגעפיהרט מיט יידען אין אָשוויענטשים זיינען וויכטיג פאַר דער מענשהייט”.

די נייע, אַזוי גערופענע אָפּאָרטוניסטיש־רעאַליסטישע פּאָליטיק האָט דערצו געפיהרט אַז נישט נאָר אין דייטשלאַנד, נאָר זאָגאַר אין וואַשינגטאָן זיינען סימפּטאָמאַטישע ענדערונגען פאָרגענומען געוואָרען. בען קאָהען איז אַוועקגעשיקט געוואָרען פון זיין פּאָסטען אַלס ראַטגעבער פונ׳ם סטייט־דעפּאַרטמענט. אויף זיין אָרט איז אַרויפגעזעצט געוואָרען דער דייטש באָהלען.

אויף דעם זעלבען שטייגער האָבען די רוסען איינגעשלאָגען אַ נייעם קורס, כדי זיך צו בעדינען מיטן דייטש געגען די וועסט־מעכטע. זיי האָ־בען אָנגעטאָן דער דייטשער שלאַנג אַ רויט טיכעל און ווילען מאַכען אויס דעם אומברענגער פון צוואַנציג מיליאָנען רוסען אַ גלייכוועדטיגען פערבינ־דעטען.

די מעסע אין לייפּציג, וואָס געפינט זיך אין דער רוסישער זאָנע, ווערט שוין ווידער אָפּגעהאַלטען כימי קדם. אויך אין דער רוסישער זאָנע זענען די דייטשע אָפּערע־טעאַטערס און טאַנץ־זאַלען איבערגעפילט. די דייטשען פער־אַנשטאַלטען שוין פעסטשפּילע און קאָנצערטע; זיי טרייבען ספּאָרט און אַלער־ליי לוקסוס. דייטשע פערגעניגונגס־פּלעצער זיינען שוין אין פולען בעטריב, דאָס נאַכט־לעבען געהט אָן אויפן אַלטען סדר און די דייטשע קינדער־מערדער לעבען און לאַכען אויף דעם פריהערען אופן. זיי שיכור׳ן שוין און אַמוזירען זיך. זיי הוליען, באַלעווען און צעטאַנצען זיך אין דעם „חרוב׳ן” בערלין, ביז שרפות ברעכען אויס. זיי גיבען אַרויס צייטונגען און שרייבען ביכער, זיי קריטי־קירען און מאַכען חוזק אויס די אָקופּאַציאָנס בעהערדען, אויף וועמען זיי זיינען שוין ערנסט ברוגז. די אַלטע דייטשע חוצפּה איז ווידער אויפגעלעבט. די רוצחים

דראָהען שוין און סטראַשען, זיי לאָזען זיך קאָרמיען און ביעטען זיך אויס ווי איינציגע קינדער. זיי טרעטען אויף מיט פאָדערונגען. זיי שפּילען די אונצופרידענע און בעקירצטע. זיי שטרעקען אויס די מערדערישע הענד און מאָהנען און פערלאַנגען מעהר שפּייז און נאָך בעסערע לעבענס־בעדינגונגען. זיי סטרייקען און קינדיגען אן רעוואָלוציעס. דאָס מערדער־פאָלק פּיעשטשעט זיך און איבערנעמט זיך ווי פערהעטשעלטע, בעליידיגטע פרימאַדאָנעס. זיי האָבען שוין ווידער ביי דער גאַנצער וועלט חובות, זיי האָבען וואָס צו פערקויפען.

זעהענדיג וואָס פאַר אַ שליסעל־שטעלונג זיי נעהמען איין אין דער נייער וועלט־קאָנסטעלאַציאָן, ביטען זיי זיך אויס דאָס טעלער׳על פון הימעל. פון דעם מאַרשאַל־פּלאַן פערלאַנגען זיי נישט וויניגער ווי צוויי ביליאָן און פיר הונדערט מיליאָן דאלער (לעת עתה האָט מען זיי געגעבען פון דעם מאַרשאַל־פּלאַן „בלויז" 800.000.000 דאלער פאַר 1948 אַליין, חוץ די 800 מיליאָן דאלער וואָס זיי קריגען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג פאַר דעם יאָהר אין דער פאָרם פון לעבענס־מיטלען). זיי פאָדערען זאָגאַר קריגס־קאָסטען פון די זיגער. צירקאַ זיבעציג מיליארד דאלער זאָל מען זיי בעצאָהלען אַלס פערגיטיגונג פאַר דעם שאָדען, וואָס די אַליאירטע האָבען בעת דער מלחמה דעם דייטשען פאָלק פערראורזאַכט. אַי, די דייטשען האָבען דאָך אויך עפּעס אַ שטיקעל שאָדען אָנגעטאָן דער וועלט בעת דעם קריג? דאָס, זאָגען די דייטשען, זאָל מען מאָהנען ביי דעם געפּגר׳טען פיהרער, פון וועמען זיי, די דייטשען הייסט עס, זיינען אַליין אויך געווען קרבנות, נעביך. הונדערט ביליאָן מאַרק פאָדערען זיי אַלס ענטשעדיגונג פאַר די דייטשען, וואָס זיינען אונמיטעלבאַר נאָכן קריג אומגעזידעלט געוואָרען פון פּוילען און דער טשעכאָסלאָוואַקיע קיין דייטשלאַנד. די דאָזיגע אומזידלונג בעצייכענען די דייטשען איינשטימיג אַלס „איינציג דאָשטעהענד אין דער געשיכטע". ווי גליקליך וואָלטען די זעקס מיליאָן יידען געווען, ווען די דייטשע מערדער וואָלטען זיי נישט אויסגעזידעלט צו די קרעמאַטאָריומס, נאָר אומגעזידעלט ווי די טשעכען האָבען עס געטאָן מיט זייערע סודעטען דייטשע פעררעטער. דאָס פערמעגען פון די פערברענטע און דאָס יידישע פערמעגען בכלל וואָס די דייטשען האָבען צוגעראַבעוועט, די פערשניטענע לעבענס פון אַזוי פיל מיליאָנען אונשולדיגע יידען, ווער וועט דאָס אַלץ בעצאָהלען? די רויבער און מערדער זעלבסט, די דייטשען בעשטימט נישט. זיי האָבען נאָך טענות און תביעות. זיי בעשעפטיגען די וועלט מיט די צוגעקומענע פאָלקס־גענאָסען, וואָס, לויט זייער אייגענעם לשון, „שטערען די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע סטרוקטור פון דייטשלאַנד". די היינטיגע „דענאַציפיצירטע" דייטשע בעהערדען האַלטען אין איין שרייען, אַז „אייראָפּע׳ס פרידען הענגט אָפּ פון דער פער־

ריכטונג פון די דייטשע גרעניצען און די ריקקעהר פון די דייטשען אין זייער היימאַט״, ד. ה. די ווידער פעראייניגונג פון שלעזיע און דעם סודע־טענלאַנד מיט דעם רייך.

אַזוי טרויט זיך צו ריידען אַ פאָלק וואָס האָט צוזאַמענגעטריבען מיליאָ־נען מענשען פון אַלע עקען און ענדען און זיי אויסגעשאָכטען אָהן רחמנות. אַ פאָלק, וואָס האָט אַריינגעוואָרפען זויגעדיגע עופה׳לעך לעבעדיגערהייט אין פייער, וואַגט אַזוי גיך און אַזוי ווייט דעם קאָפּ אויפצוהויבען. און די וועלט, וואָס איז פון דעם דאָזיגען פאָלק געבראַכט געוואָרען צום ראַנד פון אָפּגרונד, די וועלט זעהט איין, אַז עס איז געשעהן אַ עולה צו — דייטשלאַנד. זי וויל די עולה גוטמאַכען און די דייטשע גרעניץ־בעשטימונגען קאָרעגירען, און ביז די קאָרעקטור וועט קענען דורכגעפיהרט ווערען, זאָרגען די פעלקער פאַר דעם פיזישען וואוילשטאַנד פון די מאַסענמערדער און וואַכען מיט אַ זעל־טענער צערטליכקייט, אַז עס זאָל זיי, חלילה, גאָר נישט פעהלען. אין דער צייט, ווען פילע אַמעריקאַנער לעבען אין אָרימקייט, פליסען אַריין קיין דייטש־לאַנד אוצרות מיט שפּייז; ווערענד מאַנכע אַמעריקאַנער קינדער ליידען נויט, פערווענדען אַמעריקאַנער זייער התלהבות אין דער פערזאָרגונג פון דער דייטשער יוגענט; בעת אַמעריקאַנער וועטעראַנען האָבען נישט קיין דאַך איבער׳ן קאָפּ, בויען אַמעריקאַנער אינזשינערען נייע הייזער פאַר די דייטשען.

די כחות, וואָס ווערען אַריינגעלייגט אין דער בעשפּייזונג פון די בער־לינער דייטשען אויף דעם לופט וועג, ריידען פאַר זיך. ווען ירושלים האָט געהונגערט, ווען הונדערט טויזענד יידען האָבען נישט געהאַט קיין טראָפּען וואַסער, האָט זיך נישט בעוויזען קיין איינציג פלוגצייג מיט שפּייז, קיינער פון די וועלט מאָראַליסטען האָט נישט געבראָכען די בלאָקאַדע אום צו ברענ־גען הילף אין די שטאָדט, וואָס האָט בעשטראַהלט די וועלט מיט ליכט און בע־לעהרונג. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען יעדע דריי מינוט אַ פלוג־צייג מיט לעבענסמיטעל און הייצמאַטעריאַל אין די אַמאָליגע הויפּטשטאַדט פונם דריטען רייך, פון וואַנען עס זיינען אויסגעגאַנגען די טויט־אורטיילע איבער גאַנצע אומות. איבער 10.000 מענשען זיינען פערוועגדעט געוואָרען ביי דער אויפגאַבע, צו ברענגען יעדען טאָג 5,500 טאָנען קיין בערלין, שפּעטער האָט מען שוין געהאַלטען ביי אַ רעקאָרד פון 9600 טאָנען טעגליך. די לופט בע־פעדערונג האָט זיך פאַלצויגען אונטער די גרעסטע סכנות. אַמעריקאַנער פליהער האָבען איינגעשטעלט און אָפּט פערלוירען אויף דעם געפעהרליכען וועג זייער לעבען, דאַמיט די בערלינער דייטשען זאָלען קענען איינהאַלטען פּינקטליך זייערע מאָהלצייטען.

דייטשען זיינען נישט קיין נאַציס, אָבער נאַציס זיינען דייטשען,
דעריבער פריי.

דער נייער, מילדער ווינד האָט אויך אַוועקגעבלאָזען דעם אונטערשיד וואָס איז אורשפּרינגליך געמאַכט געוואָרען צווישען דעם „אונשולדיגען״ פאָלק און די נאַציס, וואָס האָבען יאָ געזאָלט געצויגען ווערען צו פעראַנטוואָרטליכ־קייט פאַר די פערברעכען וואָס מען האָט זיי געקענט צופעליג נאָכווייזען. נישט נאָר דאָס פאָלק האָט נישט בעקומען צו שפּירען די האַנד פון גערעכטיג־קייט, נאָר אפילו די פיהרענדע נאַציס זיינען אָפּגעקומען מיט גאָר נישט. די ליבע און הילפסבערייטקייט, וואָס די וועלט האָט ענטקעגען געבראַכט דעם דייטשען פאָלק, האָט שוין גענומען געהן אויך פאַר די אויסגעשפּראָכענע נאַצי באַנדיטען.ביידע צדדים, די וועסטליכע דעמאָקראַטיען און רוסלאַנד האַלטען אין איין אַמנעסטירען, ערלייכטערען און מוחל זיין. נאַציזם האָט אויפגעהערט צו זיין אַ חסרון. די אַליאירטע אָקופּאַציאָנס בעהערדען זוכען און אונטער־זוכען נאַציס, אָבער פאַר גאָר עפּעס אַנדערש: זיי צו געווינען, צו „בעקעהרען״ און זיך מיט זיי צו בעפריינדען. מען זוכט אין דעם נאַצי נישט דעם שונא, נאָר דעם פערבינדעטען. דער צוועק פון דער דרישה וחקירה איז נישט, כדי איהם צו אַרעסטירען, נאָר אום איהם צו העלפען און איהם אַלס אַרויסהעלפער גע־גען דעם אַמאָליגען פערבינדעטען צו געברויכען. נישט צי ער איז געווען אַ מאַסענמערדער איז וויכטיג, די בדיקה געהט אין דער ריכטונג פון קאָ־מוניזם אָדער סימפּאַטיע מיט די וועסט מעכטע. דאָס וואָס דער מערב אַלי־אירטער בעטראַכט אַלס חסרון, איז אין דער מזרח זאָנע אַ מעלה, און אומ־געקעהרט. אַזוי ווי דער מקום איז גורם דעם פּגם, איז אויך די פּאָליטישע קאָנ־צעפּציע פון דעם אָנפּאַסונגס־פעהיגען דייטש אַ פערשידענע. אינ׳ם רוסישען געביט איז ער אַ פייעריגער באָלשעוויק, אין דעם וועסטליכען טייל, אַ גע־בוירענער דעמאָקראַט.

מיט אַ גאַנץ ווינציגער אויסנאַהמע, האָבען זיך אַלע נאַציס, זאָגאַר די פיהרענדע, אַרויסגעדרעהט פון דער פערדינטער שטראָף. די מעהרסטע האָ־בען זיך געגעבען אַנדערע נעמען און האָבען זיך פערשטעלט אַלס אָרימע דייטשען, וועמען מען דאַרף נעביך העלפען. זיי האָבען זיך גלאַט אויסגעמישט מיטן פאָלק, וואָס איז דאָך אַלס גאַנצעס „אונשולדיג״. גלייך ווי אַלע דייטשע לעמערלעך האָבען זיי „פון גאָר נישט געוואוסט״. אַ גרויסער טייל איז ענט־לאָפען אין געזינונגס־פערוואַנדטע לענדער (ווי למשל אַרגענטיניען, שפּאַניען און אַנדערע שטאַטען, וואָס לגבי דעם ענטלויפענדען רוצח דריקען זיי גערן צו דאָס אויג, וואָס זיי האָבען אַזוי וואָך און אָפען געהאַלטען בעת יידען האָבען זיך געוואָלט רעטען פון זייערע פערפאָלגער). דער מאַסען־מערדער אייכמאַן

און אַנדערע דייטשע באַנדיטען געפינען זיך אין עגיפּטען און אָרגאַניזירען פּאָגראָמען אין קאַירא. 900 נאַציס דינען אין דער פראַנצויזישער פרעמדען־לעגיאָן נישט ווייט פון קאַזאַבלאַנקאַ. זיי האָבען ערקלעהרט דעם אַמעריקאַנער ראָבערט זשאָזעף, אַז זיי „וואַרטען אויף דעם טאָג ווען דאָס פאָטערלאַנד וועט זיך ווידער ערהויבען און וועט ווידער ברויכען סאָלדאַטען". זיי בעדויערען, וואָס זיי האָבען נישט „די יודען, די קללה פון דער וועלט, אינגאַנצען אָפּגעווישט פון דער ערד". „די רוסען זיינען מאָנסטערס, די פראַנצויזען שמוציג, די ענגלענדער פעררעטער און די אַמעריקאַנער אידיאָטען", האָבען זיי געזאָגט צו דעם אַמעריקאַנער פילם־מאַן, וועלכער איז זיי אויף זיין רייזע אין מאַראָקאָ צופעליג בעגעגענט.

אַ סך האָבען זיך מיט יידישע דאָקומענטען, וועלכע זיי האָבען צוגענומען ביי זייערע יידישע אָפּפער, אַריבערגעכאַפּט אין אַנדערע לענדער, ווי שווייץ, שוועדען. מאַנכע פייניגער אין די קעמפּס האָבען רעכטצייטיג אויסגעטאָן די בלוטבעשמירטע ס.ס.־מונדירען און זיך אָנגעטאָן העפטלינג'ס קליידער, כדי פון די אַריינמאַרשירענדע זיגער אַלס נאַצי „קרבנות" בעהאַנדעלט צו ווערען. אַזוי האָט, למשל, דער דייטשער אַרכיטעקט, אַלפרעד מענדע, אַ פיהרער פון דער היטלער יוגענד אין אָרדענסבורג, צוגענומען די דאָקומענטען ביי דעם ערמאָרדעטען ייד יצחק לעווינזאָן, און זיך פערשטעלט אַלס אָפּפער פון די דייטשען. ער האָט זיך בעזעצט אין זיגבורג, טשעכאָסלאָוואַקיע, וואו ער איז זאָגאַר געוואָרען אַ כלל טהוער אין דער יידישער קהלה. דריי יאָהר לאַנג האָט דער דייטשער מערדער פון צעהנטויזענדע פּוילישע יידען געקענט שפּילען די ראָלע פון דעם יידישען קרבן יצחק לעווינזאָן און טיילנעמען אין דעם יידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, ביז ער איז דורך אַ צופאַל ענטדעקט געוואָרען. ווידער אַנדערע האָבען זיך אויסבעהאַלטען און אָפּגעוואַרט עד יעבור הזעם, ביז די דייטשען פונם אויסלאַנד און די ניעמעלערס פון דער היים וועלען זיך נעהמען צו דער וועלט און זי בערוהיגען. אַ ייד האָט זיך נישט געקענט פערשטעקען אין דער שחיטה־צייט, ווייל די היימישע בעפעלקערונג האָט איהם גע'מסר'ט און די דייטשען האָבען איהם פערפאָלגט מיט שפּיר־הינט. אָבער דער נאַצי־תליון האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרויס לאַנד, פיל מעגליכקייטען און העלפער. איין דייטש האָט נישט אויסגעגעבען דעם צווייטען דייטש. עס איז אויך נישט געווען ווער עס זאָל די מערדער דערקענען. די מיליאָנען פערגאַזטע האָבען נישט געקענט אויפטרעטען אַלס אָנקלעגער פאַר אַ ערדיש געריכט, און דער רעשט לעבעדיגע מתים זיינען געווען צו פיל מיט זייער אונגליק בעשעפטיגט, נאָכצוגעהן די שפּורען פון זייערע פייניגער. דערצו זיינען דאָך די לעבען געבליבענע יידען ווייטער געהאַלטען געוואָרען אין די קעמפּס ווי געפאַנגענע, אַרומגענומען פון שטעכיגע

דראָהטען. איז עס דאָך שוין געוואָרען אַ כלל, אַז וואו מען האָט געזעהן אַ צוים מיט שטעכיגע דראָהטען אין דער בעפרייטער נאָך היטלער וועלט, האָט מען געוואוסט, אַז אינעווייניג זיינען יידען. ווען עס איז פאָרגעקומען, אַז אַ ייד האָט געטראָפען דעם מערדער פון זיינע קינדער, האָט ער איהם גאָר נישט געטאָרט טאָן, די אַליאירטע האָבען דאָך עפּעס אויפגעפּאסט אויף יושר . . .

און אַפילו די וואָס זיינען יאָ געכאַפּט געוואָרען, לעבען אַ גוטען טאָג אין די לאַגערן, וואו זיי זיינען איינגעשפּאַרט. זיי ווערען געשפּייזט לויטן סטאַנדארד פון זייערע אַמעריקאַנער אָדער ענגלישע אַנקלעגער. עס גלוסט זיך זיי גאָר נישט פון דאָרטען אַרויסצוגעהן. און אויב עס געפעלט איינעם נישט דאָס לאַגער־לעבען, קען ער זיך לייכט אַרויסכאַפּען פון דאָרטען. יעדענפאַלס געהט זיי אונפערגלייכליך בעסער ווי זייערע יידישע קרבנות אין די די־פּי קעמפּס.

אַלס מוסטער זאָל דאָ ערוועהנט ווערען דאָס קעמפּ פאַר ס.ס.־לייט אין מאָאָסבורג (ביי מינכען). די בעריכטיגטע מאסענמערדער האָבען דאָרטען גע־פיהרט אַ לוקסוריעז לעבען. זיי האָבען געפעלשט פּעסער, ראַציאָן־קאַרטען או. א. וו. פאַר אַ ציגאַרעט האָבען די ביירישע „וועכטער" געפּוצט די שטי־וועל פון די ס.ס.־"העפטלינגע" און זיי האָבען געקענט אַוועק אַהיים, ווען זיי האָבען געוואָלט. ווען אַ ס.ס.־מאַן האָט פערשפּראָכען אַ אַמעריקאַנער זעל־נער, אַז ער וועט איהם ברענגען אַ זאַמלונג פון ביער־בעכער, האָט ער איהם אַרויסגעלאָזט פאַר עטליכע וואָכען. עס איז אָפט פאָרגעקומען, אַז ס.ס.־לייט האָבען נאָך דער ענטלאסונג נישט געוואָלט אַהיימגעהן, ווייל אין דעם לאַגער איז זיי בעסער געגאַנגען ווי אין דער היים. (זעה ניו יאָרק טיימס, זייט 6, פונ'ם 17־טען מערץ 1947).

די סאַדיסטישע מערדערין אילזע קאָך, די פרוי פונ'ם בוכענוואַלד קאָ־מענדאַנט, וועמענס שפּעציאַליטעט עס איז געווען צו זאַמלען מענשליכע הויט, איז פון אַ אַמעריקאַנער טריבונאַל פעראורטיילט געוואָרען צו לעבענסלענג־ליכער תפיסה. די דאָזיגע דייטשע ליבהאָבערין און זאַמלערין פון מענשען־הויט האָט געמאַכט צייכנונגען און דיזעלבע געלאָזט טאַטואירען אויף די לע־בעדיגע הויט פון איהרע אָפּפער. דערנאָך האָט זי זיי גע'הרג'עט און די טאַטואירטע הויט פערווענדעט אַלס לאָמפּ־שעידס פון איהר וואוינונג, אַלס הענטשקעס פון איהרע מערדער הענד און אַלס איינבאנד פאַר איהרע ביכער. פון די ביינער האָט זי געלאָזט מאַכען אַשענבעכער. אַזוי פערליבט איז די דייטשקע געווען אין אַלעם וואָס איז מענשליך . . . נאָך צוויי יאָהר האָבען די אַמעריקאַנער בעהערדען איהר שטראָף רעדוצירט אויף פיר יאָהר און די 3־יעהריגע אונטערזוכונגס־ און האַפט־צייט אַריינגערעכענט. דאָס הייסט אַז נאָך אַ יאָהר מעג שוין דאָס וואַמפּיר פריי אַרומשפּאַצירען אין דעם דייטשען

לאַנד גלייך מיט אַלע אַנדערע גוטע דייטשען. געגען די סקאַנדאַליעזע, פער־ברעכערישע בעפרייאונג איז צוואר ענטשטאַנען אַ פּראָטעסט־שטורעם, אָבער די פּראָ־דייטשע וועלט האָט זיך נישט געלאָזט שטערען אין איהר מילדקייט־פּאָליטיק. שוין אין דער התחלה פון איהר האַפט צייט איז עס איהר אַזוי שלעכט געגאַנגען, אַז זי האָט געקענט אונגעשטערט אָנהאַלטען בעציהונגען מיט אַ צווייטען דייטשען מערדער. איהר געליבטער איז בעפרייט געוואָרען און זי האָט ענטבונדען אַ 7־פונטיגע ממזרל אין אַ שפּיטאָל אונטער ערצטליכער אויפזיכט און זאָרגפעלטיגער פלעגע.

„לאַגער דער פערצווייפלונג" האָבען די רחמנות־פּראָפּאַגאַנדיסטען אָנ־גערופען דעם קעמפּ ביי דאַרמשטאַדט, וואו די געפעהרליכסטע ס.ס.־פערברע־כער האָבען צוואר בעקומען די זעלבע צאָהל קאַלאָריעס ווי אַמעריקאַנער זעל־נער, אָבער זיי האָבען נישט געגאָסען די זעלבע פרייהייטען ווי זייערע ברידער־מערדער אין אַנדערע לאַגערן. בעלזעץ און מאַידאַנעק זיינען נישט געווען קיין לאַגערען פון פערצווייפלונג, ווייל דאָרטען האָבען די קרבנות נישט געהאַט קיין צייט צו פערצווייפלען. זיי זיינען גלייך פערברענט געוואָרען. אַפילו די יידען אין די די־פּי־קעמפּס האָבען נאָך דריי און איין האַלב יאָהר וואַרטען נישט קיין גרונד צו פערצווייפלען, נאָר די ס.ס.־באַנדיטען וואָס האָבען די גרויזאַמסטע שחיטות דורכגעפיהרט, זייער לאַגע איז נעביך אונערטרעגליך.

דאָס דאַכויער אַמטסבלאַט בעריכטעט איבער אַ נייער קירכע וואָס איז אין דעם דאַכויער ס.ס.־לאַגער איינגעווייהט געוואָרען. קאַרדינאַל פאולהאבער האָט געהאַלטען אַ „ערגרייפענדע" רעדע צו די ס.ס.־לייט און דאָס „ערשטע מעססאָפּפער איז געווען אומראַהמט פון די הערליכע מעלאָדיען פון דעם ס.ס.־כאָר". „די פרומע האַלטונג פון די ס.ס. האָט מיך טיף ערבויט", האָט פאולהאבער נאָך דער צערעמאָניע אויסגערופען. די וואָס האָבען אַזוי פיל טרעהרען און יאָמער געבראַכט איבער מיליאָנען מאַמעס און קינדער זינגען שוין הערליכע מעלאָדיען, אָפּפערען שוין מעסען און דער פרומער קאַר־דינאַל איז טיף ערבויט פון זייער פרומער האַלטונג . . .

דער פרומער ס.ס.־כאָר האָט נישט לאַנג געזונגען די הערליכע מעלאָדיען. איין אַמנעסטיע נאָך דער אַנדערער האָט פערקלענערט די צאָהל פון די נאַ־צישע זינגערס. קודם זיינען די קליינע נאַציס גע׳כשר׳ט געוואָרען, נאָכעהר די גרעסערע, דאַן די גאָר גרויסע. יעצט האַלט מען שוין ביי דער בעפרייאונג, אָדער לעכערליכער, בלויז סימבאָלישער פעראורטיילונג פון די העכסטע באַנ־דען־פיהרער.

אויך אין דער בעהאַנדלונג פון די העכסטע מערדער פיהרער זיינען פונ׳ם ערשטען מאָמענט אָן שרעקליכע זאַכען פּאַרגעקומען, וואָס וואַרפען אַ ליכט איבער די גאַנצע איינשטעלונג פון די זיגער לגבי די ברוטאַלסטע

בעסטיעס פון דער וועלט געשיכטע. דער מאָנסטער הימלער האָט געהאַלטען ביים לויפען איבער די גרעניץ מיט אַ מיליאָן דאלער אין טאַש. כידוע האָט ער, נאָכדעם ווי ער איז פון די ענגלענדער געכאַפּט געוואָרען, געמאַכט אַ גריג־גען ענד צו זיין פינסטער לעבען. דערויף האָבען זיך די ענגלענדער צעבראָכען די קעפּ, וואָס פאַר אַ בעגרעבעניש זיי זאָלען מאַכען פאַר דעם בלוטהונד. די ריטערליכע ענגלענדער האָבען לאַנג נאָכגעדאַכט, צי עס וואָלט נישט געווען „פעיר", דעם מאסענמערדער צו געבען אַ פייערליכען קבורת חמור אין אנ־וועזענהייט פון מיליטערישע און ציווילע ווירדענטרעגער. אונזערע קדושים זיינען נקבר געוואָרען אָהן תכריכים, מיליאָנען זיינען פערשיט געוואָרען אין מאַסענגרעבער, אָדער אויפגעגאַנגען אין רויך; אין בערגען־בעלזען אַליין האָבען די ענגלענדער געפונען צעהן טויזענט טויטע אַרומליגענדיג הויפען־ווייז אויף דער ערד; די געביין פון אונזערע הייליגע זיינען פון הימלער׳ס שליחים אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון זייערע קברים, און דאָ האָבען זיך די ניכטערע ענגלישע אָפיצירען אַנידערגעשטעלט אַריינקלערען ווי אַזוי מען גיבט אָב דעם ריכטיגען כבוד דעם שעף פון דער דייטשער געשטאַפּאָ!

צו דער רעספּעקטפולער בעהאַנדלונג פון קעסעלרינג בעמערקט פּערסי נוט, אַז „מאַנכע אַמעריקאַנער קאָמענדאַנטען פערלירען נישט זייער מינדער־ווערטיגקייטס קאָמפּלעקס זאָגאַר אין דער צייט פון זייער נצחון".

נאָך זיין פערהאַפטונג איז גערינג פערזאָרגט געוואָרען מיט אַלע בעקוועמ־ליכקייטען און כיבודים וואָס געביהרען אַ מיליטערישער גרעסע. ער איז פאָ־טאָגראַפירט און אינטערוויואירט געוואָרען, און אַ אַמעריקאַנער גענעראַל האָט איהם דרך־ארץ׳דיג גערייכט די האַנד.

טאָפּט און אַנדערע הומאַנע געשטאַלטען האָבען זיך אויפגערעגט איבער די פּראָצעסירונג און פעראורטיילונג פון גערינג און די פּאָר אַנדערע אָבער־באַנדיטען אין נירנבערג. ווען טאַפּט׳ס ווייב און קינדער וואָלטען געקיד־נעפּט און פערברענט געוואָרען פון אַמעריקאַנער גענגסטערס, וואָלט ער געפאָדערט גערעכטיגקייט, אָבער ווען דאָס זעלבע איז געשעהן צו מיליאָנען יידישע מאַמעס און זייערע קינדער, קען ער זיך פערגינען פערגעבליך צו זיין און נאָכצודענקען איבער די יוריסטישע אויסגעהאַלטענקייט פון גערינג׳ס און שטרייכער׳ס פעראורטיילונג. פאַר היימישע באַנדיטען נעמט זיך טאַפּט נישט אָן, היימישע גענגסטער לאָזט ער רוהיג געהן צום עלעקטריק טשעיר; קאַלט־בלוטיגע דייטשע מענשענפערניכטער, וואָס בעקענען זיך ווייטער צו זייערע מאָרד־טאַטען, זיי וויל ער נאָך ווייטער האָבען אויף דער וועלט, וויל זיי האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען מיניסטער אָדער גענעראַל.

מיט דער פעראורטיילונג פון די עטליכע הויפּט־נאַציס, האָט זיך טאַקע דער גאַנצער כעס געגען די קאַניבאַלען ערשעפּט. אום לכל הדעות יוצא

צו זיין, זיינען נאָך אייניגע פּראָצעסען פּאָרגעקומען, אָבער שוין אין אַ לפנים׳דיגער שטימונג און אין אַ שלעפּעריגען, שלעפּעדיגען טעמפּאָ. על פּי רוב זיינען די אָנגעקלאָגטע נאַציס בעפרייט געוואָרען, אָדער זיינען זיי אָפּגעקומען מיט קליינע שיין־שטראָפען. אַ חוץ די פּאָליטישע טעמים וואָס די אינצווישען איינגעטרעטענע קורסענדערונג האָט מיט זיך געבראַכט, איז אויך דאָס אינטערעס פאַר די דייטשע פערברעכען געשוואונדען. וואָס געהען אָן דעם יונגענמאַן פון אָקלאַהאָמאַ אָדער טענעסי די טאַטען וואָס אַ נאַצי־איז בעגאַנגען ערגעץ אין פּוילען אָדער אונגאַרן אַ האַלבען יאָהרצעהנט צו־ריק? ער איז נישט נייגעריג אויסצופאָרשען רציחות און איז פּערזענליך נישט אינטערעסירט, די רוצחים צו אורטיילען. ער איז אויך שוין מיד זיך אַזוי פיל צו „באַדערען" מיט פרעמדע מערדער און פרעמדע ערמאָרדעטע. ער האָט שוין נישט מעהר קיין געדולד צו די פּילע פּיילס און רעקאָרדס. חוץ מזה איז אויך נישט דאָ גענוג קיין געלד פאַר פּראָצעסען. דער בודזשעט פון דער מיליטערישער אָקופּאַציע אין דייטשלאַנד איז שטאַרק געשניטען געוואָרען. אויב עס איז דאָ געלד, דאַרף מען עס האָבען פאַר די דייטשען, זיי צו פיטערען און אויפצובויען.

די פונדאַמענטאַלע אומאָריענטירונג קומט אויך צום אויסדרוק אין די סענסאַציאָנעלע פרייזפּרוכען אין די קרופּ־ און י. ג. פאַרבען־פּראָצעסען. לויט דעם אויסגאַנג פון די דאָזיגע פּראָצעסען וועלען די פיהרער פון דער דייטשער ווירטשאַפט אין אַ קינפטיגען קריג קענען ווידער צוראַבעווען די אונטערנעהמונגען פון די בעזעצטע לענדער, זיך בעדינען מיט שקלאַפען אַרבייטער און זיי אויסבויטען, אויסהונגערען און אויסמאָרדען.

פון דער אַמטליכער סטאַטיסטיק פון׳ם אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטעריום פון נאָוועמבער 1948 איז פאָלגענדער סך־הכל איבער די דייטשע קריגס־פערברעכער פּראָצעסען צו ענטנעהמען: אין גאַנצען זיינען 1418 פערברעכער פעראורטיילט געוואָרען. אָבער נאָר 299 זיינען הינגעריכטעט געוואָרען, ביי די איבעריגע איז די טויטשטראָף פערביטען געוואָרען אין קלענערע אָדער גרעסערע תפיסה־שטראָפען. 2.435.000 אַלס נאַציס רעגיסטרירטע דייטשען, וואָס האָבען בעדאַרפט אין איינקלאַנג מיט דעם ענטנאַציפיצירונגס געזעץ פער־אורטיילט ווערען, זיינען אָהן יעדע פּראָצעסירונג אַמנעסטירט געוואָרען.

עס איז כדאי צו בעמערקען, אַז דער רוב פון די 299 עקזעקוטירטע זיינען פעראורטיילט געוואָרען וועגען מאָרד אָן אַליאירטע קריגס־געפאַנגענע.

1.800 דייטשע קריגספערברעכער, וועלכע האָבען בעת דער מלחמה בע־גאַנגען פערשידענע מאָרדטאַטען אין יוגאָסלאַוויען, געפינען זיך אין דער ענגלישער זאָנע. דריי יאָהר לאַנג האָט די יוגאָסלאַווישע רעגירונג געפאָ־

דערט זייער אויסליפערונג אין הסכם מיט דעם פּאָדטסדאַמער אָפּמאַך. אָבער די ענגלישע בעהערדען האָבען בלויז 58 אויסגעליפערט, און ערקלערט, אַז מעהר וועלען זיי בשום אופן נישט אַרויסגעבען.

ענגלאַנד האָט פערוויגערט די אויסליפערונג פון ברויכיטש, רונדשטעדט, מאנשטיין און שטרויס צו די לענדער, וואו די דאָזיגע מאָרד־גענעראַלען האָבען בעגאַנגען די שווערסטע פערברעכען, אַנגעבליך ווייל די ענגלענדער בעדאַר־פען זיי קודם אַליין צו משפט׳ן . . .

דאָס גוטע דייטשע פּאָלק אַליין האָט אויך געוואָלט גיכער בעקומען הילף פאַר זיך אײדער שטראָף פאַר זיינע פערפיהרער, די שלעכטע נאַציס. די גו־טע דייטשען האָבען שוין זאָגאַר אָפען אַרויסגעזאָגט, אַז זיי האָבען נישט מעהר קיין סימפּאַטיע פאַר פּראָצעסען, עס האָט זיך זיי שנעל צוגעגעסען. אויף בעפעהל פון ניעמעלער איז אין די פּראָטעסטאַנטישע קירכען פון גאַנץ דייטשלאַנד פאָרגעלעזען געוואָרען אַ קונדגעבונג, אין וועלכער עס ווערט גע־זאָגט, אַז קיין דייטש טאָר נישט אויפטרעטען אַלס עדות געגען אַ נאַצי, וואָס ווערט גע׳משפט פון דער אַמעריקאַנער אַרמעע. ער פערגיטעט ביטערע טרעהרען איבער די „טויזענדער נאַציס וואָס האָבען פערלוירען זייער אַרבייט און וואַרטען מען זאָל זיי פערשיקען אין לאַגערען". ער איז גוזר בגזרה חמורה אַז „קיין דייטש טאָר נישט זיין קיין מסור" (וואָס אַ דייטש מעג יאָ זיין, ווייס ער אַליין), אַפילו ווען עס האַנדעלט זיך אום אַזעלכע, וואָס זיינען געוועזען טע־טיגע, בעקאַנטע פערברעכער. ער פערדאַמט די אַמעריקאַנער דענאַציפיקאַציע און פּאָדערט אויף די גלחים זי צו בעקעמפען, ווייל זי פערזייט די זאָמען פון שנאה (אַ זאַך פון וואָס דער דייטש האָט קיינמאָל נישט געוואוסט ווי אַזוי מען עסט עס). דענאַציפיקאַציע איז נקמה, פערענדיגט ער פּאַטעטיש און „מיר ווילען האָבען מיט זיי רחמנות". ערשט נישט לאַנג האָבען די גוטע דייטשען פאַר זיך אַליין געבעטען רחמנות, אַצינד זיינען זיי שוין אַזוי אויסגעפרעסען מיט רחמנות, אַז זיי קענען שוין אָפּשפּאָרען רחמנות פאַר די נאַציס און זאָגען אונרחמנות׳דיג מוסר די אַמעריקאַנער, פאַרוואָס זיי האַלטען נאָך אַלץ אָן די דענאַציפיקאַציסטישע פּורים־געריכטע, און האָבען נישט קיין רחמנות מיט די נאַציס, אַזוי ווי זיי האָבען עס מיט אַלע גוטע דייטשען. זיי ווייסען דאָך יאָ, אַז עס איז גרונד־פאַלש צו מאַכען אַ אונטערשיד צווישען דייטשע נאַציס, און גוטע דייטשען. אויב מען האָט פערפעהלט צו בעהאַנדלען אַלע דייטשען ווי נאַציס, מוזען יעצט אַלע נאַציס פּאַרדאָנירט ווערען ווי די דייטשען. אַזוי האָבען די גוטע דייטשען רגזה׳דיג געפּאָדערט און וכן הוי׳. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די שוין גענוג איינגעשרומפּענע חוזק־געריכטע פאַר דענאַציפיקאַציע זיינען אינגאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען. די הונדערט־טויזענ־טער געשטאַפּאָ־ און ס.ס.־מערדער, געהען שוין אַלע אַרום פראַנק און פריי, זיי

זיינען שוין פיין און גוט ווי אַלע פיינע און גוטע דייטשען. זיי זיצען שוין אין עפענטליכע עמטער און ציהען פאַר „אַמאָליגע" נאַציס און היינטיגע דייטשען אין דער בעשאַפונג פון וואוינונגען און לעבענסמיטעל.

לויט אַ מיטטיילונג פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג (פון יולי 1948) זיינען זעכציג פראָצענט פון די ריכטער און 76 פראָצענט פון די אָנ־קלעגער אין די בייערישע געריכטע, „געוועזענע" נאַציס. די וואָס האָבען בעדאַרפט אפילו לדעת עולם השקר געריכטעט ווערען, זיינען יעצט די ריכ־טער. 10 נאַציס זיינען מיטגלידער פונ׳ם העכסטען געריכט אין בייערן. אַ נאַצי איז דער הויפט־פראָקוראָר אין ווירצבורג.

אויף דער קאָנפערענץ פון די 16 מאַרשאַל־פּלאַן לענדער אין פּאַריז, איז אויפגעטראָטען אַלס דייטשער פערטרעטער היינריך קאָפּף. אין דער מלחמה צייט איז ער געווען פרעזידענט פון דער דעפּארטירונגס־קאָמיסיע אין טשענ־סטאָכאָוו, און האָט צוזאַמען מיט זיין זוהן דיריגיערט די אויסראטונג פון די דאָרטיגע יידען. היינט איז ער מיניסטער פרעזידענט פון נידער־זאכסען און, זיצענדיג אין פּאַריז, רעכענט ער אויס וויפיל ביליאָנען דאָס דייטשע מערדער־פאָלק וואָלט געקענט פערטראָגען. פּוילען פערלאַנגט צוואר זיין אויסליפערונג, אָבער ווער נעמט היינט אַזעלכע פעראַלטעטע בעגריפען ערנסט? ווער וועט לאָזען משפט׳ן אַ מיניסטער־פרעזידענט, אַ טיילנעהמער אין אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענקונפטען. פילע פיהרענדע היטלעריסטען זיינען אָנגעשטעלט ביי די אָקופּאַציאָנס בעהערדען און העלפען די לעצטע נאַציס דענאַציפיצירען. זיי פערנעמען דעם אויבען אָן אין דער גוטער דייטשער געזעלשאַפט, זיי פלאַנע־ווען שוין פערשווערונגען און בונטעווען געגען די פרעמדע אָקופּאַנטען. דער געוועזענער דייטשער קראָנפּרינץ זיצט זיך אין זיין פּאַלאַסט אין העכינגען און שרייבט אַ שאָוויניסטיש בוך. ער קינדיגט אָן „אַ צווייטען היטלער ווי באַלד די אַליאירטע וועלען נישט אין משך פון 5 יאָהר לעזען די דייטשע פראַגע". צו דערזעלבער צייט פערפעסטען די „געוועזענע" נאַציס די מאָראַל פון די בעזאצונגס טרופּען, ביי וועמען זיי זיינען גאַנצע כל ולכ׳ס, זיינען זיי דאָך די טיכטיגע, ערפאַהרענע קריגס־מענשען. אינ׳ם פאַל פון מלחמה זיינען די נאַציס, די קרופּס און די געשולטע געשטאַפּאָניקעס נאָך וויכטיגער ווי די גוטע דייטשען. דער פערזוך, די נאַציס צו דענאַציפיצירען איז טאַקע גע־ווען אַ דורכפאַל, אום אַזוי פיל לייכטער האָבען עס די דייטשען געהאַט, די אָקופּאַציאָנס־זעלנער צו נאַציפיצירען. די דייטשען צו „ריעדיוקעטען" איז אַ דבר שאי אפשר, איז אומגעקעהרט אויך געפאָהרען, ווערען די אָקופּאַנטען ריעדיוקעטעט, פערפעסטעט און אינפיצירט מיטן דייטשען גיפט. צו דעם זיינען בעזונדערס די „אַמאָליגע" בי די עמס ממש מומחות. זייער איינפלוס ביי די אָקופּאַציאָנס בעהערדען איז אַ אונגעהייערע און רייכט ביז צו די העכ־

סטע אָפּיצירען, מיט וועמען זיי זיינען באַלד געוואָרען גאָר פריינטליך און זעהר אינטים. זייער „ליבע" אינספּירירט די פּאָליטיק פון די לאָקאַלע מי־ליטער־שטעלען. וועהרענד די אַנדערע נאַצי אָרגאַניזאַציעס בעשרענקען פאַר־לייפיג זייער טעטיגקייט אויף אונטערערדישע וועגען, איז די „בי די עם" געבליבען אינטאַקט, אַקטיוו און פיהרט דורך איהר אַרבייט ביי העל ליכטען טאָג, אויבערערדיש. די אויפגאַבע פון איהרע מיטגלידער איז, די פרעמדע זעלנער נישט נאָר פיזיש דורך אַלערליי ווענערישע קראַנקהייטען צו רו־אינירען, נאָר אויך גייסטיג און מאָראַליש צו פערקריפּלען. דורך זייערע פער־פיהרערישע טריקס פערשאַפען זיי זיך צוטריט צו די הערצער פון די „אַמאָ־ליגע" פיינד און ווערען פון זיי גליקליך געמאַכט. די דייטשקעס געהט עס קיינמאָל נישט שלעכט. פריהער האָבען זיי צוגענומען די קליידער און די שמוק וואָס זיי האָבען אָפּגעצויגען פון יידישע טעכטער בעפאָר זיי האָבען זיי געה׳הרג׳עט, יעצט ווערען זיי בעשענקט מיט אַלעם גוטען פון זייערע פיינדליכע „פריינד". איז עס נישט נאַטירליך, אַז אַ יונגער זעלנער פון וויס־קאָנסין אָדער שאָטלאַנד פיהלט זיך מעהר צוגעצויגען צו דער גוטגענעהר־טער, גוט־אויפגעלעגטער, ראַפינירטער דייטשקע, ווי צו דעם צעבראָכענעם, אָפּגעשליסענעם, פערוויינטען די־פּי ייד? די פערדערבליכע השפעה פון די בי־די עמניקעס האָט זיך שוין אָם אָנפאַנג פון דער אָקופּאַציע בעמערקבאָר געמאַכט. אין הערבסט 1945 האָט די אַמעריקאַנער אַרמעע דורכגעפיהרט אַ אַנקעטע ביי די אַמעריקאַנער זעלנער אין דייטשלאַנד מיט אָט דעם רעזולטאָט: ניינצעהן פּראָצענט האָבען געזאָגט, אַז די דייטשען האָבען געהאַט אַ בע־רעכטיגונג אָנצופאַנגען דעם קריג, עלף פּראָצענט זיינען נישט געווען גאַנץ זיכער, 22 פּראָצענט פון די געפרעגטע אַמעריקאַנער סאָלדאַטען האָבען ערקלעהרט, אַז די דייטשען האָבען געהאַט גוטע גרינדע די יידען צו פער־פאָלגען, צעהן פּראָצענט זיינען אין דער פראַגע געווען אונענטשי׳דען, 23 פּראָצענט האָבען געזאָגט, אַז זייט זיי זיינען אין דייטשלאַנד, האָבען זיי אַ בעסערע מיינונג פון די דייטשען. דער אַרמעע רעפּאָרט זאָגט ווייטער, אַז די אַמעריקאַנער זעלנער בכלל גלויבען, אַז די דייטשען האָבען גאַנץ גוט גע־וואוסט וואָס היטלער בעאבזיכטיגט, און האָבען איהם אונטערשטיצט אין זיינע צילען. 24 פּראָצענט געשטעהן צו די דייטשען אַלס דעם טיכטיגסטען פאָלק אין אייראָפּע צו האָבען איינפלוס איבער אייראָפּע. 30 פּראָצענט ציהען פאָר די דייטשען פאַר די ענגלענדער אָדער פראַנצויזען. דער דאָזיגער אָפיציעלער בעריכט ענדיגט מיט די ווערטער, אַז „אָפט זיינען די זעלנער בעאיינפלוסט פון די דייטשען, וועלכע זאָגען נאָך געבעלס׳ פּראָפּאַגאַנדע".

וואָס לענגער דער אָקופּאַנט איז געשטאַנען אין דעם פיינדליכען לאַנד, האָט ער זיך אַלץ מעהר פערליבט אין די דייטשע באַצילען און אין זייערע

טרעגערס, ביז עס האָט זיך געבילדעט אַ געמיינזאַמע פראָנט פון דעם דייטשען נעביכאַנט און דעם אַליאירטען אָקופּאַנט — געגען דעם לאַגער־ייד.

די טרויעריגע לאַגע פון די לאַגער־יידען.

אָנגעהויבען האָט עס זיך מיט דעם בעשעמענדען פאַקט, אַז ווען אַ יידישער קאַצעטניק האָט געוואָלט דורכזעצען אַ אַפּאָינטמענט ביי אַ אָקופּאַציאָנס אָפיציר, האָט ער געמוזט אָנקומען צו זיין דייטשע סעקרעטאַרקע. מיט דעם הוט אין דער האַנט האָט דער ייד געמוזט בעטען די „פריהערע" בי־די־עמניטשקע, וואָס איז עווענטועל די מערדעריך פון זיין ווייב, זי זאָל איהם בעוויליגען אַ אוידיענץ ביי זיין „בעפרייער". אַ ייד, וועלכער האָט פערבראַכט דעם קריג אין ביטערע דייטשע לאַגערען און האָט דאָרט פערלוירען זיין איינציג קינד, האָט מיר געשילדערט אַ פאַל, וואָס בדידי' הו' עובדה: נאָך דער „בעפרייאונג" איז ער געקומען צו אַ הויכען אַמעריקאַנער אָפיציר בעטען איהם אַ אויסרייזע בעוויליגונג. דער אָפיציר, האַלטענדיג זיינע פיס אויף דעם טיש, האָט דעם ייד אַפּאָסטראָפירט מיט „דזשו", און האָט זיך שטאַרק צעבייזערט. דער ייד האָט איהם געצייגט אַ דאָקומענט, וואָס זיין אַמעריקאַנער פרוי האָט איהם נאָר וואָס געהאַט צוגעשיקט. דער אָפיציר האָט דאָס פּאַפּיר אַרונטערגעוואָרפען אויפן באָדען און דעם ייד געהייסען גלייך זיין קאַנצליי פערלאָזען. ערשט ווי דער ייד איז געפאַלען אויף די המצאה, דעם אַמעריקאַנער אָפיציר'ס דייטשע געליבטע און סעקרעטאַרקע אָנצו'שוחד'ן מיט עטליכע שאַכטעל ציגאַרעטען, איז דער דעמאָקראַטישער בעפרייער וויכער געוואָרען און האָט געלאָזט צו זיך ריידען.

אַ דאַנק דער טעטיגקייט פון די „געשלאָגענע" דייטשען, וואָס האָבען די אָקופּאַציאָנס־זעלנער פערפּעסטעט, האָט זיך ענטוויקעלט דער אונווירדיגער צושטאַנד, אַז אין דער זעלבער צייט, ווען די זיגער האָבען נישט נאָר די „אונשולדיגע" דייטשען, נאָר אויך די אויסגערופענע געשטאַפּאָניקעס אָנגעטאָן כבוד, זיינען די לעבענגעבליבענע יידישע קרבנות פון זיי בענאַכטייליגט, אונטערדריקט און פשוט פערפאַלגט געוואָרען.

דאָס בלוטענדע יידישע האַרץ צעפּלאַצט פאַר וועהטאָג און פערעניש ביי דעם פערגלייך פון דער אויפמערקזאַמקייט און צערטליכקייט, מיט וועלכער דאָס דייטשע פערברעכער געזינדעל ווערט בעהאַנדעלט, און די ביטערע לאַגע, אין וועלכער עס געפינען זיך די לעצטע לעבענגעבליבענע אָפּפער פון דעם דייטשען מאַסען־מאָרד. עס איז שוין באַלד אַ פערגעניגען צוצוקוקען, ווי די נידערטראַכט און שורקעריי טריאומפירען, וועהרענד דאָס איידעלע, גוטע

און ליידענדע וועגעטירט. ווי געוואַלטיג די מאַכט פון דער פינסטערניש איז, זאָל דורך עטליכע ביישפילע אילוסטרירט ווערען:

אין דער אַמעריקאַנער זאָנע איז אַ צייט לאַנג פערבאָטען געווען די שחיטה, דאַמיט עס זאָל זיין גענוג פלייש פאַר די דייטשע מענשענפרעסער. אין בייערן האָבען יידען נישט געקריגט קיין ראַציאָנס־קאַרטען, ווייל זיי האָבען בע־קומען פעקלעך פון יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. דייטשע פרינצען, גראַפען, גרויס־אינדוסטריעלע, געוועזענע ס.ס.־לייט לעבען זיך במנוחה אין זייערע ווילעס און האָבען פון אַלעם גוטען, ווייל זיי פערפיגען איבער אַנגערויבטע פערמעגענס און קענען זיך די מאַנגעלענדע לוקסוס זאַכען פער־שאַפען אויפן שוואַרצען האַנדעל, אָבער טאָמער געפינט מען ביי אַ ייד פופציג מאַרק, ווערט ער פון די אַליאירטע מיליטער פאָליציי אַרעסטירט, ווייל ווי קומט אַ ייד צו האָבען געלט? האָבען דאָך די דייטשען ביי איהם אַלעס צוגענומען, מוז אודאי זיין, אַז ער בעפאַסט זיך מיט שוואַרצהאַנדעל.

די אינטעראַליאירטע קאָמיסיע האָט פאַר אַ לענגערע צייט איינגעפיהרט אַ אונגעשריבענעם אַריער־פּאַראַגראַף. פון דער אַמעריקאַנער זאָנע צו דער ענגלישער אָדער אומגעקעהרט, האָט אַ דייטש געקענט איבעראַל פאָהרען, אַ ייד נישט. די בעוועגונגס פרייהייט פון אַ ייד איז געווען איינגעשרענקט, ער האָט נישט געטאָרט פאָהרען מעהר ווי אַכציג קילאָמעטער פון זיין וואוינ־אָרט; דער דייטשער באַהנבעאַמטער האָט געהאַט אַ אָנזאָג, איהם נישט צו פערקויפען קיין קאַרטע אויף אַ ווייטערע שטרעקע. אַלס פאָלגע דערפון זיינען געווען סצענעס ווי די פאָלגענדע אין דייטשע באַהן־שטאַציעס צו בע־אָבאַכטען: אַליאירטע מיליטער פאָליציסטען נעהמען אַרויס יידיש אויס־זעהענדע פערזאָנען פון דער רייהע, זיי אויסצופרעגען און צו אונטערזוכען, צי זיי האָבען נישט קיין שוואַרצע מאַרק אַרטיקעל ביי זיך. די דייטשען, וואָס קענען זיך געמיטליך ווייטער שטעהן אין דער רייהע, צעלאַכען זיך און האָבען הנאה, אַז דער פיהרער האָט איבערגעלאָזט געטרייע יורשים איבער דער גאָרער וועלט.

ושבתי אני ואראה את כל העשוקים אשר נעשים תחת השמש, והנה דמעת העשוקים ואין להם מנחם ומיד עושקיהם כח, ואין להם מנחם (קהלת סי׳ ד׳, פ״א). מיט דעם דייטשען אונגעהייער איז מען זיך משדך און מען קושט זיך מיט איהם אויס די פיסקלעך, די יידישע קרבנות שמאַכטען ווייטער אין די לאַגערען, וואו זיי ליידען און הונגערען שוין פולע דריי יאָהר און געהען אויס פאַר איינטאָניגקייט און האָפנונגסלאָזיגקייט. דערביי האָט נישט יעדער יידישער פליט די זכי׳, אין אַזאַ לאַגער אויפגענומען צו ווערען. מען מוז זיך ערשט „אַריינשמוגלען״, און דאָס געלינגט נישט תמיד. דייטשלאַנד׳ס בע־זיגער זיינען אין דעם ענין גאָר שטרענג. פאַר אַ ייד איז אַ די־פּי סטאַטוס

נישט אַזוי לייכט עררייכבאַר. די ריכטיגע די־פּיס זיינען יענע ליטווינער, פּאָליאַקען, אוקראַינער או. א. וו., וואָס האָבען געהאָלפען הרג׳ענען די פּליטים׳ס קרובים און ווילען אויס בעגרייפליכע טעמים נישט צוריק אַהיים. זיי האָט מען אַנידערגעשטעלט אַלס וועכטער ביי די טויערן פון די אַרומגעצאַמטע יידישע די־פּי־לאַגערן. די ליטווישע, פּוילישע, אונגאַרישע או. א. וו. די־פּיס געניסען נאָך היינט פון די שחיטות, ביי וועלכע זיי האָבען אַזוי פלייסיג מיטגעווירקט. אין דער היטלער־עראַ האָבען מאַנכע יידען אין אייראָפּע דורך פערשידענע קאַנאַלען געשיקט געלדער אין דעם אויסלאַנד, אום עפּעס פון זייער פערמעגען אָפּצוראַטעווען. די דאָזיגע יידען זיינען נעבעך אומגעקומען און עס זיינען נישט געבליבען קיין יורשים. אַזעלכע געלדער אין אַמעריקאַ אַליין האָבען בעטראָפען פילע מיליאָנען דאָלאַר. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דאָס געלד פערטיילט אונטער די די־פּיס, סתם, פון וועלכע יידען מאַכען אויס קוים אַכצעהן פּראָצענט. עס קומט אויס, אַז דורך די פערמיטלונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג ווערט דאָס געלד פון אומגעבראַכטע יידען צו פערפיגונג געשטעלט צו אונגאַרישע, אוקראַאינישע או. א. וו. פּאָגראָמשטשיקעס. אויב זיי האָבען די קרבנות שוין פריהער נישט גענוג אויסגערויבט, טראָגט מען זיי צו נאָך די לעצטע פּאָר גראָשען וואָס זיינען געבליבען פון די אומגעבראַכטע יידען. פערשטייגערט מען די ציערונג פון די יידישע נהרגים, קריגען די ליטווישע, אוקראַאינישע או. א. וו. די־פּיס 82 פּראָצענט פון דעם פערקויף . . .

פּאָר גוי׳שע די־פּיס שטעהען אויך די טויערען פון פילע לענדער אָפען. עס זיינען פאַראַן לענדער, ווי ענגלאַנד, קאַנאַדע, אַרגענטינע, וואָס לאָזען אַריין הויפּטזעכליך דוקא נאָר גוי׳שע די־פּיס. עס איז שוין געוואָרען אַ מאָדע, זיך צו וואַרפען מיט יידען. אויסטראַליען לאַדענט זאָגאָר איין אַמעריקאַנער בירגער, זיי זאָלען זיך בעזעצען אין איהר מענשען־אָרים לאַנד, אָבער יידען הייסען זיי ווייטער בלייבען אין קעמפּס.

קוים זיינען די קליינע פעלקער בעפרייט געוואָרען פון׳ם דייטשען יאָך (מיט דעם בלוט פון די אַמעריקאַנער אַרמעען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען נישט ווייניג יידישע העלדען), און שוין האָבען זיי שיקאַנירט יידישע פּליטים און זיך געוואָרפען מיט יידישע קרבנות. זיי פערגינט קיינער נישט דאָס ביסעל אָפּרוה, צו וועלכער זיי זיינען אַלס די גרעסטע אָפּפער פון׳ם געמיינזאַמען שונא אָם מיינסטען בערעכטיגט.

זיי מוזען זיך נאָך אַלץ אַרומוואַלגערען אויף דער פערשאָלטענער דייטשער ערד, אונטער דערדריקענדע צושטענדען, און צוקוקען ווי עלענדע, פער׳־יתום׳טע יידישע קינדער טרויערען און וויינען, און די קינדער פון דייטשע מערדער לאַכען און שפּילען זיך אינ׳ם קרייז פון זייערע עלטערען און גע־

שוויסטער. אַ קליינער ברוכטייל פון די מיטעל און די קראַפט, וואָס ווערען אויפגעווענדעט צוגונסטען די דייטשען, וואָלט געווען גענוג, דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון יידישער היימלאָזיגקייט צו לעזען. אָבער אין די אויגען פון די וועלטס־אַפּטרופּסים זיינען יידען די לעצטע, און אַפילו דאָס אויך נישט. אינ׳ם גרעסטען ברען פון רחמנות מיט יידען, אונמיטעלבאַר נאָכן סוף פון דער מלחמה, האָט מען געלאָזט צעהנטויזענדע יידען אויסשטאַרבען אין די לאַגערען אויס מאַנגעל אָן מעדיצינישע הילף. ווען זיי וואָלטען זאָפאָרט געבראַכט געוואָרען אין שפּיטעלער און אין ערהאלונגס־שטעדט, וואָלטען בעשטימט פילע געראַטעוועט געוואָרען. אָבער די אַמעריקאַנער מיליטער פלוגצייגע זיינען פערווענדעט געוואָרען פאַר וויכטיגערע מיסיאָנען, ווי צ. ב. צו ברענגען דעם בודאַפּעסטער קאַרדינאַל (וואָס האָט זיך אודאי נישט ווייניג אָנגעשטרענגט צו ראַטעווען יידען פון אונגאַריש־קאַטוילישע מערדער הענד) נאָך רוים, וכדומה. אַמעריקאַנער מיליטער פלוגצייגע געהען היינט אויך נישט ליידיג, זיי זיינען נישט ווייניג בעשעפטיגט מיטן טראַנספּאָרט פון דייטשע איינוואַנדערער.

עס איז נעמליך אַ געדעטעניש אויף דייטשע חתונות מיט אַמעריקאַנער. די יענקיס הייראַטען אויס די בי־די־עמ׳ניקעס, און אַמעריקאַנערינען ברענגען זיך אַהיים דייטשע אָפיצירען און ס.ס.־לייט אַלס מענער. Bella gerant allii, tu felix Germania nube. די וועלט מעג זיך ריכטען צו אַ נייען קריג, וועלכער וועט זיין אַ המשך פון די פריהערע צוויי, וואָס זיינען ביידע פון דייטשלאַנד סצענירט געוואָרען, אָבער די דייטשען האַלטען אין איין חתונה האָבען. פאַר אַ דייטשקע איז גענוג אַריבערצוגעהן צום אַמעריקאַנער קאָנזולאַט און צו זאָגען, אַז זי פאָהרט הייראַטען אַ אַמעריקאַנער, קריגט זי גלייך אַ וויזע. אָבער די אויסגעמוטשעטע יידישע טעכטער, די אונטערערנעהרטע יידישע קינדער, וועמען די דייטשע פרויען האָבען געהאָלפען מאַכען צו אלמנות און יתומים, זיי ווינדען זיך אין שמערצען אויף האַרטע געלעגערס אין האָלצערנע באַראַקען. זיי מוזען וואַרטען ביז זייערע שלעכטע קוואָטען וועלען געעפענט ווערען. אויף זיי וואַרטען נישט קיין מיליטערישע פלוגצייגע, קיין לוקסוס־שיפען. לאַגער־יתומים האָבען נישט דיזעלבע פּריאָריטי ווי דייטשע מענשענווערגער, וואָס טרעטען יעצט אויף אַלס לוסטיגע חתנים אָדער כלות פון אַמעריקאַנער בירגער. עס קומען אויך הויפענווייז גאַנצע דייטשע פאַמיליעס אויף גרונד פון דער דייטשער קוואָטא (וועלכע איז די וויטעסט־געהענדע אין די אַמעריקאַנער איינוואַנדערונגס בעשטימונגען), און פערזעהען מיט גוטע אַפידעיוויטס פון זייערע דייטש־אַמעריקאַנישע פערוואַנדטע. אויסערדעם פערשטעהען די געשיקטע דייטשען די נאָן־קוואָטא פאָרשריפטען אויסגיביג אויסצונוצען. זיי קומען אַלס „וויסענשאַפטלער”. וועלכער דייטש

איז דאָס נישט קיין וויסנשאַפטסמענש ? האָט דאָך דאָס גאַנץ־קאַמער סיסטעם יעדען דייטש „אויסגעאיידעלט" צו אַ עקספּערט. צווישען די אַנגעקומענע אין ניו יאָרק געפינט זיך דער נאַצי גענעראַל קאַרל פאָן ווענקשטערן, וועל־כער האָט אונטער היטלער פּערזאָנלעך געשמט די דייטשע אַרמעע מיט שקלאַפען אַר־בייטער. יעצט איז ער דאָ און האָט שוין די ערשטע בירגער־פּאַפּירען פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די דייטשען וואָס האָבען געוואָלט די גאַנצע וועלט אויף די קני צווינגען, ווערען בעגריסט פון דער אַמעריקאַנער פרייהייטס־שטאַ־טוע, אָבער דאָס הייפעל עלענדע יידען בעגריסען דחקות און אָרימקייט, קעלט און נויט אין דייטשע די־פּי קעמפּס.

אַ וויכטיג דאָקומענט, וועלכעס בעלייכטעט אין שניידיגע פאַרבען דאָס הימעל־שרייענדע אונרעכט, וואָס די וועלט דערלויבט זיך אין שייכות מיט דער שארית הפליטה, איז דער בעריכט פון האַרריזאָן צו טרומאַנ׳ען פון אויגוסט 1945. „די יידען לעבען אונטער בעוואַכונג, הינטער שטעכיגע דראָטען, אין לאַגערען, וואָס די דייטשען האָבען פאַר די שקלאַפען געלאָזט אויפשטעלען, אונטער איבערגעפילטע, אונסאַניטאַרע, גרימיגע בעדינגונגען, אין קאָמפּלע־טער לעערקייט, אָהן אַ מעגליכקייט, זיך מיט דער אויסענוועלט צו קאָמו־ניקירען, וואַרטענדיג, אַרויסקוקענדיג אויף אַ וואָרט פון אויפמונטערונג און טאַט. פילע זיינען אונטערערנעהרט. איין אַרמעע טשעפּליין, אַ רב, האָט פּערזענליך בייגעוואוינט צוואַנציג טויזענט יידישע לויות, נאָך דער בעפרייאונג אין בערגען בעלזען אַליין. עס פעהלען מעדיצינישע מיטלען פאַר די פער־הונגערטע. פילע מוזען נאָך טראָגען זייערע אַלטע געשטרייפטע שטראָף־קליי־דער, אַנדערע קליידען זיך אין ס.ס.־אוניפאָרמס. זיי האָבען גאָר נישט צו טאָן, נאָר דענקען נאָך איבער זייער צושטאַנד, איבער די אונזיכערקייט פון זייער צוקונפט און ציהען פערגלייכען צווישען דער בעהאַנדלונג אונטער די דייטשען און אין דער ׳בעפרייאונג׳. די וואָס האָבען נאָך משפּחה, קענען זיך נישט פעראייניגען מיט זייערע ווייבער, עלטערען, קינדער, פון וועמען זיי זיינען שוין אָפּגעריסען פינף יאָהר. זייער נאַהרונג איז ברויט און קאַווע, עס איז אַ שאלה ווי לאַנג די דאָזיגע אויסגעניצטעטע מענשען וועלען קע־נען אויסהאַלטען אַזאַ דיעטע. די דייטשע בעפעלקערונג האָט אַ אבוועקסלונגס־רייכערע און שמאקהאַפטערע נאַהרונג. די הייזער וואו זיי וואוינען זיינען נישט געאייגענט פאַרן געברויך אין ווינטער. דאָס נישטאנערקענען פון יידען אַלס אַזעלכע, האָט דעם אונרעאַליסטישען עפעקט פון צומאַכען די אויגען צו זייער פריהערער באַרבאַרישער פערפאָלגונג, וועלכע האָט זיי שוין פריהער גע־מאַכט צו אַ סעפּאַראַטער גרופּע מיט גרעסערע בעדערפעונישען ווי די די־פּיס פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. די אינטערנירטע יידען פיהלען בעזונדערס ביטער איבער דעם צושטאַנד פון זייער קליידונג, ווען זיי זעהען ווי גוט די

דייטשען זיינען געקליידעט. מיט אויסנאַהמע פון דעם, וואָס דער פחד פאַר עקסטערמינירונג איז פון זיי גענומען, האָט זיך זייער צושטאַנד גאָר וועניג געענדערט. די וואָס האָבען געליטען מעהר און לענגער, דאַרפען צו ערהאַלטען ערשטע און נישט לעצטע אויפמערקזאַמקייט. די יידען אין די דייטשע און עסטרייכישע לאַגערען האָבען אַ בערעכטיגטען אַנשפּרוך צו די פעלקער פון אַמעריקע און ענגלאַנד. אויב זיי וועלען נישט אַרויסגענומען ווער'ען און אויב זייער לאַגע וועט נישט פערבעסערט ווערען, איז צו ערוואַרטען אַז זיי וועלען אונאויטאָריזירטע בעוועגונגען אונטערנעהמען, ווייל זייער געדולד איז, לויט מיין מיינונג מיט רעכט, נאָהענט צום פּלאַצען. פילע פון זיי זיינען פערצווייפעלט, און אַנגסט פאַרן טויט האַלט זיי נישט צוריק. די דייטשען בעזיצען נישט קיין שום געפיהל פון שולד. עס איז שווער צו פערשטעהן, פאַר וואָס די פון זיי אַזוי לאַנג פערפאָלגטע יידען זאָלען געצוואונגען ווער'ען צו לעבען אין גרויזאַמע, איבערפילטע לאַגערען, וועהרענד די דייטשען וואוינען ווייטער רוהיג אין זייערע היימען. מיר בעהאַנדלען די יידען פונקט אַזוי ווי די נאַצים האָבען זיי בעהאַנדעלט, מיט דעם איינעם חילוק, אַז מיר עקסטערמינירען זיי נישט. די מיליטער רעגירונג שטעלט אָן אין איהרע עמטער דייטשען אנשטאָט די־פּיס. עס קומט אָפט פאָר, אַז יידען קענען נישט קריגען קיין אַפּוינטמענט ביי אַמעריקאַנער בעהערדען, ווייל די געזוכע געהען דורך דייטשע בעאַמטע, וועלכע לייטען נישט ווייטער זייער אוידיענץ־אַפּליקאַציעס".

טראַגיקאָמיש איז די אַרט, ווי רוסלאַנד געהט אום מיט די קרבנות פון די דייטשע רוצחים. ענטשפּרעכענד דעם רוסישען פּרינציפּ, נישט צו מאַכען קיין אונטערשיד צווישען גוי און ייד, בעהאַנדלען די רוסען אין זייער אָקופּאַציאָנס־זאָנע די יידען גלייך מיט די דייטשען. אויב די יידען האָבען געהאַט אין בערלין אַ אייגען יידיש שפּיטאָל, האָבען עס די רוסען רעקווירירט און אַריינגעזעצט צווֹיי דריטעל דייטשען, ווייל זיי אַנערקענען נישט די עקזיסטענץ פון אַ יידישער בעזאָנדערהייט. דאַדורך האָבען די יידען זייער לעצטע אייגענע אנשטאַלט פערלוירען.

דעם דייטש'ס חרטה.

דער צערטליכער אומגאַנג מיט די רוצחים און די אונפאַסבאַרע, אַרויספאָדערענדיגע בענאַכטייליגונג פון די לעבענגעבליבענע מערטירער, די טאַטזאַך אַז די יידען זיינען פאַר זייערע לאַנגיאָהריגע ליידען ענטשעדיגט געוואָרען מיט נייע ליידען, און די דייטשען זיינען פאַר זייערע אונערהערטע מאַסען־מערדערייען בעלוינט געוואָרען מיט גוטסקייט און פירזאָרגליכקייט, דאָס דאָזיגע וואַהנזיניג פּאַראַדאָקסע פערהאַלטען פון די זיגער, האָט די דייטשע

רשעים ערמוטיגט צו נייע שאַנדטאַטען. אויב מענשענקוועלעריי און ברוטאַל־סטער מאַסענמאָרד איז נישט נאָר שטראָפלאָז, נאָר גאָר איינטרעגליך, וואָלט עס דאָך געווען אונזיניג, פון דעם בעשריטענען וועג אָפּצואוויכען.

טאָמער האָט עס געגעבען אַ נאַאיוועז מענש, וואָס האָט געמיינט, אַז די דייטשען בעדויערען זייערע מיאוסע רציחות, אַז זיי האָבען חרטה אויף זייערע בלוטיגע זינד, האָבען איהם די דייטשען אַליין באַלד איבערצייגט, אַז ער האָט אַ טעות; טאָמער האָט עמיצער געגלויבט, אַז דאָס געשריי פון די אויסגעשאָכטענע יידישע קינדער לאָזען זיי נישט שלאָפען, אַז די טייכען יידיש בלוט, וואָס זיי האָבען פערגאָסען, שטערען די רוהיגקייט פון זייערע געמיטער, האָט ער זיך ביטער געטוישט. ביין, זיי זיינען ווייט אַוועק פון געוויסענסביסע, ווייל אום געפּלאגט צו ווערען פון דעם געוויסען, מוז מען קודם האָבען אַ געוויסען. אויף די ברוסט קלאַפּט זיך נאָר אַ ייד, מתודה זיינען נאָר די רחמנים בני רחמנים, ווען עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי האָבען עפּעס נישט יוצא געווען אָדער גאָר אַ עולה בעגאַנגען געגען אַ גר אָדער סתם אַ מיט־מענש. אַ דייטש האָט קיינמאָל נישט געזינדיגט, אַ דייטש האָט נישט וואָס מודה צו זיין, איהם האָט נישט וואָס באַנג צו טאָן. יאָ, די דייטשען פערגיסען טרעהרען, אָבער איבער גאָר עפּעס אַנדערש: זיי וויינען איבער דעם „פער־לוירענעם גיהנם", זיי בעדויערען און וואונדערען זיך, אַז דער געליבטער פיהרער האָט נישט רעכטצייטיג עקסטערמינירט די לעצטע פּאָר יידישע שקלאַפען. דאָס איז די איינציגע טענה וואָס זיי האָבען צו דעם אונפעהלבאַרען, אונפערגעסליכען פיהרער. זיי פערשפּרעכען זיך „הייליג", יאַז אין דער צו־קונפט וועלען זיי שוין גרינדליך ליקווידירען און קיין איינציגען ייד איבער־לאָזען. דאָס זיינען די סגופים וואָס די דייטשען זיינען אויף זיך מקבל. דאָס איז זייער וידוי, זייער חרטה. פון אַ אַנדערער חרטה ווייסען די דייטשען נישט. אַפילו אין דעם מאָמענט פון זייער נידערלאַגע, ווען זיי זיינען געשטאַ־נען על פתחו של גיהנם, האָבען זיי נישט אויפגעגעבען זייער האַס. דיזעלבע דייטשען וואָס פלעגען נאָך דעם צושיטען די מאַסענגרעבער זיך אַנידער־זעצען טרינקען זייער ביער און דערצעהלען מיט פערגניגען, ווי די קליינע יידישע יינגלעך האָבען געצאַפּעלט און געליטען, דיזעלבע דייטשען האָבען אַלס געשלאָגענע און בעזיגטע נישט איבערוואונדען זייער אונאויסראטבארע מאָרדלוסט. קוים האָבען זיי זיך ערהאָלט פונ׳ם ערשטען שאָק, וואָס די מפּלה האָט איבער זיי געבראַכט, — זיי האָבען דאָך נישט געקענט פאָראויסזעהן אַז זיי וועלען אָפּקומען מיט גאָרנישט, און וועלען נאָך בעהאַנדעלט ווערען מיט אַזוי פיל פיינקייט — זיינען זיי גלייך צוריקגעקעהרט צו זייער נאָרמאַליטעט, צו זייער נידערטרעכטיגקייט הייסט עס. גלייך האָבען זיי ווידער אָנגעהויבען אָפען אַרויסצוצייגען זייער פערביסענע שנאה. דאָס איז געווען זייער תשובה.

אין די ערשטע טעג נאָך דעם אַריינמאַרש פון די אַליאירטע, האָבען מאַנ־כע לאַגער יידען בעקומען עפּעס מעהר שפּייז ווי די דייטשען, דאַמיט די אויסגעהונגערטע זאָלען אַביסעל צו זיך קומען. דאָס האָבען די דייטשען נישט געקענט סובל זיין, דאַגעגען האָבען די גוטע דייטשען פּראָטעסטירט. „איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען, אַז איינע פון די ערשטע בקשות פון די אַזוי גערופענע דענאַציפיצירטע רעגירונגען אין דייטשלאַנד צום אַליאירטען קאָנ־טראָל קאונסיל איז געוועזן, אַז די ראַציאָנען פון די די־פּיס זאָלען רעדוצירט ווערען. דאָס איז דער מאַסשטאַב פונם דייטשען שולדבעקענטניש, דאָס איז אַ צייכען פון דער שטימונג, וואָס הערשט היינט צווישען די דייטשען. דערביי איז די אויסערסט מאַנאָטאָנע לעבענסשפּייז פון די יידישע די־פּיס קלענער ווי די נאַהרונג וואָס ווערט געגעבען צו די באַרבאַרען, וועלכע ווערען גע׳משפט אין נירנבערג״ (ריכטער ריפקינד אין זיין רעדע, געהאַלטען דעם 2טען אַפּריל 1946).

אונמיטעלבאַר נאָכן קריג האָט מען די דייטשע קריגסגעפאַנגענע אין אַמעריקע געצייגט דעם פילם פון די הויפען ביינער און די קרעמאַטאָריומס. די דייטשע סאָלדאַטען האָבען אין אנגעזיכט פון די גרויזאַמע בילדער נישט נאָר נישט אַרויסגעוויזען קיין שום צייכען פון ריהרונג, אָדער רחמנות מיט די ערמאָרדעטע, נאָר זיי האָבען נאָך געצייגט סימנים פון צופרידענקייט.

אַ אונפערבעסערליכער אַסימילירטער ייד, וואָס איז רעכטצייטיג ענטלאָ־פען קיין אַמעריקע און וויס דאָהער פון די דייטשע אכזריות נאָר מפּי השמועה, האָט געוואָלט דעמאָנסטרירען, אַז טראָץ אַלעם הענגט ער נאָך אַלץ אָן זיין דייטשטום. איז ער געוואָרען אַ נדבן און האָט געשיקט אַ פּעקעל צו אַ דייטשען לאַנדסמאַן. דערויף האָט ער פון דעם בעשענקטען גוטען דייטש ערהאַלטען אָט די קבלה: „איך בעשטעטיג דעם ערהאַלט פון דיין לעבענס־מיטעל פּעקעל. איך האָב דיך דאָס נישט געבעטען, וואָס איך בעט דיך יאָ, איז: אַז דו זאָלסט מיר ווייטער קיין פּאַקעטען נישט שיקען. יודע בלייבט יודע״.

סעציליע געץ, אַ אַמעריקאַנערין וועלכע האָט פערבראַכט צוויי יאָהר אין נירנבערג אַלס לאָיער אין דעם קרופּ פּראָצעס, האָט ביי איהר אַהיימקומען אין אָקטאָבער 1948 ערקלערט: „איך האָב נישט געפונען קיין איינציגען דייטש, וועמען דאָס געוויסען זאָל פּלאָגען פאַר די שוידערליכע פערברעכענס וואָס די נאַציס זיינען בעגאַנגען. איך האָב געהאַט צו טאָן מיט הונדערטער עדות, קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט העלפען דער אונטערזוכונג. בלויז איניגע דייטשע אַרבייטער אין די קרופּ־פּאַבריקען האָבען ענדליך ערצעהלט, און כאָטש זיי זיינען געווען צוזאַמען מיט די אונגליקליכע שקלאַפען און האָבען צוגעזעהן ווי מען פערהונגערט און דערשלאָגט זיי צום טויט, האָט

קיין איינער פון זיי נישט אַרויסגעוויזען דעם קלענסטען מאָראַלישען צוק ביים איבערגעבען די דאָזיגע שרעקליכע פאַסירונגען. זיי האָבען גערעדט וועגען דעם, ווי איינער רעדט וועגען בהמות".

„דאָס דייטשע פאָלק האָט נישט קיין געפיהל פון שולד, שאַנד אָדער חרטה פאַר זייערע צערשטערונגען און פערניכטונגען. זייער איינציג בעדויערען איז, וואָס היטלער האָט נישט געוואונען די מלחמה. מיר מוזען אויפגעבען די האָפנונג, אַז די געגענווערטיגע דייטשע גענעראַציאָן קען פערוואַנדעלט ווערען אין אַ דעמאָקראַטישע געמיינשאַפט" (טשאַרלס לאַקמאַן אין זיין בעריכט צו טרומאַן פון 7־טען דעצעמבער 1948, נאָך אַ 2 חדשים׳דיגען אויפענטהאַלט אין דייטשלאַנד).

וואָס מעהר די זיגער האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין די הילפס־ און אויפבוי־אַרבייט פאַר די דייטשען, וואָס מעהר געדרינגשעצונג און אַנטיפּאַטיע די אַליאירטע האָבען אַרויסגעצייגט צו די יידען, אַלץ אָפענער איז געוואָרען דער אַלט־נייער דייטשער יידענהאַס. אויב די זיגער ווילען ווידער שטעלען דייטשלאַנד אויף די פיס, מוזען דאָך די דייטשען אַביסעל צוהעלפען. ווי אַזוי? אַרבייטען? דאַצו איז דער דייטש צו פויל, איבערהויפּט האָט ער זיך שוין געוועהנט דערצו, צו לאָזען אַנדערע פאַר איהם אַרבייטען. ביז צום שלוס פון דער מלחמה האָבען יידישע שקלאַפען פאַר איהם געראַבאָטעט, זייט דער „נידערלאַגע" אַרבייטען די אַמעריקאַנער פאַר איהם און ער קומט זיך צום גרייטען. מען מוז אָבער דאָך אַ האַנד צולעגען צו דער אייגענער אויפריכטונג, וואָס־זשע טוט מען? נעמט מען זיך צו דער אַלטער, איינציגער ליבלינגסאַרבייט, צום מיליטאַנטען אַנטיסעמיטיזם, צום „אַנטיסעמיטיזם דער פויסט", דאָס געהערט אויך צום אויפבוי, דאָס פערפאָלקאָמענט דעם אויפבוי פונ׳ם דייטשען שטאַט, ווייל אַ דייטשלאַנד אָהן יידען־פערפאָלגונג איז נישט קיין אויפגעבויט דייטשלאַנד. דערמיט העלפען זיי טאַקע די זיגער אין זייער בעשטרעבען, אויפצוריכטען דאָס אַלטע רייך אין זיין אַלטען „גלאַנץ".

ווי אַ פיש אין וואַסער האָבען זיי זיך צוריקגעכאַפּט צו דער היימישער מלאכה און זיינען ווידער געווען אין זייער עלעמענט. אויף אַזאַ גדולה האָבען זיי זיך גאָר נישט גערעכט. אַ קורצע שפּאַנע צייט נאָך זייער מפּלה האָבען די דייטשען שוין געקענט אויפהייבען נישט בלויז די קעפּ, נאָר אויך זייערע הענד, און האָבען שוין געשענדעט מצבות און איבערפאַלען יידען. די „גע־שלאָגענע" דייטשען שלאָגען שוין ווידער און הרג׳ענען, דאָס איז זייער עזיבת החטא. זיי שרייבען שוין דראה־בריוו מיט געמיינע בעשימפונגען, זיי פער־לוימדען שוין יידען און בעליידיגען זיי, זיי העצען שוין אין דער פּרעסע און בילען אין פערזאַמלונגען. זיי לאָזען שוין נישט אַרויס דעם ייד פון זייערע שמוציגע מיילער און מאַכען איהם ווייטער צום שעיר לעזאזל. דער

פון זיי פעראונגליקטער ייד איז צו גרויס אין זייערע אויגען. דער ייד איז שולדיג אין דעם, וואָס זיי האָבען פערלוירען די מלחמה, דער ייד רואינירט דיווירטשאַפט (דאָס מיינען זיי אפשר דעם אַמעריקאַנער ייד, וועמעס שטייער־געלדער ווערען פערווענדעט צום אויפבוי פון דער דייטשער ווירטשאַפט און דייטשער אויפבוי איז גלייכבעדייטענד מיט וועלט־רואין). די יידען זיינען פרייז־טרייבער און שוואַרצהענדלער, וואָס איז דער ייד נישט? ביי וועלכער גנבה כאַפּט דער דייטש נישט זיינע יידישע קרבנות?

די בעזאַצונגס בעהערדען האָבען שוין פיל מאָל פעסטגעשטעלט, אַז דייטשע פויערן בעהאַלטען זייער ערנטע, און אָפיציעלע דייטשע אָרגאַנען פערשטעקען גאַנצע לעבענס־מיטעל זאַפּאַסען, כדי די „זיגער" צו צווינגען, מעהר געטריידע צו שיקען; אַ גרויסער טייל פון די דייטשען לעבט פונ׳ם שוואַרצען מאַרק; אַלס ביישפּיל ערוועהנען מיר דעם 28־יעהריגען דייטש, פריטץ דיעץ, וואָס האָט געדינט אונטער דעם נאַצי־רעזשים אַלס הויכער שפּייז־בעאַמטער און איז טראָצדעם פון דער אָקופּאַציאָנס בעהערדע ער־הויבען געוואָרען צום שעף פונ׳ם ראַציאָנירונגס און ווירטשאַפטס אַמט אין העסען. צוויי יאָהר לאַנג האָט ער בעטריבען אַ שוואַרצע בערזע און דערביי פּראָפּיטירט צעהנדליגע מיליאָנען דאָלער. ביי רודאָלף פּאולזאָהן, פּראָפעסאָר פון דעם ערלאַנגער אוניווערסיטעט, זיינען ביי אַ ראזיע געפונען געוואָרען 300 מעטער שטאָף פון טוך, 76 פּאָר האַנדשוה, 300 זייפען, 2 זעק געטריידע, 150 פלאַשען וויין און קאָניאַק, 200 פונט צוקער או. א. וו. ער האָט נעמליך נעבען דער פּראָפעסור בעטריבען שוואַרצהאַנדעל. פעראַנטוואָרטליך פאַרן שוואַרצהאַנדעל זיינען אָבער דאָך נאָר די יידען. אַ דייטש שווינדעלט נישט, ער מאָרדעט נאָר. דער שוואַרצהענדלער איז דער ייד.

דער ענטנאַציפיצירטער, דעמאָקראַטישער, גוטער דייטש אין דער אַמע־ריקאַנער זאָנע, דער ביירישער ווירטשאַפטס־מיניסטער, דר. רודאָלף צאָרן (ווי קומט צו אַ גוטען דייטש אַזאַ נאָמען?) האָט אין אַ פּרעסע־קאָנפערענץ די „יידישע אינטעקטען" פעראַנטוואָרטליך געמאַכט פּאָר די ווירטשאַפטליכע שוועריגקייטען און פּאָר אַלע דייטשע צרות. ער האָט בעשולדיגט די היימ־לאָזע יידען, אַז זיי מאָרדען (פון וואַנען ווייס אַ דייטש, וואָס דאָס הייסט מאָרד?) דייטשע בויערן כדי צו בעקומען שפּייז.

דער סאָציאַליסטישער פיהרער, ווילהעלם קורצע, האָט אין יוני 1947 ביי אַ פערזאַמלונג פון דייטשע אַרבייטער אין קעלן, זיך געלאָזט הערען אַט אַזוי: „די היימלאָזע יידען זיינען אַ גרעסערע געפאַהר פאַרן דייטשען פאָלק ווי היטלער. זיי דעמאָראַליזירען דאָס אונשולדיגע דייטשע פאָלק מיט זייער שוואַרצמאַרק האַנדעל". הגם די דאָזיגע ווערטער, וואָס קומען פון די מיילער פון גוטע, זאָגאַר סאָציאַליסטישע דייטשען נויטיגען זיך נישט אין קיין

שום קאָמענטאַר, בעדאַרף מען זיי דאָך אַביסעל אַנאַליזירען. ווער האָט די היימלאָזע יידען היימלאָז געמאַכט? נישט דאָס אונשולדיגע דייטשע פאָלק, וואָס זיצט זיך ווייטער אין זיין היים ווי קיינמאָל גאָרנישט אין זעצט שוין פאָרט זיינע אַלטע פערברעכערישע העצערייען? אודאי זיינען די יידען אַ גרעסערע געפאַהר פאַר די דייטשען ווי היטלער, איז דען היטלער איבער־הויפט געווען אַ געפאַהר פאַר די דייטשען? די דייטשען האָט ער דאָך גליק־ליך געמאַכט און אָנגעשטאָפּט מיט דעם רויב פון אַנדערע פעלקער. אַ געפאַהר איז דער דייטשער פיהרער בלויז געווען פאַר דער וועלט, איבער וועלכער ער האָט געבראַכט אַ חורבן, און דאַצו האָבען איהם קורצעס געזינונגסגענאָ־סען, די דייטשע סאָציאַליסטען, גאַנץ שעהן צוגעהאָלפען. דאָס אונשולדיגע דייטשע פאָלק קען נישט מעהר דעמאָראַליזירט ווערען, ווייל זייט די וועלט בעשטעהט איז קיין שום ברי׳, וואָס טראָגט אַ מענשליך געזיכט, נישט אַזוי געזונקען און מאָראַליש פערקאָמען געווען, ווי דער דייטש. וואָס איז אַ שוואַרצער־מאַרק האַנדעל, וואָס ווערט איבריגענס אויך נאָר פון דייטשען בעטריבען, אין פערגלייך צום רויטען בלוטיגען האַנדעל, וואָס דייטשען האָבען אָנגעפיהרט מיט די לעבענס פון מיליאָנען מענשען?

די דייטשע פרעסע אין ביזאָניא האָט זיך גענומען ווי אויף אַ וויזונג פון געבעלס, צו העצען געגען די יידישע די־פּיס, אַז זיי פערדאַרבען די פיינע זיטען פון דער דייטשער בעפעלקערונג, דייטשע צייטונגען פאָדערען אויף צו פּאָגראָמען און רופען די דייטשען, זיך „אָפּצורעכענען מיט די יידען". די דייטשע פּאָליציי האָט אונטער דעם פּאַרוואַנד, אַז זי זוכט בעהאַלטענע לע־בענסמיטעל, איבערפאַלען יידישע לאַגערען און געשלאָגען יידען אויפן אַלטען דייטשען שטייגער. אין דעם שטוטגאַרטער קעמפּ האָבען זיי גע׳הרג׳עט שמואל דאַנציגער, אַ ייד וואָס האָט איבערגעלעבט אָשוויענטשים.

זאָגאַר דעם בלוט־בלבול האָבען די דייטשען ווידער אויפגעלעבט. אין פּירט האָבען די דייטשען פערשפּרייט די בעשולדיגונג, אַז די לאַגער־יידען האָבען ערמאָרדעט אַ דייטשען שקץ פאַר „רעליגיעזע צוועקען"; אַ 13־יעה־ריגער שרץ, אַ „געוועזענער" היטלער־יונגע, איז אויפגעטראָטען אַלס „צייגע". דייטשע פּאָליציסטען, אין בעגלייטונג פון אַמעריקאַנער אָפיצירען האָבען אונטערזוכט דאָס לאַגער און האָבען נעביך געמוזט פעסטשטעלען, אַז די בעשולדיגונג איז אַ פאַלשע, נאַכהער איז דאָס דייטשע שקצל געפונען גע־וואָרען.

יאָהאַנעס זעמלער, אַ פיהרער פון דער קריסטליך־דעמאָקראַטישער פּאַר־טיי, איז דורך אירגענד אַ סבה אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון זיין אַמט אַלס עקאָנאָמישער שעף אין די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע זאָנעס. דערויף האָט זעמ־לער אָפּגעדרוקט אַ פּאַמפּלעט, פול מיט אָנגריפען אויף די אַמעריקאַנער. די

נאַציס, זאָגט ער דאָרט, וואָלטען בעסער געשפּייזט דאָס דייטשע פאָלק ווי די אַמעריקאַנער. די אַמעריקאַנער אימפּאָרטירען נישט גענוג לעבענסמיטעל, כדי צו שפּאָרען דאָס געלד פון די אַמעריקאַנער טאַקס־צאָהלער (אַזאַ עוולה!), דאַמיט, זאָגט דער גוטער קריסטליכער און דעמאָקראַטישער דייטש, האָבען זיי געבראָכען זייער פערשפּרעכען צו פערזאָרגען די דייטשען מיט מעהר קאַלאָריעס. די איינציגע עהרענלייט, זאָגט ער, זיינען געווען די נאַציס, זיי האָבען געהאַלטען וואָרט, זיי האָבען בעזאָרגט די דייטשען מיט 3000 קאַלאָריעס, ווען די אַמעריקאַנער פערשאַפען נישט פאַר זיי אַזוי פיל.

איינע פון די גראָטעסקע זאַכען, וואָס די אַליאירטע האָבען געהאַלטען פאַר נויטיג איינצופיהרען, איז געווען, אויסצופרעגען די דייטשען איבער זייערע אַנזיכטען און מיינונגען. די זיגער זיינען נישט געגאַנגען אין די לאַגערען צו אונטערזוכען די בעשעדיגטע געזונדהייט פון די יידישע קרבנות, זיי האָבען ליבער אויפגעזוכט די דייטשען אין זייערע וואוינונגען, זיי האָבען אַריינגעקוקט מיט פערגרעסערונגס־גלעזער אין די מוחות פון די מערדער און געהאָרכט צו די הערצער פון די הערצלאָזע. אנשטאָט זיי אויסצופרעגען איבער זייערע רציחות, פרעגט מען זיי איבער זייערע אנשויאונגען, ווי ווען עס וואָלט געווען ווער וויס ווי וויכטיג צו ערפאַהרען, וואָס די באַנדיטען האָבען זיך אין זין. נישט ווייניגער ווי עלף מאָל אין דרייצעהן חדשים האָבען די אַמעריקאַנער אויסגעפרעגט די דייטשען אין זייער זאָגע.

דעם 28־טען יוני 1947, אַלזאָ נאָך צוויי יעהריגער ריעדיוקיישאָן און דע־נאַציפיקיישאָן, האָבען די אָפיציעלע אַמעריקאַנער אויספאָרשער פעסטגע־שטעלט, אַז 47 פּראָצענט גוטע דייטשען זיינען נאָך אַלץ איבערצייגט, אַז דער נאַציזם איז געווען אַ גוטער פּלאַן.

אָפיציעלע ענגלישע אויספרעגער האָבען קאָנסטאַטירט, אַז אין זייער זאָנע האַלט זיך אַ גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג נאָך ווייטער אָן די הערענפאָלק־ און ראַסען־טעאָריע. די ענגלענדער האָבען בעאָבאַכטעט דיי־טשען, וואָס האָבען, זעהענדיג אין קינאָ קאַנאַדישע פויערן ביי דער ערנטע־אַרבייט, אויסגערופען: זיי האָבען גענוג לעבענסמיטעל און בעהאַלטען עס פאַר אונז אַבזיכטליך!" דער רעפּאָרט זאָגט ווייטער: „עס איז אונגלויבליך, אַז אין ווייניגער ווי צוויי יאָהר זאָלען די דייטשען שוין איבערצייגט זיין, אַז נישט זיי, נאָר די אַליאירטע זיינען צו פעראורטיילען."

אין שטוטגאַרט האָבען די דייטשען וועהרענד אַ דעמאָנסטראַציע גע־שלאָגען אַמעריקאַנער זעלנער. דערויף האָט דער אַמעריקאַנער מיליטערישער גאָווערנאָר איינגעפיהרט איבער די שטאָדט אַ קוירפיו פאַר די אָוונט־שטונ־דען. דאָס איז, בדרך אגב, געווען דאָס ערשטע און איינציגע מאָל, וואָס אַ אָקו־פּאַציאָנסבעהערדע האָט זיך ערלויבט צו פערהענגען אַ שטראָף איבער אַ

דייטשע שטאָדט. פּראָטעסטירענדיג צו גענעראַל קלעי געגען דעם קוירפּיו־בעפעהל, האָבען די דייטשען ערקלערט, אַז דורך אַזאַ אַקט „וועלען די דייטשען האָבען ווייניג אַכטונג פאַר דעמאָקראַטיע".

אונטער דעם טיטול „זיינען גטעאָס אַ פערברעכען?" האָט דאָס דייטשע „יוסטיץ־בלאַט" (אָקטאָבער 1948) פערעפענטליכט אַ אַרטיקעל אין וועלכען עס ווערט פערטיידיגט דאָס איינפיהרען פון געטאָס דורך די דייטשען. געטאָס פאַר יידען, הייסט עס דאָרט, האָבען עקזיסטירט מיט יאָהרהונדערטער צוריק, די דייטשען האָבען, אַלזאָ, געהאַנדעלט לויט היסטאָרישע פּרעצעדענטען.

דעם 8־טען נאָוועמבער 1947 האָבען די פּרעזידענטען פון די דייטשע לענדער אין דער אַמעריקאַנער זאָנע גאָך אַ פינפשטונדיגער בעראַטונג בעשלאָסען, אָפּצולעהנען די דורכפיהרונג פון׳ם געזעץ פון דער אַמעריקאַנער מיליטער רעגירונג, צוריק צוגעבען די יידען דאָס פערמעגען וואָס די נאַציס האָבען ביי זיי צוגערויבט.

ווען די לאַגער־יידען האָבען אָפּגעהאַלטען אַ פּראָטעסט פערזאַמלונג געגען די ברוטאַלע בעהאַנדלונג פון די „יציאה 1947" פליטים, האָט דער אַמעריקאַנער גענעראַל היבנער אויפגעפאָדערט די יידען, אַזעלכע קונדגעבונגען נישט מעהר צו ווידערהאָלען, ווייל דאָס קען פיהרען צו צוזאַמענשטויסען מיט די דייטשען. ביי דער ערוועהנטער דעמאָנסטראַציע האָט נעמליך אַ דייטשקע געשריגען: „פערפלוכטע יידען, פאַרוואָס האָבען מיר אייך אַלע נישט ביז איינעם אויסגעהרג׳עט". האָט זיך דער גענעראַל דערשראָקען און ווייטערע יידישע פּראָנשטאַלטונגען פערבאָטען.

דייטשע אָפיצירען, וועלכע האָבען זיך נישט ווייניג אָנגעטרונקען מיט יידיש בלוט, האָבען וואָלונטירט אין די אַראַבישע אַרמעען און זיי געהאָלפען איבערפאַלען דעם ישוב אין ארץ־ישראל.

די דייטשען האָבען אויך נישט אויפגעגעבען זייערע אַלטע שלאַגווערטער פון׳ם אינטערנאַציאָנאַלען יידענטום, וועמעס כח בעאיינפלוסט די וועלט־פּאָליטיק. זעהענדיג דעם שפל המצב, אין וועלכען דער שארית הפליטה געפינט זיך נאָך דעם ביטערען חורבן, זעהענדיג ווי די וועלט רעכענט זיך מיט דעם נידריגסטען דייטש מעהר ווי מיט דעם איידעלסטען ייד, האַלטען זיך די דייטשע פערלוימדער נאָך אַלץ אַן דער פראַזע פון דער יידישער וועלט־בעהערשונג. דער דייטש־אַמעריקאַנער בילדהויער דיעדעריך האָט אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען דעם 28־טען מאַי 1947, אין ניו יאָרק, געזאָגט צווו. א.: „די יידען האַלטען די אַטאָם־באָמבע אין איין האַנד און די פּרעסע אין דער אַנדערער, און פּרעסען אונז (אַמעריקאַנער) אין אַ ווינקעל".

ביי דער אינטערנאַציאָנאַלער ספּיריטואַליסטען קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען סעפּטעמבער 1948 אין לאָנדאָן, האָבען צוויי דייטשע

פערטרעטער דורכגעפיהרט אַ אַנטי־יידישע דעמאָנסטראַציע. דער ענגלי־שער פּאַרזיצער האָט זיי צוואר צורעכטגעוויזען, אָבער דערנאָך האָט ער איי־נעם פון זיי געגעבען דאָס וואָרט, וועלכער האָט ערקלערט: „מיר פערטרעטען די נייע אַנטי־יידישע בעוועגונג „אסטארא", וואָס מיר געוועזענע דייטשע קריגס־געפאַנגענע האָבען געגרינדעט אין דעם לאַגער לילענד אין אַמעריקע".

## די חרטה פון די „בעפרייטע" עסטרייכער.

אויף דעם זעלבען אופן האָבען אויך די דייטש־עסטרייכער תשובה געטאָן אויף זייערע זינד, און אַזוי זעהט אויך אויס זייער חרטה. טראָץ דעם בייטראַג פון די עסטרייכער צו היטלער׳ס מלחמה, טראָץ זייער בעטייליגונג אין דער פערניכטונג פון מיליאָנען מענשען, נישט בעאַכטענדיג דעם פעסטשטעהנדען פאַקט, אַז דער אנשלוס איז געווען דער אַלגעמיינער וואונש פון פאסט אַלע עסטרייכער, האָבען די אַליאירטע געמינצט דאָס וואָרט פון די „פערגעוואַל־טיגטע" עסטרייכער, וואָס זיינען „בעפרייט" געוואָרען פון דייטשער אַגרעסיע. די „אָרימע", „אונשולדיגע" עסטרייכער ווערען פון דעם ערשטען טאָג פון זייער מפּלה אַלס ערשטע געפיטערט און אויסגעהאַלטען פון דער אַמערי־קאַנער אַרמעע און אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. אונגעהויערע סומען פליסען אַריין אין דעם קליינעם עסטרייך, און די אָסטמערקישע פוי־לענצער זיינען קוים צו נאַשיטשען. די „בעפרייער" געהען מיט זיי אום ווי מיט אַ ציטערדיג קינד און גענעראַל קלאַרק איז געווען זייער הויפּט אפּטרפּוס. זיין גאַנץ זינען און טראַכטען האָט געהערט צו די עסטרייכער, עס זאָל זיי חלילה גאָרנישט פעהלען. קלאַרק האָט ערקלערט, אַז „גערעכטיגקייט און מאָראַל פערלאַנגען עס, אַז עסטרייך זאָל נישט אַוועקגענומען ווערען קיין שטיקעל ערד". ער האָט זיך ביי די עסטרייכער אַזוי בעליבט געמאַכט, אַז ווען ער האָט זיך בעוויזען אויף דער גאַס, האָבען איהם די געמיטליכע עסטרייכער שטירמיש צוגעיובעלט, באַלד אַזוי בעגייסטערט און עקסטאַטיש ווי זיי האָבען עס געטאָן עטליכע יאָהר צוריק צו זייער לאַנדסמאַן און פיהרער שיקעלגרובער.

אַז די עסטרייכער האָבען אין דער צייט צווישען זייער „פערגעוואַלטי־גונג" און „בעפרייאונג" הונדערט־טויזענטער יידען אויסגעהרג׳עט, אַז די עסטרייכער זיינען געווען זאַגאַר אונטער די דייטשען די ברוטאַלסטע מענ־שען־קוועלער, דאָס האָבען זיי פערגעסען, און אין דעם האָט זיי קיינער נישט דערמאָנט. דאָס איינציגע וואָס זיי האָבען נישט פערגעסען איז דאָס אַלטע רשעות און די איינגעוואָרצעלטע יידענפיינדשאַפט. גייסטיג זיינען זיי נאָך אַלץ אָנגעשלאָסען צום אַלטרייך, און ווי די גוטע פאלקסגענאָסען אינ׳ם רייך

האָבען אויך די גוטע דייטשען אין עסטרייך טענות צו דעם לעצטען רעשט פון זייערע אָפּפער, צו דעם ביסעל יידען, וואָס זיינען פאַר זיי אַ דאָרן אין אויג. דאָ זיינען עטליכע ביישפּילע פון זייער חרטה:

צוויי יידען זיינען אין וויען פון צוויי פּאָליציסטען אָהן יעדען גרונד בע־לעסטיגט געוואָרען. די יידען, וועלכע האָבען זיך שוין געהאַט געגוג אָנגעליטען פון אוניפאָרמירטע דייטשע בעסטיעס, האָבען זיך נישט געלאָזט. דערפאַר זיינען זיי פערורטיילט געוואָרען פון דעם אַמעריקאַנישען מיליטער געריכט צו לאַנגיעהריגע פריהייטסשטראָפען. ביי דער פערהאַנדלונג האָט דער אַמע־ריקאַנער פּראָקוראָר פערלאַנגט אַ שווערע בעשטראָפונג פאַר די יידען, „כדי צו ווייזען די עסטרייכער, אַז די אַמעריקאַנער בעשטראָפען אַלע געזעץ־ברעכער גלייך, נישט בעאַכטענדיג ראַסע אָדער רעליגיע". צום בעשטראַפט ווערען זיינען די יידען גלייכבערעכטיגט . . . די עסטרייכישע געזעצברעכער און מערדער קענען פראַנק און פריי אַרומשפּאַצירען, זיי זיינען דאָך „בעפרייט" געוואָרען, אָבער די יידען מוזען שטרענג בעשטראָפט ווערען, זיי זיינען דאָך לכל הדעות נישט בעפרייט געוואָרען.

זעהענדיג ווי אַזוי די אַמעריקאַנער פּראָקוראָרען און אַנדערע בעפרייער נעהמען זיך אָן פאַר די יידישע קריוודעס, האָבען זיך די בעפרייטע עסט־רייכער וואָס אַמאָל מעהר געמיינהייטען ערלויבט. איבערפאַלען אויף יידען זיינען געוואָרען אָפטע ערשיינונגען אויך אין עסטרייך. ביי איינער פון די אָבלאַוועס איז אַ זעכצעהניעהריג יינגעל, משה גאָטעסמאַן, ערמאָרדעט גע־וואָרען.

דעם 20־טען אויגוסט 1947 האָבען די אישעלער גוים פעראַנשטאַלטעט אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דעם ראַטהויז. דער געמיינדעראַט פיללא און אַ גע־וויסער צימפּערניק האָבען געהאַלטען אויפרייצענדע רעדעס געגען די יידישע די־פּיס; די גוטע עסטרייכער האָבען זיך דערמאָנט אין די גוטע אַלטע צייטען און אין די אַלטע שלאַגווערטער: „נידער מיט דען יודען!", „ווערפט די יודען הינאויס!" מיט די דאָזיגע פּאַראָלען איז דער מאָב מאַרשירט צום די־פּי לאַגער און האָבען עס בעוואָרפען מיט שטיינער. די באַנדיטען האָבען גע־שריגען: „הענגט די ד... יודען אויף!" און האָבען געוואָלט שטורמען דאָס לאַגער. אַזוי ווי די ביי די דאָזיגע סצענעס אנוועזענד געוועזענע פּאָליציסטען און די פערטרעטער פון די עסטרייכישע בעהערדען האָבען גאָר נישט דאַ־געגען אונטערנומען, און די לאַגע איז געוואָרען אַ בעדראָהליכע, האָט זיך דאָס אַמעריקאַנישע מיליטער ענדליך ענטשלאָסען, איינצוגרייפען. די אַמע־ריקאַנער האָבען אויך איינגעלייטעט אַ פּראָצעס געגען די רעדעלפיהרער און האָבען פערורטיילט צימפּערניק צו 15 יאָהר און פילאַ צו 10 יאָהר גע־פענגעניש. עטליכע אַנדערע פערברעכער זיינען מיט קלענערע שטראָפען

אָפּגעקומען. דאָס אורטייל האָט אַלע עסטרייכער, איינשליסליך די קאָמו־ניסטען, אונגעהויער עמפּערט און דערצערנט, סטייטש, צום ערשטען מאָל קומט עס פאַר, אַז בעפרייטע עסטרייכישע העצער זאָלען בעשטראָפט ווערען, נאָך דערצו וועגען יידען. אַ כוואַליע פון ענטריסטונג און כעס האָט זיך צע־גאָסען איבער דעם בעפרייטען אָסטמאַרקישען גאו, און די בונדעס־רעגירונג זעלבסט האָט אויך פּראָטעסטירט. דער בונדעס־קאַנצלער, וויצע קאַנצלער און אויסענמיניסטער האָבען פּערזענליך ביים אַמעריקאַנער קאָמיסאַר אינטער־ווענירט פאַר די מאָרדהעצער און האָבען ערקלערט, אַז „דאָס אורטייל איז נישט אין איינקלאַנג מיטן עמפּפינדען פון דער עסטרייכישער בעפעלקערונג און איז געאייגענט, העכסטע בעאונרוהיגונג אַרויסצורופען״. דערויף האָט דער אַמעריקאַנער קאָמיסאַר די שטראָפען געענדערט: צימפּערניק׳ס שטראָף איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען אויף איין יאָהר, און פיללאַ׳ס אויף 8 מאָנאַטען, די איבעריגע זיינען כמעט אינגאַנצען פרייגעשפּראָכען געוואָרען. זעלבסט־פערשטענדליך האָבען, אין הסכם מיט זייערע „עמפּפינדונגען״, די עסטרייכער אויך געגען דעם מילדען פערבייט נאָך ווייטער פּראָטעסטירט און רעקוריערט.

אין באדגאסטיין, אישל און בראונאו, האָבען זיך געפונען יידישע די־פּי קעמפּס, וואָס זיינען געווען פערהעלטניסמעסיג גאַנץ גוט בעוואוינבאַר. דאָס האָט די בעפרייטע עסטרייכער נישט געשמעקט. האָבען זיי פערלאַנגט פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג, די יידען זאָלען פון די ערוועהנטע שטעדט ענטפערנט ווערען, ווייל זייער אנוועזענהייט שאַדט דעם פרעמדען פערקעהר. אַז די „בעפרייטע״ לאַנדסלייט פונ׳ם געפרייטען היטלער ווילען עפּעס, מוז מען זיי צוליב טאָן, זיינען זיי דאָך עפּעס היינט משלנו. די פּליטים זיינען גלייך פערשיקט געוואָרען אין אַנדערע לאַגערען, וואו די לעבענס־בעדינגונגען זיינען געווען אַ סך ערגער, און די געסט פון דייטשלאַנד האָבען שוין געקענט אין די שעהנע קורערטער זיך אויסרוהען פון זייער שווערער מאָרדאַרבייט. די דייטשען אין די לוקסוס האָטעלס זיינען נישט מעהר געשטערט געוואָרען דורך די אָנוועזענהייט פון די יידישע יתומים אין די באַראַקען.

דעם 10טען נאָוועמבער 1938 האָבען די צוויי נאַצי־באַנדיטען פּאָלער און אָלער אויסגעה׳רג׳עט די גראַצער יידען און פערברענט דעם דאָרטיגען טעמפּעל. אין דעצעמבער 1947, האָט זיי דאָס פאָלקס־געריכט אין גראַץ בעפרייט. דאָס איז נישט קיין רבותא, דאָס דאַרף אַזוי זיין, באַנדיטען וואָס זיי־נען פון די אַליאירטע „בעפרייט״ געוואָרען, בעדאַרפען דאָך פון אַ עסטריי־כישען פאָלקס־געריכט אודאי בעפרייט ווערען. בעמערקענסווערט איז בלויז דער נעבען אומשטאַנד, אַז ביים אַרויסגעבען פונ׳ם אורטייל זיינען די צוהערער אויפגעשפּרונגען און האָבען אַפּלאָדירט די פיהרער און זיי דערנאָך אַהיים בעגלייט זינגענדיג דאָס האָרסט וועסעל־ליד. ווידער האָט עס זיך די עסט־

רייכער מאַרשירט בעסער, ווען זיי האָבען זיך דערמאָנט, אַז יידענבלוט קען רוהיג און אונגעשטראָפט פליסען פונ׳ם דייטשען מעסער . . .

אויף דער לאָנדאָנער אָלימפּיאַדע אין אויגוסט 1948 איז פאָרגעקומען אַ האָקי שפּיל צווישען עסטרייך און אַרגענטינע. אַזוי ווי די עסטרייכער האָבען געזעהן אַז זיי האַלטען שמאָל, האָבען זיי אויסגעלאָזט זייער כעס צו די יידען וואָס האָבען זיך געפונען צווישען די אַרגענטינער שפּילער און האָבען גע־שריגען: „נידער מיט די יודען, היטלער איז געווען גערעכט!״

די „בויט״ וואָס האָט געהערשט אין דעם עסטרייך פון דער נאָך קריגסצייט האָט די פּיעטעטפולע עסטרייכער נישט געהינדערט אויפצושטעלען אַ קאָסט־באַרען מאָנומענט — נישט פאַר די הונדערט טויזענטער יידען וואָס זיינען פון זיי אומגעבראַכט געוואָרען, נאָר פאַר דעם וועטעראַן פונ׳ם עסטרייכישען אַנטיסעמיטיזם, דר. קאַרל לועגער. די בונדעס־רעגירונג און דאָס גאַנצע אָפיציעלע עסטרייך האָבען אנטייל גענומען ביי דער צערעמאָניע.

אַ עסטרייכישער ס.ס.־פיהרער, אָסקאַר באַטלעט, האָט אין נאָוועמבער 1938 געלייטעט דעם פּאָגראָם אויף די יידען פונ׳ם צווייטען בעצירק אין וויען. ער האָט זיך אנגעאייגענט אַ גרויס אייזען געשעפט וואָס האָט געהערט צו דעם ערמאָרדעטען ייד באַזלער. נאָכן קריג האָט זיך באַטלעט אויסבעהאַלטען אין אַ דאָרף. דריי און איינהאַלב יאָהר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין וויען. ער איז גלייך אַוועק צו דער פּאָליציי, נישט אום אבצוצאָהלען פאַר זיינע פערברעכען, נאָר כדי צוריקצופערלאַנגען דאָס אייזען געשעפט פונ׳ם ערמאָרדעטען ייד. די עסטרייכישע בעהערדע האָט דעם ס.ס.־באַנדיט אנער־קענט אַלס דעם רעכטליכען בעזיצער און האָט איהם דאָס געשעפט „צוריק״ געגעבען.

עדמונד וואלעק, אַ געוועזענער ווינער פּאָליציסט, איז וועהרענד דעם קריג געווען דער קאָמיסאַר פון מינסק און האָט ליקווידירט די דאָרטיגע יידען. היינט איז ער בעצירקספּאָליציי־שעף אין וויען.

ניין, די דייטשע בעסטיע וויל נישט אָפּצאָהלען איהר זינד, זי זינקט נישט איין פאַר חרפּה, זי ברענגט זיך נישט אַליין אום פאַר שאַנדע, זי וואַרפט זיך נישט אַליין אַריין אין די קרעמאַטאָריומס, וואו זי האָט זויגענדע קינדער פערפייניגט, זי וויל ווייטער לעבען מיט אַזאַ שמוציג געוויסען, זי וויל ווייטער מאָרדען און ווייטער ברענען, זי וואַרט, ביז די הימלישע גערעכטיגקייט וועט זי צו פעראַנטוואָרטונג ציהען און אָפּמעקען מתחת השמים.

די דייטשע געפאַהר.

אַזוי ווי קיינער האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלען, אַז איין פאָלק וועט איבערברענגען דאָס האַרץ, אַ צווייטעס אַזוי גרויזאַם צו פערטיליגען, פונקט אַזוי האָט מען נישט געקענט פאָראויס זעהן, אַז נאָך דעם ביטערען חורבן וועלען די מערדער געניסען אַזאַ פּראָוואָקאַטיווען פאַרצוג כלפּי זייערע רואי־נירטע קרבנות. האָט זיך עמיצער געריכט, אַז נאָך דעם שרעקליכען בלוט־באָד וועלען די דייטשע באַרבאַרען געשטעלט ווערען אויף די פיס און די יידען געדרענגט ווערען אין די דעפּעניזיווע? איז עס אַ וואונדער, אַז נאָך אַזאַ אונגערעכטער פערטיילונג פון מיטלייד און שטרענגקייט האָט זיך דער נאַציסטישער שד אויף דאָס ניי צערוואקסען און האָט צוריקגעוואונען זיין אַלטע שטעלונג?

אויב עס איז אַ צווייפעל, צי דער פיזישער היטלער לעבט נאָך, איז עס אויסער יעדער פראַגע, אַז זיין אונגייסט עקזיסטירט, לעבט, געדייהט, ענטווי־קעלט זיך, פערשפּרייט זיין גיפט און שלאָגט זיינע וואָרצלען טיף אין די הערצער פון אַנדערע פעלקער. די זיגער האָבען געמיסטיגט דעם באָדען פאַר דעם ווידער וואקסטום פון די נאַציסטישע גיפט־גרעזער. גאָר גיך האָבען די נאַצי באַנדיטען געקענט אַרויסקריכען פון זייערע לעכער און אָנהויבען מיט זייער אָפענער, אָרגאַניזירטער טעטיגקייט.

איז עס אַ וואונדער אַז דאָס דייטשע פאָלק זינגט שוין ווידער „דייטש־לאַנד, דייטשלאַנד, איבער אַלעס”? אילזע קאָך ווערט בעפרייט, שאַכט שרייבט בעסט סעלערס, פּורטוואנגלער קאָנצערטירט אין דער וועלט, דייטשלאַנד קריגט פונם מאַרשאַל־פּלאַן אַזוי פיל ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד צוזאַמען, די דייטשע שטאָהל־אינדוסטריע ערצייגט שוין מעהר ווי פראַנקרייך, און דער ערשטער שריט איז שוין געמאַכט געוואָרען צוריקצוגעבען צו די דייטשען די רוהר, דעם מעכטיגען מלחמה־פּאָטענציאל פונם דייטשען קריגספאָלק. זיינען ערשט די דייטשען נישט צופרידען, זיי ווילען נישט קאָנטראָלירט ווערען, זיי דולדען נישט קיין משגיחים, זיי ווילען נישט געהינדערט ווערען אין זייערע הכנות, אין זייערע ריסטונגען צו נייע מלחמות. שרייען זיי אַלע, פּראָטעסטירען אַלע גוטע דייטשען געגען די פערלעצונג פון זייער נאַציאָנאַלער סאָווערעניטעט. אויב מען וועט זיי נישט לאָזען שטילערהייט פאַרבערייטען אַ נייע וועלט־פערניכטונג, וועלען זיי אָפען אויפהערען צו גלויבען אין דעם ווערט פון דעמאָקראַטיע. די רוהר מוז שוין און אין גאַנצען צוריק אין דייטשען בעזיץ, זיי קענען נישט וואַרטען, עס ברענט, זיי קענען זיך נישט דערוואַרטען. נאָך דער מפּלה האָבען זיי געבעטעלט: הונגער, הונגער! נאָך דער ערהאָלונג, דרייאיינהאַלב יאָהר שפּעטער, רופען זיי: די רוהר, די רוהר! גיבט זיי צוריק די רוהר, די רוהר, זייער הייליגער שריין, וואו חלפים ווערען

געשליפען און האַס־לידער קאָמפּאָנירט; היינט זאָל זיי די רוהר געהערען, מאָרגען וועלען זיי די וועלט צערשטערען.

אַפילו גענעראַל קלעי, וועלכער איז אַזוי איבערטריבען מילד צו די דייטשען, בעמערקט שוין אויך (אין זיין בעריכט קיין וואַשינגטאָן פון יאַנואַר 1949) אַז „עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטישע גרופּען הויבען ווידער אויף די קעפּ", און אַז ער „האַלט אַ שאַרף אויג אויף זיי". די שאלה איז, צי קען מען מיט איין אויג וויינען איבערן דייטשען נעביכאַנטעטום און צוגלייך מיטן צווייטען אויג אינטענסיוו גענוג בעוואַכען דאָס דייטשע באַנדיטענטום.

שוין אין יאַנואַר 1947, האָט דאָס „אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיטע פאַר שטודיום פון אייראָפּעאישע פראַגען" אין זיין בעריכט געלאָזט וויסען, אַז „איבער גאַנץ דייטשלאַנד ציהט זיך אַ נעץ פון נאַצי־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטייגען פון מאָנאַט צו מאָנאַט. דענאַציפיקאַציע איז אין גאַנצען דורכגעפאַלען. די ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבען געמאַכט גראָבע פעהלערען מיט זייער מילדקייט צו די דייטשען. עס ערייגענט זיך אָפט, אַז ס.ס. און אַנדערע נאַצי באַנדיטען טרעטען אויף אין זייערע אוניפאָרמען ביי עפענטליכע פעראַנשטאַלטונגען און אויף דער גאַס, בעזונדערס אין בייערן און אין נידערזאַכסען, און ווערען פון די מאַסען אומיובעלט, פאַר די סאַמע אויגען פון די אָקופּאַציאָנס־בעהערדען."

אָבער די אַליאירטע שטאַטסמענער האָבען די וואָרנונגען, אַפילו ווען זיי זיינען געקומען פונ'ם אייגענעם לאַגער, נישט ערנסט גענומען. זיי האָבען זיך נישט געלאָזט שטערען אין דער דורכפיהרונג פון זייער געפאַהרפולער פּאָליטיק, און האָבען פאָרטגעזעצט דעם ווידער אויפבוי פון דעם גרויזאַמען שונא פון נעכטען, און פּאָטענציעלען, וואַהרשיינליכען וועלט־צעשטערער פון מאָרגען. הגם אינ'ם אונטערבעוואוסטזיין האָבען די קורצזיכטיגע דיפּלאָמאַטעלעך געפיהלט, אַז זיי פּאַשען דעם אייגענעם מלאך המות. אַנישט וואָלטען זיי נישט כסדר אונטער זיך אָפּגעשלאָסען הילפספערטרעגע פאַר דעם פאַל פון אַ דייטשער אינוואַזיע. פראַנקרייך איז איינגעגאַנגען אין אַ פערטראַג מיט ענגלאַנד, פּוילען מיט יוגאָסלאַוויען, או. א. וו. זיך געגענזייטיג צו העלפען ווי באַלד דייטשלאַנד וועט זיי איבערפאַלען. זאָגאַר אַלע גרויסע פיר זיגער האָבען פערהאַנדעלט וועגען אַ געמיינזאַמען בונד, וואָס זאָל זיי שיצען געגען אַ עווענטועלען דייטשען אָנגריף. האָט מען שוין געהערט, אַז טריומפירענדע זיגער זאָלען זיך דאַרפען בעוואָרענען געגען אַ ענטוואָפנטען, אָהנמעכטיגען שונא? אָנגעבליך ליגט דאָך דייטשלאַנד צעבראָכען אויף דער ערד, אַ קראַפטלאָזע, אַ בעזיגטע, אַ געשלאָגענע, אַ טויטע, טאָ זייט ווען מוז מען זיך געגען אַ טויטען אונטערגאַרטלען, בעוואָרענען און פערטיידיגען? אויב דער טויטער שונא איז נאָך נישט גענוג טויט און איז נאָך

בכח אייך איינצוויאָגען טויטשרעק, איז דאָך דאָ אַ עצה, איהם אונשעדליך און אין גאַנצען אונגעפעהרליך צו מאַכען. צו וואָס בעדאַרפט איהר אייך צו בעוואָרענען פאַר אַ מאָרגיגען איבערפאַל, ווען איהר קענט שוין היינט דערפאַר זאָרגען, אַז דער שונא זאָל נישט קענען ווידער וואגען אַ נייען קריג. היות, ווי די זיגער וויגערן זיך אויס דעם אָדער יענעם נאַרישען גרונד דאָס צו טאָן, פערשטעהען זיי די דרינגליכקייט פון אַזעלכע געגענזייטיגע שוץ־פערטרעגע. פון זייערע אייגענע האַנדלונגען וויסען זיי, אַז דער שונא וועט גאָר באַלד קורירט זיין. ווער וויים עס בעסער, וואָס דער מענשהייט שטעהט בעפאָר, ווי די יעניגע, וואָס גיבען דעם שונא אַ ריכטיגע ערהאלונגסקור, וואָס היילען, פילגעוועוען און העטשלען איהם, און גיבען אויס ביליאָנען פאַר זיין ווידער אויפריכטונג, וואָס מוז אונפערמיידליך פיהרען צום אויפשטיג פונ׳ם דייטשען מיליטאַריזם.

משל לאדם שהיתה לו פרה כחושה ובעלת אברים, האכילה כרשינין והיתה מבעטת בו, אמר לה: מי גרם ליך שתהא מבעטת בי, אלא כרשינין שהאכלתיך (ברכות ל״ב ע״א). נאָכדעם ווי דאָס דייטשע טיער וועט זיך האָבען גע־קרעפטיגט, וועט עס זיך אַ שטעל אויף געבען און צעטרעטען איהרע בהמה׳־וואַטע פיטערער. דאָס פערטיערטע דייטשע פאָלק האָט שוין זיין בעשטימטע שאַבלאָנע, עס האָט שוין אויפגעשטעלט און איינשטודירט אַ געוויסע פאָרמולע, אַ עמפּיריש געזעץ, וואָס באַזירט אויף די געשעהנישען וועלכע האָבען זיך צוגעטראָגען צוויי מאָל אין איין גענעראַציאָן: 1) דער דייטש ריסטעט און בעוואָפענט זיך ביז צו די ציין, ער ברעכט פערטרעגע און איבערפאַלט לענ־דער, ער פלינדערט, מאָרדעט און פערלעצט אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קריגס־און הומאַניטאַרע געזעצען. 2) טאָמער וועט עס די פעראייניגטע כחות פון די אָנגעגריפענע געלינגען, נאָך שווערער מיהע און בלוטיגע פערלוסטען, דעם דייטשען רויבער צו איבערוועלטיגען, בלייבט נאָך אַ וואונדערבאַר רע־צעפּט, וואָס האָט זיך ערפּאַהרונגסגעמעס זעהר גוט בעוועהרט און איז ביז יעצט מיט דעם גרעסטען ערפאָלג אָנגעווענדעט געוואָרען, דאָס איז: 3) דייטשע קליינמיטיגקייט, נעביכאַנטישקייט, גאָרנישט־וויסענדיגקייט, איך־בין־נישט־איך־קייט, אָפּפערדיגקייט, בעפרייטיגקייט, דאַהער אַליאירטע רחמנות, הילף, אויפבוי, ביז דאָס ווילדע דייטשע טיער איז שוין זאַט און שטאַרק גענוג ווידער צו קאַפּען.

די פראַגע איז נאָר, צי וועט עס דאָס נעכסטע מאָל קומען צו דער נומער 2 אין דער פאָרמולע. עס איז נישט אויסגעשלאָסען, אַז דאָס נעכסטע מאָל וועט צוגלייך דאָס לעצטע מאָל זיין. אין אַ צייטאַלטער, אין וועלכער אפילו די אַטאָמישע באָמבע וועט באַלד צעהלען צו די אַלטמאָדישע וואַפען, קען עס גע־שעהן, אַז אַ שלאָפעדיגע וועלט, אַ וועלט וואָס לאָזט דעם דייטש אונבעוואַכט,

וועט פון איהר אונפעראַנטוואָרטליכען, פערברעכערישען שלאָף שוין קיינמאָל נישט מעהר ערוואַכען.

דאָס ווילען אונזערע פערבלענדעטע פּאָליטיקער נישט איינזעהן. דערצו פעהלט זיי דער וויטבליק, צו דעם בעזיצען זיי נישט די אינטעליגענץ און דעם חוש פון פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די קינפטיגע דורות. זייער זעה־קראַפט איז בעשרענקט, זי רייכט נישט אין די וויטערע צוקונפט. פאַר דער צוקונפט זאָלען זיך די צוקינפטיגע קרבנות פון די היינטיגע נעביכאַנטען זאָרגען. פאַר היום היינט סטאַרטשען די פערטרעגע, וואָס מיר שליסען אָפּ און ביז די דייטשען וועלען פעהיג זיין נייע מלחמות צו פיהרען, וועלען מיר דיפּלאָמאַטעלעך נישט מעהר דאָ זיין, Après nous le deluge.

די קווינטעסענץ פון דעם דאָזיגען אידעענגאַנג איז, אַז אנשטאָט צו לאָזען די דייטשע טמאים מחוץ למחנה, דאָמיט זיי זאָלען נישט נאָך אַמאָל דעם אַויר פון דער וועלט פערפּעסטען מיט זייער אָרדינערען הויך, דאַרף מען זיך צו זיי וואָס אַמאָל מעהר דערנענטערען; אנשטאָט זיי אַלס מצורעים, אַלס קרעציגע, גיפטיגע חיות צו איזאָלירען און זיך פון זיי מרחק צו זיין, מוז די דייטשע פּאָסקוטסטווע ווידער אַריינגעפיהרט ווערען אין די מענשליכע געזעלשאַפט, פון וועלכער זי האָט זיך אַליין דורך איהרע מענשענשעכטעריי אַזוי ענטשידען און ענדגילטיג אבגעזאָנדערט און אויסגעשלאָסען.

דאָס בענעהמען פון דעם דייטשען פאָלק און די טהעאָרעטישע אונטער־זוכונגען פון זיין זעעלישער און גייסטיגער בעשאַפענהייט, בעווייזען קלאָר, אַז דאָ האַנדעלט זיך אום אַ פּאַטהאָלאָגיש־קרימינעלען פאַל און אַז עס מוז עפּעס אונטערנומען ווערען, כדי די מענשליכע געזעלשאַפט פון אבנאָר־מאַלע רוצחים צו שיצען.

צוויי ניו־יאָרקער עקספּערטען אויפן פּסיכיאַטרישען געביט, דר. וואָס־בורג ליאָנס און דר. ר. מ. בריקנער, האָבען שטודירט דאָס לעבען און דעם כאַראַקטער פון די דייטשען. זיי האָבען פעסטגעשטעלט, אַז די דייטשען אַלס פאָלק ליידען פון פּאַראַנאָאידע צושטאַנדען, וואָס פיהרען צו מאַסענמאָרד. זיי שלאָגען פאָר, אַז די סאַדיסטישע פאַנאַטיקער מיט זייער דייטשלאַנד־אי־בער־אַלעס־קאָמפּלעקס זאָלען געשטעלט ווערען אונטער שטרענגער בע־וואכונג און געצוואונגען ווערען צו אַרבייט. די גאַר געפעהרליכע צווישען זיי זאָלען אויסגעשאָסען ווערען. דר. ליאָנס זאָגט ווערטליך: „היטלער איז געוועזען אַ מאַניפעסטאַציע און נישט די אורזאַכע פון דער דייטשער דיספּאָ־נירטהייט צו פּאַראַנאָאידער אויפפיהרונג. היטלער האָט שוין געפונען פאַר־בערייטעט דייטשלאַנד׳ס גייסטיגען באָדען, דורך פּאַראַנאָאידע אידעען, וואָס זיינען געפלעגט געוואָרען הונדערטער יאָהרען פאַר איהם". אין זיין בוך „איז דייטשלאַנד אונהיילבאַר?" בעהאַנדעלט דר. בריקנער די פערשידענע דייטשע

כאַראַקטערען פון די פערשידענסטע צייטען און ווייזט אָן אויף די אַבנאָר־מאַליטעט פון די דייטשען אַלס אַ פאָלק. אָנהויבענדיג מיט פיכטע, אונטער־זוכט ער אונצעהליגע דייטשע בעריהמטהייטען, וואָס זיינען שוין מיט אַ הונדערט יאָהר צוריק געווען בעהערשט פונ׳ם שגעון, וואָס האָט ביי היט־לער׳ן געפונען דעם ריכטיגען אויסקלאַנג. לויט דר. בריקנער קומט דער פאַראַנאָאידער כאַראַקטער פונ׳ם דייטש הויפטזעכליך אין פאָלגענדע פונק־טען צום אויסדרוק:

1) הערשזוכט. זיי קענען נישט ליידען, אַז אַנדערע זאָלען בעטראַכט ווערען אַלס גלייכע. (דעריבער האָבען די דייטשען די בעצוואונגענע פעלקער רעדוצירט צום סטאַטוס פון קנעכט, איבער וועלכע דער דייטשער הערענ־ראַסלער שטעהט מיטן קאַנטשיק אין דער האַנד).

2) פערדעכטיגונג אָדער פערפאָלגונגס־מאַניע. זיי מיינען, אַז יעדער איז געגען זיי („דייטשלאַנד טאָר מעהר נישט זיין דאָס שפיי־קעסטעל פון דער וועלט" — קייזער ווילהעלם׳ס זוהן, פרינץ אויגוסט ווילהעלם).

3) בעזעסענהייט פון אַ מיסיאָנס־אידעע, פון אייגענער וויכטיגקייט (megalomania).

4) פאַלשע קלאָגערייען איבער פערגאַנגענע פאַסירונגען. זיי מיינען, אַז די פיינד האָבען זיך שוין לאַנג איבער זיי פערשוואָרען (דער דייטש קלאָגט איבער אַרומצינגלונג).

5) לאָגישער כאַראַקטער פון פאַראַנאָאידער דענקווייזע, אָבער באַזירט אויף פאַלשע פאָראויסזעצונגען. (די דייטשען האָבען געוואונען אָנהענגער אין נישט־דייטשע לענדער, געשמיצט אויף דער פאָראויסזעצונג: „ג־ט איז מיט אונז און זאָנסט נישט מיט קיינעם").

6) פעראַנטוואָרטליך מאַכען אַנדערע פאַרן אייגענעם אונגליק (פאַר דער בעזעצונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע האָבען די דייטשען געשריגען: די טשע־כען פלינדערען, שיסען און פייניגען די דייטשען; דאָס זעלבע האָבען זיי בעהויפטעט פאַר דעם אַריינמאַרש קיין פוילען).

7) דער פאַראַנאָאיקער מוז האָבען אַ קרבן (די יידען).

8) דער ענדליכער אויסדרוק פון דעם פאַראַנאָאידען כאַראַקטער איז מאָרד, אַ גרונדזעצליכער פסיכאָלאָגישער פאַקט".

דעם 7־טען פעברואַר 1939, האָט דער דייטשער „פילאָזאָף" ראָזענבערג, צוזאַמענגערופען אויסלענדישע פרעסע־פערטרעטער און האָט צו זיי געזאָגט צוו. א.: „אַ יידישער שטאַט איז אַבסאָלוט אָפּצולעהנען, ווייל דאַדורך וואָלט ענטשטאַנען אַ אַל־יידיש צענטרום, וואָס וואָלט אויפגעהאַלטען אייגענע געזאַנדשאַפטען, די דאָזיגע געזאַנדשאַפטען וועלען איינטרעטען פאַר די יידי־שע מינדערהייטען אין אַנדערע לענדער, און פערשאַפען אַ אזיל פאַר פער־

דעכטיגע יידען, כדי זיי דאַן מיט נייע נעמען און פעסער ווידער נאָך דעם אויסלאַנד צו שיקען. אויף די ווייזע וועט ענטשטעהן אַ צענטרום פון אויסבע־האַלטען דאָס האָכשטאַפּלערטום פון דער גאַנצער וועלט. די דעמאָקראַטיען זאָלען ליבער בעררייטשטעלען אַ אָפּגעשלאָסען טעריטאָריום, וואָס זאָל אויסרייכען פאַר אַלע יידען. אַלאַסקאַ מיט זיין האַרבען נאָרדישען קלימאַט וואָלט געווען אַ שאָד, עס שליסט זיך אונמיטעלבאַר אָן האָפּנונגספולע לאַנדשטריכען פון קאַנאַדאַ . . . פון אַ יידענשטאַט טאָר נישט היינט און נישט אין דער צו־קונפט די רעדע זיין. אַ רעזערוואַט מוז פאַר די יידען געשאַפען ווערען. ווען מי־ליאָנען יידען וועלען זיך אנזידלען, געביטעט עס די פּרימיטיווסטע מענש־ליכקייט, די יידען נישט זיך זעלבסט צו איבערלאָזען, נאָר יעדע גרעסערע קאָלאָניע זאָל אונטער די אויפזיכט פון אַ פּאָליציייליך גוט דורכגעבילדעטער פערשטאַנטוואָרטונג געשטעלט ווערען".

טרעפט דאָס אַלץ נישט צו אויף דייטשלאַנד? שטימען נישט די אַלע פון ראָזענבערג בעצייכענטע געפאַהרען אויף די דייטשען, וויבאַלד עס וועט נישט געשאַפען ווערען פאַר זיי אַזאַ מין רעזערוואַט אונטער אויפזיכט? די אינדיאַנער, ביי וועמען עס איז צוגענומען געוואָרען די נייע וועלט, מעגען יאָ האָבען אַ רעזערוואַט, און די דייטשען, וואָס צילעווען אויף די רואיני־רונג פון ביידע העמיספערען, נישט?

„יעדעם דאָס זיינע" האָבען די דייטשען אויפגעשריבען אויף די טויערן פון זייערע קאָנצענטראַציאָנסלאַגערן. וואָלט עס נישט געווען ראַטזאַם, זיך אָן דעם מאָטאָ צו האַלטען און עס אָן זיי אָנצואווענדען? דער הילטאי שטרייכער האָט געזאָגט: „די זון וועט נישט שיינען איבער די פעלקער פון דער ערד ביז דער לעצטער ייד וועט זיין טויט". קען דאָס נישט מיט רעכט גע־זאָגט ווערען איבער די דייטשע מאַסענמערדער, וואָס שטערען די זיכערהייט און דעם פרידען פון דער וועלט? נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען אַוועקגע־פיהרט די גאַנצע יידישע בעפעלקערונג צו דער שחיטה, פלעגען זיי אויף די מויערען פון די פון יידען אויסגעלערטע שטעדט אויפצוהענגען אויפשריפטען מיט דעם אינהאַלט: „די שטאָדט איז ענדליך יודענריין!" ווייסען די פעלקער נישט, אַז זיי וועלען קיינמאָל נישט קיין מנוחה האָבען, ביז זיי וועלען זיך ריינ־מאַכען פון דער דייטשער פעסט?

נייך, די לייכטזיניגע וועלט ווייס עס נישט, זי האָט נאָך אַלץ נישט בע־צאָהלט גענוג לערנגעלד, נאָך אַלץ מינימאַליזירט זי די סכנה, וואָס דראָהט איהר פונ'ם דייטשען מענשען שונא, ביז זי וועט איהר לייכטזין צום לעצטען מאָל גאָר טייער בעצאָהלען. מנה, תקל ופרסין, שטעהט דייטליך אויפגעשרי־בען אויף יעדער מתנה, וואָס ווערט דעם דייטשען וועלט־נעביכאַנט געגעבען,

אָבער די אונטערגאַנג שוואַנגערע וועלט האָט נישט קיין אויגען, די קלאָרע דבורים צו לעזען אָדער גאָר צו פערשטעהן.

## די וועלט׳ס תשובה.

נישט נאָר קיין אויגען האָט די וועלט נישט, אויך איהר האַרץ איז פער־שטאָקט, איהר נשמה איז פערשטיינערט, איהר גייסט איז פערטונקעלט. ווי דער דייטש, וויל אויך זי פון תשובה נישט וויסען, אויך זי בעקענט זיך נישט צו איהרע זינד און וויל נישט איינזעהן איהר שולד. זי קלאַפּט זיך נישט על חטא אויף דעם, וואָס זי האָט זיך מיטגעבאָדען אין יידיש בלוט, זי וויל נישט אַוועקווישען די טרערען פון די יתומים און וויגערט זיך צו פערנייען די וואונדען פון די אונגליקליכע, אין וועמעס טראַגעדיע זי האָט מיט־געשפּילט.

די גוים האָבען אַזוי מאַנכעס אונז נאָכגעטאָן. זיי מאַכען נאָך אונזערע ימים טובים, זיי ציטירען אונזערע נביאים, זיי זינגען אונזער תהלים. אָבער זיך צו שלאָגען אויף די ברוסט, צו בעקענען די זינד, מודה צו זיין די פעה־לער, אונזער תשובה, חרטה ועזיבת החטא, דאָס האָבען זיי נישט אָדאָפּטירט.

אדרבה, טאָמער טוען זיי אַמאָל אַ גוטע זאַך, טוען זיי תיכף תשובה אין דער פערקעהרטער ריכטונג. אויב זיי האָבען זיך בעת דער מלחמה פאַר־גענומען, די דייטשע בעסטיע איין מאָל פאַר אַלע מאָל אונשעדליך צו מאַכען, זיינען זיי חוזר, זאָגען זיי שבועתנא לא שבועות און ריכטען זי אויף. טרעפט זיך אַז זיי בעשטראָפען אַ געשטאַפּאָניק, האָבען זיי חרטה און אַמנעסטירען איהם. האָבען זיי אָנפאַנגס בעזייטיגט די נאַציס פון עפענטליכע עמטער, בע־דויערען זיי דאָס און זעצען זיי ווידער איין אין די העכסטע שטעלען, מכלומרשט ווייל זיי זיינען אַלס פאַכלייט אונענטבעהרליך פאַר די דייטשע ווירטשאַפט, ד. ה. פאַר די אייראָפּעאישע ערהאָלונג. זיינען זיי, אין אַ ליכטיגען מאָמענט, געקומען צום ענטשלוס, צו געבען די יידען אַ טייל פון ארץ־ישראל, האָבען זיי גלייך חרטה גע׳טענה׳ט און האָבען שקרופּעללאָז פערזוכט, דעם בעשלוס צו ברעכען; אַ מערכה אונזער העלדענהאַפטע יוגענד האָט זיי נישט געלאָזט ווייטער זינדיגען.

זעקס יאָהר לאַנג האָט זיך דאָס יידישע פאָלק געווינדעט אין אונמענשליכע יסורים, אַ דריטעל פון איהם איז דורך דעם דייטשען באַרבאַרען פאָלק אויף די ברוטאַלסטע וועיזע בוכשטעבליך אויסגעקוילעט געוואָרען. די פינסטערע וועלט האָט דאָס געזעהן און געוואוסט, זי האָט זיך אַלס אָהנמעכטיג ערקלערט און געשוויגען. זי האָט געשוויגען בעפאָר זי איז געווען אָהנמעכטיג (קיינע פון די אומות העולם האָט נישט פאַר דער מלחמה אָבגעבראָכען די דיפּלאָ־

מאַטישע בעציהונגען מיט דעם מאָנסטער וועגען זיינע רדיפות אויף יידען), זי שווייגט היינט, ווען זי איז שוין נישט מעהר אָהנמעכטיג, זי איז אָהנמעכטיג ווען עס קומט דאַצו, צו פערלאַנגען חשבון פון די וואגאַבונדען וואָס האָבען אַזאַ מיאוסע הריגה אַראַנזשירט.

נאָך היינט זוכט זי אַרויס די פעהלערען פון די — יידען. די יידען זיינען נאָך אַלץ די איללעגאַלע, די גרעניצשמוגלער, די נאָמאַדען, די שווינדלער, די צודרינגליכע, די אונגעבעטענע געסט, די דאָקומענטענפעלשער. נאָך אַלץ גיבט עס פאַר דער וועלט אַ יידען פראַגע; דאָס וואָרט דייטשענפראַגע קומט אין קיין שום וואָקאַבולאַר נישט פאַר, ווייל עס איז גאָר קיין פראַגע נישט, וואָס מען זאָל טאָן מיט די דייטשען, עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיי טאָר מען גאָר נישט טאָן, זיי טאָר מען נישט אָנריהרען, נאָר אויפבויען. אָבער בנוגע יידען, זיינען דאָ אַ היבש ביסעל פראַגען, וואו מען זאָל זיי אַהינטאָן, צו וועלכען טייוועל מען זאָל זיי שיקען, צי זאָל מען זיי אַסימילירען אָדער פּאָגראָמירען, צי זאָל מען זיי צווינגען אויפצובויען איראָפּע אָדער טרייבען עד חרמה (אָדער ביידעס, לשיטת בעווין), צי זאָל מען זיי פערזינקען אינ׳ם מיטעללענדישען ים אָדער לאָזען אויסממית׳ן דורך אַראַבישע באַנדען. דאָס זיינען אַלץ שפּעציפיש־יידישע פראַגען, וואָס פערארזאַכען אַזוי פיל קאָפּצע־ברעכען דער דענקשוואַכער וועלט. און אויב עס איז דאָ אַ דייטש, אויף וועמען די וועלט האָט יאָ אַ צאָרן, איז עס היטלער, דען ער האָט געטאָן בלויז ניין־און־ניינציג פּראָצענטיגע אַרבייט. ווען זי וואָלט געוואוסט, אַז ער איז נאָך נישט אין גאַנצען פערטיג, וואָלט זי געוואורט אַביסעל מיט דער אינוואַזיע. יעצט מוז זי זיין די שלעכטע און דערקאַנטשען שיקעלגרובער׳ס מלאכה. איז דאָס בטעמ׳ט ? פּאַסט דאָס פאַר אַ וועלט וואָס איז דעמאָקראַטיש, פאַר פעלקער וואָס זיינען יוניייטעד און פערטשאַרטערט מיט אַלע פעדערען פון אַ פרידענסטויב ? אויף דער אַנדערער זייט מוז דאָס שטיקעל אַרבייט געטאָן ווערען, ווי אונ־אַנגענעהם דאָס זאָל נישט זיין, און ווי אונפרייהייטליך דאָס זאָל נישט קלינ־גען. אויך אין דעם, ווי אין אַלעם, זיינען די יידען אַליין שולדיג. האָבען זיי זיך געזעצט אין קאָפּ אַריין פּאַלעסטיין. ס׳איז צוואַר געווען אַמאָל זייערס, מיר האָבען עס צוואַר זיי פערשפּראָכען, זיי האָבען טאַקע דאָרט שוין אַ סך אינוועסטירט און אויפגעטאָן און די יו־ען האָט אַפילו שוין בעשטעטיגט אַ יידישען שטאַט, דאָך געהט עס זיך עפּעס נישט איין, אַז יידען זאָלען ווע־רען זעלבסטשטענדיג, יידען זאָלען האָבען אַ אייגענע מלוכה און ווערען גלייך מיט אונז אַלע. ווי קומט עס ? אַ שטאַט ? דאָס איז נישט פאַר אַ ייד. דערצו זיינען יידען צו אַלט, צו יונג. ענגלאַנד אַ שטאַט און יידען אַ שטאַט ? און וואָס איז טאַקע מכח קאָנקורענץ ? מיר ווייסען דאָך יאָ וואָס יידען קענען אויפטאָן, אַז זיי קענען ענטוויקלען האַנדעל און וואַנדעל און אַז זיי טויגען צום געשעפט.

זיי וועלען אונז פערטרייבען פון דער לעוואַנט, פונ׳ם גאַנצען אָריענט און וועלען איינעהמען אונזערע פּאָזיציעס. ביז יעצט איז אַלץ וואָס דער ייד האָט אויפגעטאָן, אַריינגעפאַלען אין אונזער קעשענע. מיר האָבען נישט דערלייגט צו די יידישע זשעניעס, זיי האָבען פאַר אונז לענדער עראָבערט, אוצרות געזאַמעלט און פּאָליטישע שלאַכטען געוואונען, אַלע לעכער האָבען מיר געקענט פערשטאָפּען מיטן ייד. אַצינד, אויב דער יידישער קאָפּ וועט געהן אויף אייגענע קעסט, וועלען דאָך זיינע קאָפּשטיקלעך, זיין פלייס און אַרבייט זיין פאַר זיך, זיין איינפלוס פאַר זיך, זיינע בעציהונגען פאַר זיך, אַלץ פאַר זיך!

מילא די אַראַבער, זיי דאַרפען מיר ערשט אויסמענשלען און מאַכען פאַר אַ לייט, און ווען זיי וועלען שוין זיין אַ לייט, וועלען זיי זיין אונזערע לייט, אונזערע מענשען. אָבער איהר, יידען, איהר זענט דאָך שוין אַ לייט און נאָך וואָס פאַר אַ לייט, זאָלען מיר אייך לאָזען ווערען זעלבסטשטענדיג, איהר זאָלט אונז צונעמען דאָס לעצטע ביסעל אָפּזאַצגעביט? האָט דאָך שוין אונזער לאָרד בייראָן געזאָגט אַז די יידען ווערען נישט פערפאָלגט, ווייל זיי פערדינען עס, נאָר ווייל זיי פערדינען. עס טויג נישט, מכמה וכמה טעמים נישט. ווי וועלען אויסזעהן אונזערע קאָנזולאַטע אָהן לאַנגע יידישע רייהען פאַר פערשלאָסענע טירען? וואָס וועלען אונזערע אַראַגאַנטע פּאסבעאַמטע און שטרענגע גרעניץ־וועכטער טאָן? ניין, און דעפיניטלי נאָ. מיר זיינען קאָנזערוואַטיוו, מירן עס לאָזען ביים אַלטען, מיר מאַכען נישט קיין שנוים. ייד מוז בלייבען ייד, ד. ה. אַ היימלאָזער, אין ערגעץ נישט זיכער מיטן לעבען, איבעראַל זאָל ער לייסטען און פון קיינעם נישט אַנערקענט ווערען. ס׳איז דען געווען שלעכט ביז אַהער? ווילסטו זיין אַ מיניסטער, זיי ביי אונז, אונזער מיניסטער. דיין אינטעליגענץ וועלען מיר גוט פערווערטען, דיינע דיענסט קענען מיר בענוצען, מיט דיינע עצות קענסט דו אונז פערזעהן, אָבער פאַר דיר און דיין פאָלק טאָרסט דו נישט דאָס מויל אויפמאַכען. דו לעבסט און עקזיסטירסט פאַר אונז, דיך און דיינע אייגענענאַציאָנאַלע אינטערעסען וועלען מיר טויט שווייגען, מיר און אונזער וועלט פרעסע. און ווען מיר וועלען דיך נישט מעהר ברויכען, וועלען מיר דיך הייסען מוחל זיין. דו קענסט ווייטער צוזאַמענקלויבען ברייזאלעך פון פרעמדע רעגירונגסטיש, דו קענסט ווייטער בעלעבען און אויסברייטען אונזערע האַנדעלס בעציהונגען און מיר וועלען דיך רופען הענדלער און דרעה־קאָפּ; דו וועסט אונז ווייטער בעפרוכטען מיט רעליגיעזע געדאַנקען און מיר וועלען דיך בעשולדיגען אין ריטואַלמאָרד. דו וועסט אונז געבען אַ ביבעל און מיר׳ן זיין דאָס פאָלק פון דער ביבעל. דו וועסט געבען און מיר׳ן נעהמען, און וועסט דאַנקען דעם הימעל אַז מיר נעהמען. דו וועסט דיך אָפּפערען און מיר, די ווירטספעלקער, וועלען דיך אָפּפערען, ווען עס וועט אונז טויגען, וועלען מיר דיך אויך טאָלערירען. דו ביזט אַ

„עם הספר״, בלייב זשע ביים ספר, זיי פערטאָן אין רוחניות, אין אידעאַלען, אַלץ זאָלסטו זיין, נאָר נישט קיין עם המדינה, אַ יידישע מדינה? צונעהמען פון די אַראַבער, פון אונזערע צאַטשקעלעך, פון אונזערע פערבינדעטע, אַ גאַנצען האַלבען פּראָצענט פון די לענדער, וואָס מיר האָבען ערשט אַוועקגענומען פונ׳ם טערק און זיי געגעבען? און מיר זיינען אייך גאָר חושד, אַז איהר וועט אויסבויען דאָס שטיקעלע לאַנד און מאַכען אויס אַ וויסטע אַ גן־עדן און אויפבויען אַ אינדוסטריע און אַריינברענגען לעבען אין די מדבר, און אויפקלערען די אַראַבישע פּאַריאַס און מבטל זיין די עפענדיס בתכלית הבטול, און פערדרענגען די אַראַבישע וויסטען עקספּערטען און אונז אַלע מיט אַלע אונזערע אינטערעסען און פעראַנטוואָרטליכקייטען און אימפּעריאַליזמען. ניין, מיר טאָרען עס נישט דערלאָזען! אַ יידישע מדינה? אַ נייע מעשה, טאַקע נאָר אַ יידישע ערפינדונג. זייט ווען ערפינדעט אַ ייד פאַר זיינעטוועגן? דאָס אַלטע שפּיל מוז ווייטער געהן, דו בלייב אַ אינטערנאַציאָנאַלער, קאָסמאָפּאָליטישער ייד, העלף אויפבויען אייראָפּע, און פאַר דיר בלייב אַ עם הספר. צווישען איין שחיטה און דער צווייטער זאָלסטו ראָבאָטען פאַר די גוים און געדולדיג וואַרטען ביז זיי וועלען דיך ווידער פערטרייבען אָדער אויסשעכטען.

אַזוי האָט גע׳טענה׳ט בעווין, אַלס שפּראַך־רעהר פון די פעלקער, וואָס האָבען אונז געוואָלט ווייטער האָבען ביי זיך, אין גלות. ער האָט פערגעסען, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער צייט, ווען ער איז זיך געזעסען אין טשוירטשיל׳ס קריגס־קאַבינעט. ער האָט געוואָלט אונטערדריקען די אַסאָציאַציאָן וואָס בעשטעהט צווישען גלות און גאַז־קאַמערען. ער האָט געוואָלט פערלייקענען די טאַטזאַך, אַז גלות לאָזט זיך אויס מיט קרעמאַטאָריומס. פערשמועסען האָט ער אונז געוואָלט און מיד מאַכען. ער האָט אונז געוואָלט ווידער האָבען דאָרט, וואו מיר זיינען געשטאַנען בעפאָר די מאַסען שחיטות, מיר זאָלען ווייטער פאַנטאַזירען, חלומ׳ען פרעמדע חלומות און בעאַקערען פרעמדע פעלדער. דאַצו זיינען אָבער די בילדער פון מאַידאַנעק און בעלזעץ געווען צו פריש. די קינדער און קרובים פון זעקס מיליאָן מערטירער האָבען געזאָגט ניין. איהר ווילט אונז מאַכען פערגעסען, מיר געדענקען. מאַידאַנעק מוז האָבען געווען דער לעצטער אַקט פון דער ביטערער גלות־טראַגעדיע. מיר זיינען ענטשלאָסען אויפצוגעבען די ראָלען פון גלות, און דער ענטשלוס איז אַ אונווידעררופליכער און ענטגילטיגער. דער גרויזאַמער טויט פון אונזערע העלדען האָט אויס אונז געמאַכט אונבעצווינגבאַרע העלדען פון לעבען. לעבען ווילען מיר, אַ אייגען לעבען, אויף אייגענער ערד. אויף אַ אייגענער ביהנע ווילען מיר אויפטרעטען, מיט אייגענע חלומות און אַ אייגענער ווירקליכקייט. מיר לאָזען זיך נישט מעהר צוריקשלעפּען אין גלות אַריין. איהר ווילט אונז טויטשווייגען, מיר לעבען. אַלע פונ׳ם דייטשען יאָך בעפרייטע פעלקער האָבען

אירגענד אַ ענטשעדיגונג, פאַר אַלעם זייער פרייהייט בעקומען. מיר ווילען אויך אונזער פרייהייט, מיר ווילען אויך האָבען אַ היים, מיר ווילען אַהיים. גענוג געקעמיסיאָנעוועט, גענוג געוווייספּעפּערט, גענוג געפּרואווט און פער־הערט און אויסגעפרעגט. אונזער ענטפער איז אונזער ווילען, און אונזער ווילען איז אַ אייזערנער. מיר לאָזען זיך נישט אָפּהאַלטען נישט פון אייראָפּעער און נישט פון אַזיאַטען, נישט פון בעדריקער און נישט פון בעדריקטע. אויב אַראַבישע חוצפּה און געוואַלטאַקטען ברענגען ערפאָלג, אויב בלוט־פערגיסען און טעראָר קענען אַ יו־ען בעשלוס אין פראַגע שטעלען אָדער גאָר אַנולירען, אויב געזעץ, יושר געניגט אייך נישט, געהן מיר אויך מיט תקיפות, נישט אום אַ בעשלוס פון דער העכסטער אינטערנאַציאָנאַלער אוי־טאָריטעט בטל צו מאַכען, נאָר כדי איהר פּסק מקיים צו זיין. דאָס איז אונזער אונבייגזאַמער ענטשלוס, און ווער עס וועט זיך איהם אַקעגענשטעלען, וועט בייסען אויף גראַניט. דער יידישער שטאַט איז אַ פאַקט, כבר נברא, מיר וועלען איהם פערטיידיגען מיט אונזערע לעבענס.

דאָ איז בעווזין אַרויס פון זיין שטילען אינטריגאַנטענטום און איז איבער־געגאַנגען צו אָפענעם, אונפערשעמטען פרידענסברוך. אויס תמימות, אויס שיינהייליגקייט, אויס שמד־שטיקלעך, דער דזשענטעלמאַן האָט אויפגעהערט צו פערגלייזען די פרומע אויגען, ער האָט זיך נישט מעהר פערשטעקט הינטער פאַלשע אויסרעדען, נאָר איז אַרויס מיט דער פאַרב: יאָ, מיר שיקען געלד, פלוגצייגע און וואפען צו די אַראַבישע שטאַטען, אונזערע אָפיצירען פיהרען אָן דעם איבערפאַל אויף יידישע קינדער אין תל־אביב, ענגלישע טאַנקס צעטראמפּלען ירושלים. ענגלאַנד מוז זיינע פערפליכטונגען צו די אַראַבער איינהאַלטען, טויזענדע יידען מוזען פאַלען אין די גאַסען, ווייל ענגלאַנד מוז האַלטען וואָרט. און וואָס איז מיט דער פערפליכטונג פון דער בייבעל, וואָס זאָגט לא תרצח? דאָס פערשפּרעכען צו די אַראַבער איז דוחה דעם לאו. פערטראַג איז פערטראַג, אַ ענגלענדער האַלט זיינע פערפליכטונ־גען. ווער ווייס וואָס פאַר אַ פערפליכטונגען מאַנכע דיפּלאָמאַטען האָבען געמוזט איינהאַלטען אין דער קרעמאַטאָריאַל־צייט . . .

דער יו־ען בעשלוס פון נאָוועמבער 1947 איז פאַר בעווין נישט בינ־דענד. דער יו־ען בעשלוס איז גאָר נישט אין קראַפט געטרעטען. פאַרוואָס? ווייל דער נעמליכער בעשלוס האָט פאָרגעזעהן פערשידענע פאָרמאַליטעטן, וואָס זיינען נישט דורכגעפיהרט געוואָרען. פאַר וואָס זיינען זיי טאַקע נישט דורכגפיהרט געוואָרען? נישט דערפאַר ווייל ענגלאַנד האָט נישט ערלויבט די יו־ען קאָמיסיעס צו קומען קיין ארץ־ישראל?

אינצווישען האָט אַמעריקע, וואָס איז זיך פאַר אַ ווילע פערקראָכען אויף אַ קרומע ליניע, צוריק געפונען דעם גראָדען וועג און האָט אַ פרעג

געטאָן דעם דזשענטעלמאַן: היתכן, נעמסט מיין הלואה־מתנה־געלד און גיבסט עס אַוועק צו די אַראַבישע איבערפאַלער, ווערסט אַליין אַ אָנגרייפער, ערקלערסט די יו־ען פאַר הפקר? מאַכט זיך בעווין ווידער תמ׳עוואַטע און זאָגט: ווי באַלד די יו־ען וועט בעשליסען, אַז מען טאָר נישט שיקען קיין וואפען צו די אַראַבער, וועלען מיר אַלס טרייע חסידים פון דער יו־ען, אודאי, בלי נדר, בעטראַכטען אויפ׳סניי, וואָס צו טאָן. אָבער אַזוי לאַנג דאָס איז נישט געשעהן, קענען מיר, על פי יושר און לויטן בוכשטאַבען פונ׳ם טשאַרטער, ווייטער העלפען פערגיסען בלוט פון אונשולדיגע מענשען, וואָס זיינען אַרומגעצינגעלט פון ווילדע חיות, צווישען וועלכע עס געפינען זיך נישט נאָר ענגלישע סאָלדאַטען, נאָר אויך דייטשע באַנדיטען. דו אָנקעל סעם מוזט זיך דערווייל האַלטען אן דיין עמבאַרגאָ און צייגען אַז דו געהסט אויך על פי יושר.

קומט עס צו דער יו־ען, זיצט זיך דאָרט דער ענגלענדער, ווידער מיט פערגלייזטע אויגען, און זאָגט: די אַראַבער ווילט איהר וואָרענען? קודם מוז מען פעסטשטעלען, ווער עס איז דער אָנגרייפער. לויט אונזער אויפפאַסונג איז עס גאָר דער ייד. די אַראַבער זיינען גאָר אונשולדיגע לעמערליך, אַזוי אונשולדיג ווי מיר ענגלענדער אַליין. דראָהען טאָר מען די אַראַבער מיט גאָרנישט, מיר לאָזען קיין שום בייז ווינטעל איבער אונזערע פערבינדעטע ווייען. דאָס איינציגע, צו וואָס מיר׳ן יאָ מסכים זיין (און דאָס אויך ערשט אונטער דעם דרוק פון אַמעריקאַ׳ס נייעסטער ענערגישער שטעלונג) איז, אַז מען זאָל ביידע, דעם אָנגרייפער און דעם אָנגעגריפענעם הייסט עס, אויפפאָדערען איינצושטעלען דאָס פייער. ווי אימער, האָט דער ענגלענדער צייט, ער האַלט אבסטרוקציאָנס רעדעס און לאָזט זיך אַריין אין אַ אויספיהרליכע בעהאַנדלונג פון אַ אַנטראַג, וואָס דער אַראַבישער פערטרעטער אינ׳ם זיכערהייטס ראַט האָט אַריינגעבראַכט. דער אַראַבער איז נעמליך געווען שטאַרק אויפגעבראַכט, וואָס די אַמעריקאַנער רעזאָלוציע רעדט פון אַ יידישער רעגירונג. אמת׳ע רעגירונגען זיינען עגיפטען, סיריען און אַלע אַראַבישע לענדער וואָס באָמבאַרדירען יידישע שטעדט און פערניכטען דאָס לעבען פון טויזענדער מענשען, זיי זיינען לעגאַלע מלוכות, זיי מעגען ווייטער זיצען אין דער יו־ען און זאָגאַר זיין פרעזידענטען פונ׳ם זיכערהייטס־קאָונסיל, כאָטש דער טשאַרטער פערפליכטעט זיי אויסצוטראָגען טעריטאָריעלע דיפערענצען נאָר אויף אַ פרידליכען אופן; די איינציגע עוולה איז נאָר, וואָס די איבערפאַלענע ווערען איללעגאַלערווייזע אָנגערופען רעגירונג. די אַראַבער ווילען אויך רופען אַמעריקע צום האַאַגער טריבונאַל, ווייל „געזעצליך” האָט אַמעריקע נישט געטאָרט אַנערקענען דעם יידישען שטאַט. די אַראַבער זיינען זאָגאַר געגאַנגען אַזוי ווייט, צו דראָהען מיט דעם אויסטריט פון דער יו־ען. אויב די

יו־ען האָט זיי נישט אויסגעשלאָסען אַלס פרידענסשטערער, ווילען זיי נישט זיצען אין דער יו־ען צוזאַמען מיט קריגסשטערער. אָבער עס איז דערצו נישט געקומען. די גוטע ענגלענדער האָבען דאָס נישט צוגעלאָזט. די אַראַבער זיינען נישט געשטערט געוואָרען אין זייערע הריגות. ענגלאַנד, און זאָגאַר פראַנקרייך האָבען איינגעזעהן, אַז דעם טיטעל רעגירונג פערדינען נאָר די קריגספערברעכער, אָבער די בעקריגטע יידישע מדינה איז בלויז אַ אויטאָריטי. אין דייטשלאַנד זיינען קאַנאָנען וויכטיגער געווען ווי פּוטער, אין אַנגלאָ־אַראַביע איז די פראַגע פון אַ נאָמען וויכטיגער ווי די צערשטערונג פון ירושלים. אַ חוץ דעם נצחון אין דעם ענין נאָמען, האָט בריטאַניע נאָך אַ זיג אין דער יו־ען געפייערט: עס איז איהר געלונגען דעם אַמעריקאַנער אנטראג נידערצושטימען. אויך דער ענגלישער טריאומף איז צושטאַנדגעקומען מיט פרעמדער הילף, נאַטירליך. כינא און בעלגיען זיינען איהר בייגעשטאַנען. וואהרשיינליך האָט בעווין זיי אין אויסזיכט געשטעלט, אַז וויבאַלד זיי וועלען שטימען געגען דעם אַמעריקאַנער אנטראג, וועלען זיי האָבען אַ גרעסער חלק אין די אַמעריקאַנער הלוואות און מתנות.

אנשטאָט דעם צילבעוואוסטען אַמעריקאַנישען אָנטראָג, איז אָנגענומען געוואָרען דער גאָר נישט זאָגענדער ענגלישער פאָרשלאג. דער זיכערהייטס ראַט האָט ווייטער געטאגט און די פּאַרלאַמענטאַריער פון דער וועלט האָבען געוואַרט און אַרויסגעקוקט אויף די תשובה פון די אַראַבישע מדבר־פּרע־זערווער וואָס לעבען פון די אָפּגעטראָגענע קליידער וואָס דער בעשענקטער שענקט זיי. קומט זיך אַריין דער בריפטרעגער און ברענגט צוויי טעלעגראַמעס. איינס איז פון ירושלים, דאָס צווייטע פון מצרים. אין דעם ערשטען בעטען די רבנים רחמים ביי דער גוי׳שער וועלט, זי זאָל מציל זיין ירושלים און הונדערט טויזענד יידען פונ׳ם אונטערגאַנג, אויף די גאַסען ליגען אונגעצהליגע טויטע, מען קען זיי נישט קובר זיין, די אַראַבער שיסען אַריין אין די יידישע שפּיטעלער און הייזער, עס איז נישטאָ קיין ביסעל וואַסער, קיין ליכט, די בעלאַגערער פערניכטען הייליגע פלעצער, זיי שענדען ספרי תורה, זיי מאַכען חרוב די הייליגע שטאָדט, געוואלד, פעלקער, נעמט אייך אָן פאַר אונז! אין דעם צווייטען טעלעגראַם פערלאַנגט די אַראַבישע וועלט קורץ און קאַטעגאָריש פון דעם קאָונסיל וואָס זאָרגט פאַר דער זיכערהייט פון דער וועלט, עס זאָל איהר ערלויבט זיין נאָך 48 שעה צו שיסען, צו באָמבאַרדירען, צו מאָרדען, צו צעשטערען. אפשר וועט עס איהר דערוויל געלינגען ירושלים חרוב צו מאַכען און נאָך טויזענדע יידען אומצוברענגען (ח״ו). די אַראַבער זיינען נאָך נישט פערטיג מיט זייערע בעראטונגען, און אָהן די קנאַלעריי פון קאַנאָנען, אָהן דעם געוויין פון פערוואונדעטע קענען זיי נישט פערהאַנדלען, ביים גערויש פון די האַרמאַטען וועט זיי דער מוח בעסער שפּילען. דער

אַראַבישער פערלאַנג איז זאָפאָרט און איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען: יאָ, פּרא אָדם, אויב עס דעבאַטירט זיך דיר בעסער, ווען יידיש בלוט שפּריצט פון דיין מעסער, ווי עס פלעגט צו זיין די טבע פון דיין שותף דעם דייטש, פערגיס זשע ווייטער יידיש בלוט, הרג׳ע ווייטער, חבר פון דער יו־ען. און וואָס איז מיט דעם פערצווייפעלטען הילפרוף פון ירושלים עיר הקודש געשעהן? נישט איין וואָרט האָבען די שרים פון די בני עשו דאריבער פערלוירען. וואָס די בני ישמעאל האָבען דערצו געזאָגט? געטאָן האָבען זיי, ווייטער און נאָך ווייטער געמאָרדעוועט, די 48 שעה זאָגאַר מיט דער איינשטימיגער הסכמה פון דער יו־ען.

אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער יונייטעד פּרעס ערוועהנט אין זיין בעשרייבונג פון דעם ירושלים׳ער שלאַכטפעלד, אַז ער האָט בעאָבאַכטעט, ווי „בעת די קאַנאָנען האָבען געקלונגען און געשפּריצט פייער, האָבען אונטען אינ׳ם טאָל שוואַרצע ציגען רוהיג ווייטער געפּאַשעט און האָבען נישט איבערגעריסען דאָס קייען פון גראָז״. אַזוי איז עס אויך געווען מיט די מענשליכע ציגען. די אַראַבער האָבען חוצפּה׳דיג אָפּגעלעהנט דעם וואפען שטילשטאַנד און די ציגען פון דער יו־ען האָבען ווייטער געפּאַשעט, דעבאַטירט הייסט עס. די איינציגע ציג אין שוואַרצען פראַק, וואָס האָט יאָ געהאַלטען אַ אויג אויף די פאָרגענגע, איז געווען בעווין. ער האָט געטאָן צו דער זאַך און איז געשטאַנען אויף דער וואַך אַז עס זאָל גאָר נישט געטאָן ווערען לטובת דעם ישוב. זיין ציל איז געווען, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַריינמישען, ביז דער ישוב וועט פערבלוטען. ווען זיין פאָרגענגער, היטלער, פלעגט צו איבערפאַלען לענדער, האָט ער געטראַכט, צו איזאָלירען דאָס קרבן און האָט אויפגעפּאַסט, אַז אַנדערע זאָלען איהם נישט צו הילף קומען, ער האָט זיך זעהר אויפגערעגט, ווען אַ שטאַט האָט „פערלעצט״ די נייטראַליטעט און זיך יאָ געוואָלט אַריינמישען צווישען איהם און דעם אָנגעגריפענעם לאַנד.

בעוואָפענטע דייטשען האָבען געמעגט אין טיפסטען פרידען אַריין אין די האָלענדישע שטאָדט ווענלאָ, דאָרט הרג׳ענען אַ האָלענדער און געוואַלטזאַם ברענגען פינף מענשען קיין דייטשלאַנד; דייטשע אַגענטען האָבען געמעגט דעם 9־טען נאָוועמבער 1939 אַריבער די האָלענדישע גרעניץ און ענטפיהרען 2 ענגלענדער (בעסט און סטיווענס); די דייטשען האָבען געמעגט זינקען דאָס נייטראַלע שיף „סימאָן באָליוואַר״ און ברענגען טויט איבער הונדערטער נייטראַלע רייזענדע; צו דערזעלבער צייט איז דער דייטש געווען דער יעניגער, וואָס האָט אויפגעפּאַסט, אַז קיינער זאָל נישט חלילה עמיצענס נייטראַליטעט אָנריהרען. צו דער מלאכה האָט ער קיינעם נישט צוגעלאָזט.

היטלער בשעתו האָט שטרענג געוואַכט איבער די פערפאַסונג פון דער יו־עס, זי זאָל נישט פון רוזוועלט פערלעצט ווערען. בעווין בזמננו נעמט

זיך שטאַרק אָן פאַר דעם טשאַרטער פון דער יו־ען און פאַסט זעהר אויף, אַז אַמעריקע און פראַנקרייך זאָלען חלילה נישט אינטערוועניערען אָדער אויפ־הייבען דעם עמבאַרגאָ, ער מעג אַריינברענגען די אַראַבישע לעגיאָן קיין ארץ־ישראל און זי דאָרט איבערלאָזען אויף די וויכטיגסטע שטיצפונקטען; ער מעג האַלטען פערמאַכט דעם פאָרט פון חיפה שוין נאָך דעם מאַנדאַט; ער מעג שיקען קריגס־מאַטעריאַל צו די אַראַבער און זיי דעקען אויף דעם דיפּלאָ־מאַטישען פעלד, אָבער ווען אַמעריקע רעדט פון אַ אַנלייהע צו די יידען, איז בעווינ׳ס כעס אין לשער. ער וואָרענט אַמעריקע און דראָהט פראַנקרייך, זיך נישט צו מישען. אַלץ וואָלט געגאַנגען כשורה, זאָגט ער, ווען אַמעריקע וואָלט נישט מיט איהרע מילדע רייד דערמוטיגט די יידען, ווען טרומאַן וואָלט נישט אַזוי פיל געפלאפּעלט, ווען אַמעריקע וואָלט נישט געשטאַנען ערב וואַהלען. אַמעריקע איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דער פערלענגערונג פונ׳ם „קאָנפליקט״ . . . ביז דייטשלאַנד וועט זיך האָבען אין גאַנצען ערהאלט און די אַראַבער וועלען האָבען אין גאַנצען געזיגט, האָט בעווין געוואלט זיין דער עקטינג פּרעזידענט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רוצחים קליקע. ער האָט זיך אָנגעאייגענט אַלע דייטשע מעטאָדען פון וועלט־פערבלענדונג. ווי היטלער בשעתו, מאַנאָפּאָליזירט ער דעם שווינדעל פאַר זיך, צו בעגעהן אַ פערברעכען האָט נאָר ער אַליין דאָס רעכט, און לאָזט קיינעם נישט אויף קיין שום עברה׳לע עובר זיין. ווער עס שטימט נישט איין מיט איהם איז אַ באָלשעוויק אָדער גאָר אַ ייד.

דזשאָן בולל האָט זיך אָנגעטאָן אַ אַראַביש מיצעל און אונטער דעם נאָמען דזשאָן גלוב פּאַשאַ בעגעהט ער מעשים, וואָס שמעקען מיט אַ קריגספערברעכער פּראָצעס אַלאַ נירנבערג. אָבער אַמעריקע טאָר נישט אַפילו לאָזען פאַלען אַ גוט וואָרט צוגונסטען די יידען. וואָס בערעכטיגט בעווין צו אַזאַ נידעריגען האַס און צו אַזאַ אונמענשליך פאָרגעהן? די תשובה איז: די 2 סאַרדזשענטס. וואָס איז געווען פאַר די 2 סאַרדזשענטס? און אונזערע סארדזשענטס, שטרומא און פאַטריא, אונזערע סאַרדזשענטס וואָס זיינען אויפ־געהאַנגען געוואָרען, ווייל מען האָט ביי זיי געטראָפען אַ פּיסטאָל? זייער לעבען איז אשפה? ווייל זיי זיינען נישט קיין דזשענטעלמענער, ד. ה. זיי שיקען נישט קיין וואפען צו ווילדע באַנדיטען צו שיסען אויף פרויען און קינדער? און נאָך אַ שאלה: האָבען נישט די דייטשען מעהר ווי צוויי ענגלישע סאַרדזשענטס אומגעבראַכט, אַפילו נאָכן אונטערגעבען זיך, נאָכן אַרונטערפאַלען פון אַ פלוגצייג? זיינען זיך די ענגלענדער אַ סך נוקם אָן די דייטשען?

די השגחה העליונה האָט געלאָזט די אומשטענדען אָננעמען אַ ענט־וויקלונג, וואָס איז געווען דיאַמעטראַל ענטגעגען געזעצט צו די השערות פון בעווין־ענגלאַנד. די יידישע קעמפער האָבען בעוויזען העראָאישקייטען,

אויף וועלכע בעווין האָט זיך נישט געריכט. נישט נאָר האָבען זיי זיך נישט גע־לאָזט זאַדישען פון די זיבען אַראַבישע שטאַטען מיט ענגלאַנד אַלס אַרויס־העלפער, נאָר זיי האָבען אין עטליכע טעג נאָך דעם סוף פונ׳ם וואפענשטיל־שטאַנד דערלאַנגט די אַנגרייפער אַזעלכע קלעפּ, אַז בעווין האָט געמוזט איינ־זעהן, אַז דאָס איינציגע, וואָס קען רעטען זיינע אַראַבער און זיך זעלבסט, איז מסכים צו זיין צו דער שאַרפער נאָטע, וואָס זי האָט ביז יעצט פערהינדערט. דאָס האָט געהאַט אַ זאָפאָרטיגע ווירקונג. יעצט האָבען די אַראַבער שוין נישט מעהר פערלאַנגט קיין פּראָלאָנגאַציעס און נישט געפרעגט קיין שאלות. יעצט האָט זיי שוין געפּאַסט בעדינגונגסלאָז נאָכצוגעבען. די אַראַבער האָבען אויפ־געהערט ווילד צו זיין און ענגלאַנד איז געוואָרען „ריזאָנעיבל״. די וועלט איז ענדליך געקומען צו דער מסקנה, אַז די גערעכטע לעזונג פון דער ארץ־ישראל פראַגע איז דער דינאַמאָמעטער פון דער יו־ען, און אַז פון איהר פעסט־האַלטען אָן דעם בעשלוס פון נאָוועמבער 1947 הענגט אב דער מאָראַלישער בע־שטאַנד פון אָט דער אינסטיטוציע. בעווין האָט צוואר נאָך מיט די לעצטע כחות מאַנעווירט, און פּרובירט, די יו־ען צו בעוועגען, די יידען צו שטעלען אונטער דעם דרוק פון סאַנקציעס (אַ זאַך, וואָס ענגלאַנד האָט פריהער, ווען די אַראַ־בער האָבען געהאַט מיליטעריש די אויבערהאַנד, אָבגעלעהנט, „ווייל די יו־ען בעזיצט נישט קיין פּאַקטישע מאַכט און פערפיגט נישט איבער קיין אַרמעע״), אָבער עס האָט זיך איהם גאָר נישט איינגעגעבען; ער האָט יעדעסמאָל בע־געגענט די אייזערנע מויער, וואָס איז אויפגעריכטעט געוואָרען מיט דעם בלוט און אידעאַליזם פון דער יידישער יוגענד. אַלע אינטריגען און אַטאַ־קעס, די באָבע־מעשות פונם בעדראָהטען סועץ־קאַנאַל און די אונגעבעטענע אינטערווענץ לטובת עגיפּטען, אַלע פאַנטאַסטישע שמיעות און פערצווייפעלטע האַנדלונגען האָבען זיך אויסגעלאָזט מיליטעריש, פּאָליטיש און מאָראַליש מיט אַ בעוויניש־מופטישען דאַנקירק.

אַזעלכע צרות מוז די כשר׳ע וועלט אויסשטעהן פון די פּראָבלעמאַטישע יידען. איז עס אַ וואונדער, וואָס מיר האָבען זיי פיינט ווי אַ שפּין? דורך זייער איינגעשפּאַרטקייט, דורך זייער פאַנאַטיזם, דורך זייער שטרעבען צו זעלבסט־שטענדיגקייט קען עס זאָגאָר קומען צו אַ נייער וועלט־מלחמה. לחלוטין אַנ־דערש פערהאַלט עס זיך מיט די דייטשען. נישט זיינען זיי אויסגעוואָרצעלט, נישט זיינען זיי איללעגאַל, נישט פעלשען זיי דאָקומענטען, נישט מאַכען זיי פאַלשע פּעסער, נישט שוואַרצען זיי זיך איבער גרעניצען (דער ערגסטער דייט־טשער מערדער קען שוין רוהיג זיצען אין דער היים), נישט פערשוואַרצען זיי דעם האַנדעל און נישט פערדאַרבען זיי עמיצענס זיטען. זיי פערפּלאָנטערען נישט די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, זיי פעראורזאַכען נישט קיין נייע מלחמות, העכ־סטענס הייבען זיי אַליין אָן אַ מלחמה, איז אויך גוט, פערשפּאָרען זיי אונז די

דאגות וואָס ערב־מלחמה־צייטען ברענגען מיט זיך. די דייטשען שטעלען מיט זיך נישט פאַר קיין שום פּראָבלעם. די איינציגע זאָרג וואָס מיר האָבען וועגען זיי, איז בלויז, ווי גרויס זייער רייך זאָל זיין, ווי מען פערהינדערט אַז קיינער זאָל ביי זיי נישט צונעהמען חלילה אַ ברעקעל טעריטאָריע, און דער עיקר, ווי שנעל מען בעפרייט זיי פון די יידישע די־פּיס, ווי מען שטעלט זיי, די דייטשען, צוריק אויף די פיס. זיי האָבען זיך דאָרט אַ שטיקעל צייט פערבלאָנדזשעט און האָבען עפּעס אַזוי פיל און אַזוי פיל מיליאָנען אַוועק־געבערענגט פון דער וועלט, דאָס איז גאָרנישט, אין דעם זיינען זיי נישט שולדיג. דאָס האָט אַ האַנדפול שלעכטע דייטשען געטאָן, וואָס האָבען זיך מיט געוואַלט אַרויפגעצוואונגען אויף די גוטע דייטשען, וועלכע בעשטעהן אין דער מעהרהייט אויס לויטער תכשיטים, מושלמים און פאָלקאָמענע מענשען, (אַ פאָלקאָמענע נידערטראַכט איז דאָך אויך אַ פאָלקאָמענהייט). און אַפילו די פערפיהרער האָבען זיך אויך געלאָזט דענאַציפיצירען און ריעדיוקעטען. איז עס דאָך אַ זעלבסטפערשטענדליכקייט, אַז אַן זיי דאַרף מען אויך אנווענדען די פּרינציפּען פון רחמנות מיטן געשלאָגענעם, פון ריטערליכקייט און ליב־שאַפט. איז עס קיין ספק נישט, אַז זיי דאַרף מען האָדעווען און פילנעווען, לעשטשען און פערהעטשלען, וועמען דען, די פּראָבלעמאַטישע, שווערערציה־באַרע קינדער פון די טרעמבלינקער קאַלד־איוועגס?

אַזוי זעהט אויס די תשובה פון דער אַטאָמרייכער, מבול־רייפער וועלט. דאָס איז די „נקמה" פאַר די אויסגעשאָכטענע זקנים, פאַר די לעבעדיגערהייט בעגראָבענע יידישע מענער און פרויען, פאַר די פערברענטע קינדער. אַי, וואו איז דאָס געוויסען פון דעם פערזעהעניש, וואָס רופט זיך מענשהייט? וואו איז מאָראַל, וואו גערעכטיגקייט? דאָס אַלעס האָט נאָר אין דער פאַנ־טאַזיע פון דער יידישער מאָדערנע עקזיסטירט, נאָר פאַנטאַסטען האָבען דערין געגלויבט. אונזערע פערצייטישיקע, אַלטמאָדישע, „פאַנאַטישע" יידען מיט זייער רעאַליסטישען בליק אויף די אומוועלט האָבען קיינמאָל נישט געזעהן קיין גרונד, צו האָבען פערטרויען אויף דעם חסד לאומים. ווער עס האָט נישט געגלויבט אין דער ציוויליזאַציע הקדושה, ווער עס האָט נישט געבויט זיינע האָפענונגען אויף גוי'שע אנשטענדיגקייט, דער האָט זיך פער־שפּאָרט די שפּעטערע ענטוישונגען, דער האָט נישט געמוזט ערשט דורך די ביטערע ווירקליכקייט אויסגעניכטערט ווערען.

וואו איז אָבער דאָך דער טאַקט, די פיעטעט כלפי די אומגעקומענע? וואו איז דאָס פיינגעפיהל, וואו דאָס רחמנות מיט די לעבענגעבליבענע קרבנות? מילא, די טויטע איז דאָך אָפּגערעדט, זיי שווייגען דאָך. און ווידער די רעשט־ליכע שפּליטער פון צעבראָכענע יידישע קינדער, זיי זיינען דאָך צו שוואַך אום צו ריידען, און פאַר שוואַכע האָט די עבודה זרה פּאָליטיק קיין מורא נישט.

פּאָליטיק רעכענט זיך מיט שטאַרקע, מיט אַ קאָרפּאָראַטיווער מאַכט, נישט מיט שפּליטער. וועלט דיפּלאָמאַטען רעכענען זיך מיט פעלקער, וואָס קענען בשעת הצורך אויפשטעלען גרויסע רעגימענטער און וועלכע בעוואוינען גרויסע, צענ־טראַל געלעגענע לענדער. די אַלע מעלות האָבען די דייטשען, דאָס אַלץ פעהלט די יידען.

כהיום, איז עס נישט איינפאַכער און פּראַקטישער, גוי׳שער און „מענש־ליכער״, צו זאָגען אל תזכור, צו פערלירען דעם זכרון, צו פערטושען דעם מאָרד, צו פערגעסען די ערמאָרדעטע און צו פערגעבען דעם מערדער?

פערגעסען?

יאָ, דער פער׳סדומ׳טער וועלט איז עס לייכט צו פערגעסען. איהר איז לייכט צו פערלירען דעם זכרון, ווייל זי האָט נישט וואָס צו פערלירען, וואָס צו געדענקען. פערגעסליכקייט איז פאַר די אומות אַ כשר׳ע מציאה, ווייל דאַמיט ווערט צוגלייך פערגעסען זייער מיטשולד, זייער חלק אין די שחיטות. דאָס שווייגען פון היינט פערדעקט די חרפּה פון זייער נעכטיג שווייגען. מיט דעם כח פון שכחה קענען זיי דאָס רשעות פון נעכטען היינט איבערחזר׳ן, אָן די לעבענגעבליבענע. זיי קענען פערגעסען, זיי איז לייכט צו פערגעסען.

אָבער מיר, די קרובים, דאָס פלייש און בלוט פון די מערטירער, מיר די בעטראָפענע, די אַזוי שווער געטראָפענע, מיר קענען נישט פערגעסען די פערגעסענע, מיר טאָרען נישט טויטשווייגען די טויטע, אונזער זכרון וועט נישט לאָזען פאַלען די יעגי׳גע, וואָס זיינען געפאַלען אַלס העלדען אויף דעם מזבח פון יידישער אייביגקייט.

וואָלט דער חורבן, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט איבער אונז געבראַכט, בעשטאַנען בלויז אין דער פערניכטונג פון יידישען האָב און גוטס, בלויז אין דער צערשטערונג פון אונזער מאַטעריעלער עקזיסטענץ, וואָלטען מיר, אַלס פאָלק וואָס גלויבט הויפּטזעכליך אָן דעם ווערט פון גייסטיגקייט, אונז אפשר געקענט פערגינען, מיט דער צייט, צו לאָזען איינטרעטען אַ בערוהיגונג אין אונזערע געמיטער. אָבער דער גרויזאַמער פיינד האָט אויך אונזערע גייסטיגע אוצרות רואינירט, און נישט נאָר דאָס, ער האָט אויך אַלע אונזערע נאָהענטע אומגעבראַכט און נישט צוריקגעלאָזט קיין זכר פון זיי. אַ גאַנץ פאָלק האָט ער בוכשטעבליך דעצימירט און אָפּגעמעקט. מיליאָנען יידישע משפחות זיינען נעלם געוואָרען, און מיר וויסען נישט, וואו זייער געביין איז אַהינ־געקומען. טייערע, ווערטפולע מענשען, לייבליכע ברידער און שוועסטער זיי־נען אויפגעגאַנגען אין אַש און רויך, און מיר וויסען אַפילו נישט, וואו און ווען דאָס איז געשעהן. אַפילו דער טאָג פון זייער יאָהרצייט איז אונז פער־

הוילען, אַ קבר וואו זיך אויסצואווייגען האָט אונז דער דייטשער אכזר נישט איבערגעלאָזט. די הייליגע ערטער האָט ער געשענדעט, די נפטרים פון דורות אין זייער לאַנגער, עוויגער רוה געשטערט, די קברים און מצבות פון אונזערע זיידעס בעזודעלט. ער האָט אויסגעבערענט יעדע שפור פון אונזערע הייליגע שאַצקאַמערען, וואו עס זיינען געווען אויפגעזאַמעלט די ווייטאַמינס פון אונזער קדושה־לעבען. אוי ווי גרינדליך און ווי ראַדיקאַל האָט דער דיאַבאָ־לישער פיינד עקסטערמינירט, ווי טיף האָט ער אונז געטראָפען! אַלץ, אַלץ האָט ער פון אונז צוגערויבט.

דאָס איינציגע, וואָס איז אונז געבליבענע געבליבען, איז די עראינערונג, דער זכרון, דאָס וועהמיטיגע געדענקען אָן די מערטירער און זייער ביטערען סוף. דעם זכרון לאָזען מיר אונז נישט אַוועקנעהמען, דעם שמערץ אין אונ־זערע פערוואונדעטע הערצער, די אונאויסשפרעכבאַרע ליידען פון אונזערע קרובים און דעם פלאַמענדען צאָרן איבער זייערע דייטשע פייניגער, דאָס לאָזען מיר נישט פון אונזער געדעכעניש אַרויסרייסען. נאָך קאָכט עס אין אונז און זידט עס, נאָך נאָגט און צעהרט אין אונז דער וועהטאָג, נאָך ברויזט עס אין אונזער בלוט און ברענט עס אין אונזערע אברים. עס ציטערט אונזער נשמה פאַר צער, זי פערגעהט פאַר יסורים. דער חורבן האָט זיך איינגעניסטעט אין דער טיפעניש פון אונזער אינען־לעבען, ער געהט אונז דורך מאַרך און ביין און ער בעשעפטיגט אונאויפהערליך אונזער מחשבה. דאָס בילד פון די פערפאָלגטע פערפאַלגט אונז אויף יעדען שריט, טאָג און נאַכט, עס בעהערשט אונזערע חלומות און וועקט אונז אויף פונ׳ם אונרוהיגען שלאָף. יעדען טאָג איז דער פיין פרישער, דאָס רחמנות מיט די קרבנות טיפער, דער האַס געגען די מערדער מעכטיגער, געוואלטיגער. אַלץ וואָס איז אין אונז געהט אויף אין שמערץ און אונפאַסבאַרקייט, יעדער צוג פון אונזער אָטעם שטורעמט נאָך אָפּצאָהל.

ווי קענען מיר פערגעסען אַ געשעהניש, וואָס מיר האָבען נאָך נישט בעוויזען צו פערשטעהן, פאַר וועלכען עס איז נאָך נישט געפונען געוואָרען דער ריכטיגער אויסדרוק? ווי קענען מיר פערגעסען אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס איז אונערמעסליך, וואָס איבערשטייגט די מענשליכע פאַרשטעלונגס־קראַפט און האָט נישט איהר גלייכען אין דער מענשהייטס־געשיכטע?

און וועמען זאָלען מיר פערגעסען? די אייגענע עלטערען? די אייגענע געשוויסטער, די אייגענע קינדער, וואָס זיינען אויף אַזאַ שרעקליכען אופן געגאַנגען פון דער וועלט? פערגעסען די מתים וואָס זיינען נישט געקומען צו קבר ישראל, די מתים, וועמענס ביינער ליגען נאָך אַרום אין די וועלדער און צווישען די חורבות פון זייערע הייזער? האַלטען מיר דאָך נאָך פאַר סתימת הגולל, איז דאָך פאַר יעדען ייד נאָך מתו מוטל לפניו. מי שמת לו מת שהוא

חייב להתאבל עליו, קודם קבורה כו׳, אפילו הוא בעיר אחרת, אינו מיסב ואוכל, ואינו אוכל בשר ואינו שותה יין כו׳ (יו״ד סי׳ שמ״א ס״א). אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען נאָך נישט געבראַכט געוואָרען צו קבורה, געפינען זיך דאָך מיר, זייערע קרובים, אין דעם צושטאַנד פון אַנינות. טאָרען מיר דאָך נישט מקבל תנחומין זיין. און ווער קען אונז טרייסטען, ווער וויל אונז טרייסטען?

ווי קענען מיר פערגעסען אַ בראָך, וועלכען מיר האָבען נאָך נישט גע־ביהרענד בעטרויערט, נאָך נישט ענטשפּרעכענד בעקלאָגט, וואָס קען קיינמאָל נישט גענוג בעקלאָגט ווערען. בשעת מעשה, ווען דאָס אונגליק איז געשעהן, זיינען מיר „פערשווינטעט״ נישט דערביי געווען און האָבען נישט דירעקט מיט־געליטען. מיר זיינען „אָפּגעהיט״ געוואָרען אַפילו פון דעם צער וואָס אַ מענש עמפּינדעט, ווען ער וואוינט ביי אַ טרויעריג עראייגעניש. מיר האָבען נישט מיט אייגענע אויגען געזעהן דאָס חשכות און זיינען נישט געשטאַנען דערביי, בשעת די פילע ליכטער זיינען אויסגעגאַנגען און די הערליכע מנורות זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען. דערנאָך, ווען דער חורבן איז בעקאַנט גע־וואָרען, איז שוין אַלץ געווען אַ שמועה רחוקה און ממילא די טרויער אַ מי־טעלבאַרע, אַ כלי שני׳דיגע. די דיסטאַנץ פון אָרט און צייט האָט גורם געווען, אַז מיר זיינען נישט געקומען צום ריכטיגען טעם פון אבלות און מיר האָבען זיך נישט רעכט אויסגעוויינט דאָרט וואו מיר וואָלטען זיך בעדאַרפט בלינד־וויינען. די לעבענגעבליבענע מערטירער האָבען אויך נישט געהאַט קיין מעגליכקייט, זיך צו בעפאַסען מיט די דייטשע קאַניבאַלען. זיי זיינען ערקלערט געוואָרען אַלס די־פּיס און איינגעשלאָסען געוואָרען אין קעמפּס, וואו זיי האָבען פערברויכט זייערע ענערגיען אינ׳ם קאַמף אום דאָס טעגליכע ברויט און אין דער זאָרג פאַר די נעכסטע צוקונפט. זיי זיינען נישט געקומען דערצו, זיך מיט זייערע פייניגער אָפּצורעכענען. אנשטאָט נקמה צו נעהמען אָן די רוצחים אויף דעם אָרט פון זייער קוואַל, האָבען די יידישע די־פּיס גע־שטרעבט, פון דאָרט אַרויסצוקומען. אַ סך בייגעטראָגען צו דעם אונגאַטירליכען צושטאַנד האָט אויך די טרויעריגע ראָלע וואָס ענגלאַנד האָט געשפּילט בנוגע ארץ־ישראל און די ענטוישונג וואָס די נאָכקריגסוועלט האָט אונז פערשאַפט אויף דער גאַנצער ליניע.

גלייך נאָך דער מלחמה האָט רוסלאַנד אַרויסגעוויזען איהרע אבזיכטען, אייראָפּע צו סאָוויעטיזירען, איז די וועלט פערוויקעלט געוואָרען אין אַ קאַמף צווישען אָסט און וועסט; די יידען זעלבסט זיינען געווען פערטאָן מיט די ענגלענדער, און די דייטשען זיינען אַרויס פונ׳ם זכרון. אָן זיי האָט מען אין גאַנצען פערגעסען. געדענקט האָט מען אָן די דייטשע חיות נאָר אַזוי ווייט, ווי עס האָט זיך געהאַנדעלט, זיי צו פּאַשען און צו פערזאָרגען. אָבער זייערע רציחות זיינען פולשטענדיג אַראָפּ פון קאָפּ. די מיט נייע פּראָבלעמען אָב־

סאָרבירטע קרבנות פונם דייטש האָבען דעם מערדער־פאָלק געגעבען די גענוגטואונג, אַז זייערע שונאים צעהאַקען זיך די קעפּ, און די האָפנונג, אַז דורך אַ נייעם בעוואָפענטען קאָנפליקט וועט דייטשלאַנד צוריקגעווינען די פערלוירענע פּאָזיציעס.

ענגלאַנד מיט איהר זעלבסטזוכט האָט אונז פעראורזאַכט נייען פערדרוס און אונז געטריבען צו נייער פערצווייפלונג. אונזער האַס איז אָפּגעלענקט געוואָרען פון די דייטשען אויף די נייע שונאים, די ענגלענדער. דער פערלאַנג נאָך נקמה, וואָס האָט זיך בעדאַרפט קאָנצענטרירען אויף דעם דייטשען מערדער־פאָלק, איז פערקירעוועט געוואָרען אויף ענגלאַנד. יידען האָבען געפיהלט מעהר בעדערפעניש, זיך נוקם צו זיין אָן קעפּטעין פאַרראַן, וואָס האָט אומגעבראַכט „בלויז" איין יידיש קינד, ווי אָן די דייטשע באַנדיטען, וואָס האָבען אויסגעקוילעט מיליאָנען יידען. מיר זיינען צופיל בעשעפטיגט געוואָרען מיט נייע עולות, מיט פרישע צרות, עס איז אונז נישט געבליבען קיין צייט, נאָכצודענקען איבער דעם „אַלטען" חורבן. קוים האָבען מיר זיך דערוואוסט פונ׳ם געשעהענען, זיינען מיר אַרויסגעריסען געוואָרען פון אונזער טרויער דורך נייע וואונדען און צוגעקומענע קרבנות. ווי קענען מיר, אַלזאָ, פערגעסען אַ הימעלשרייענדע רציחה, מיט וועלכער מיר האָבען זיך נאָך נישט אָנגעהויבען צו בעפאַסען?

און וועמען זאָלען מיר פערגעבען? דעם בלוט־דורשטיגען דייטשען אכזר, וואָס האָט אונז אַזוי האַרט געטראָפען, אַזוי טיף פערוואונדעט? פערגעבען דער דעגענערירטער מערדער ראַסע, וואָס באַלד נאָך דער פערטיליגונג פון אונזער פאָלק האָט זי אָנגעהויבען צו פיהרען אַ שנים כתיקונן לעבען, וואָס איז נישט איינגעזונקען געוואָרען פאַר חרפה און איז נישט אויסגעגאַנגען פאַר חרטה? פערגעבען אַ פאָלק וואָס בעט נישט אום פערגעבונג, וואָס איז עומד במרדו און זעצט פאָרט זיינע מערדערייען וואו עס קען נאָר. פערגעבען דעם דייטש, וואָס האָט ביז צו דער לעצטער מינוט געברענט און געבראָטען, און ווען די זיגער וואָלטען איהם נישט אַרויסגעריסען די שווערד פון דער האַנד, וואָלט ער זי נישט אַוועקגעלייגט ביז זי וואָלט זיך געהאַט אָנגעזעטיגט מיט דעם דם התמצית פונ׳ם לעצטען ייד?

ניין, אַזוי ווי מיר וועלען נישט אויפגעבען דעם זכרון, דאָס אנדענקען אָן די, פון וועמען עס איז אונז נישט געבליבען קיין אָנדענקען, אַזוי ווי מיר וועלען נישט פערגעסען די געמאָרדעטע, אַזוי קענען מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין זייערע מערדער.

געוויס, אין נאָרמאַלע פאַלען פערלאַנגט עס דאָס עטישע עמפּפינדען, זיך צו צייגען גרויסמוטיג צום געשלאָגענעם שונא, איהם מיט פערגעבליכקייט אַ גוטביישפּיל צו געבען, אויף ראַכע צו פערציכטען און די שטראָף

צו בעשרענקען אויף אַ מאָס, וואָס איז נויטווענדיג פאַר די אַלגעמיינע זיכער־הייט. אָבער דאָ האַנדעלט עס זיך אום אויסעראָרדענטליכע, נישט נאָרמאַלע פערברעכער, דאָ האַנדעלט עס זיך אום אַ באַנדע, וואָס האָט יאָהרענלאַנג די עקעלהאַפטעסטע פלענער אויסגעשמידט און אָנגעווענדעט, אום אַ גאַנץ פאָלק נישט בלויז אויסצוראטען נאָר אויך ביים טויט צו ערנידעריגען און צו פייניגען.

דאָ געהט עס אויך אום דעם אַנדערען צוועק פון בעשטראָפונג, כדי די מערדער אבצושרעקען, און צו פערמיידען, אַז זיי זאָלען נישט אין דער צו־קונפט בעגעהן די זעלבע פערברעכען, וועלכע זיי בעדויערען שוין היינט נישט. לא תשכח פאָדערט פון אונז נישט בלויז דער זין פאַר גערעכטיגקייט, נישט בלויז די פיעטעט, דער יראת הכבוד צו די טויטע, נאָר אויך דאָס אחריות פאַר די לעבעדיגע, פאַר די קומענדע דורות, פאַר די צוקונפט פון׳ם יידישען פאָלק. דורך אונזער געדענקען ווילען מיר אויך פערמיידען און פאַרזאָרגען, אַז די דאָזיגע פערברעכען זאָלען זיך נישט איבער׳חזר׳ן אָן אונזערע קינדער. אויב דאָס פערטיליגען פון אונזער פאָלק איז אַ שטראַפלאָזע האַנדלונג, אויב די וועלט געהט נאָך אַזאַ חורבן איבער צו דער טאָג־אָרדענונג און מיר זעלבסט וועלען אויך שווייגען, איז דאָס נישט אַ איינלאַדונג צו די דייטשען און צו אַנדערע צו באַרבאַריזם אינקלינירענדע פעלקער, פריהער אָדער שפּעטער דאָס זעלבע שפּיל צו ווידערהאָלען? אונזער שווייגען קען דערצו פיהרען, אַז אין אַ צייט אַרום זאָל זיך אין אירגענד אַ לאַנד, וואו יידען ווער׳ען נאָך היינטצוטאָג „געדולדעט״, עטאַבלירען אַ מין היטלער־רעזשים און לויט דעם בעקאַנטען מוסטער די יידישע בעפעלקערונג חלילה אויסראטען.

אַפילו דער אַמעריקאַנער ייד מיט זיין שטאָהלערנען זיכערהייטסגעפיהל, לויפט איהם נישט דורך אַמאָל דער געדאַנקען, אַז דאָ קען חלילה דאָס זעלבע פאָרקומען? עס איז אַבסורד אַזוי צו דענקען? דאָ קען אַזוינס נישט פּאַ־סירען? דאָ איז דאָך אַלעס אַזוי ליבעראַל, פרייהייטליך און דעמאָקראַטיש, דאָ וועט דאָס פאָלק נישט מיט־טאָן, אַמעריקאַנער ווערען זיך נישט פרייען ביים צוזעהן ווי יידען גוסה׳ן אויפן מאַרק פּלאַץ? האָבען די בערלינער און וויענער גוים נישט אַמאָל אויך געשפּילט די פיינע און ליבעראַלע? די גערינגסטע אומגרופּירונג, די גערינגסטע ערשיטערונג, קען ברענגען אַ אומ־שוואונג, אַ שטימונגסוועכסעל אינ׳ם פאָלק, אפילו ביי די סאַמע פערברענטע ליבעראַלען, און עס קענען בעקומען די אויבערהאַנד יענע וואגאבונדען, וועל־כע וואַרטען שוין היינט אויף דעם טאָג, ווען זיי וועלען חלילה האָבען די מאַכט מיט די היגע יידען דאָס צו טאָן, וואָס אייראָפּעאישע פעלקער, מיט די דייטשען בראש, האָבען געטאָן מיט זייערע יידען. ווער גיבט אונז די גאַ־ראַנטיע, אַז דאָס דעמאָקראַטישע סיסטעם וועט תמיד אָנהאַלטען און אַז די

פערפאַסונג וועט קיינמאָל נישט געענדערט ווערען? אַלץ אין דער וועלט איז אונטערוואָרפען אַ ענדערונג, גאָר נישט מענשליכעס איז אייביג, שטענדיג איז נאָר דער וועכסעל, די געשיכטע רוהט נישט, זי געפינט זיך אין אַ אייביגען שטראָם, וואָס שווענקט אַוועק די אידעאַלען פון נעכטען און ברענגט נייע בע־וועגונגען, וועלכע לאָזען די אַלטע אַלס פעראַלטעט און לעכערליך ערשיינען. און זאָגען מיר, אַז אין אונזער דור וועט זיך דאָס נישט עראייגנען, זיינען מיר בטוח, אַז אונזערע קינדער און אייניקלעך וועלען זיך קענען רוהיג אויסלעבען זייערע יאָהרען? זיינען מיר זיכער, אַז אונזערע ביינער וועלען נישט אַרויס־געוואָרפען ווערען, אונזערע מצבות נישט דעמאָלירט, אונזערע קברים נישט אויפגעגראָבען ווערען? והי׳ בהניח ה״א לך מסביב וגו׳ תמחה את זכר עמלק. די מנוחה וואָס מיר געניסען מאָמענטאַן, טאָר אונז נישט איינשלעפערען; די דערוויילּיגע רוהיגקייט טאָר אונז נישט פערפיהרען. אונפעראַנטוואָרטליך וואָלט עס געווען, זיך צו וויגען אין זיכערהייט, וויילּ דער פּאָגראָם איז נאָך נישט אויסגעבראָכען. געראַדע בהניח, תמחה את זכר עמלק, מוזען מיר פיהרען אַ קאַמף געגען עמלק און זיינע אידעאָלאָגיעס. ונוהגת מצו׳ זו (מחיית עמלק) בכל מקום ובכל זמן (חינוך, מצו׳ תר״ג).

די יידישע עטהיק איז דורכגעווייקט מיט רחמנות און פערלאַנגט גרויס־מוטיגקייט און פערגעבליכקייט צום בעזיגטען געגנער. אונזער ליטעראַטור איז פול מיט בילדער, וועלכע ווייזען אונז דעם וועג פון מיטלייד מיט די געשלאָ־גענע פיינד. נאָכדעם ווי ארם האָט איבערפאַלען ישראל און איז בעזיגט גע־וואָרען, האָט דער מלך ישראל געפרעגט אלישע׳ן, צי ער זאָל די געפאַנגענע אומברענגען, דערויף האָט אלישע געענטפערט: לא תכה, האשר שבית בחרבך ובקשתך אתה מכה? שים לחם ומים לפניהם, ויאכלו וישתו וילכו לאדוניהם. ויכרה להם כרה גדולה ויאכלו וישתו וילכו אל אדוניהם (מלכים ב׳, סי׳ ו׳, פכ״א וכו׳). מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה, האָט כביכול אויסגערופען ביי דער געלעגענהייט פונם עגיפּטישען שונא׳ס מפּלה (סנהדרין ל״ט ע״ב). מיר זאָגען נישט קיין גאַנץ הלל שביעי של פסח (און דאַדורך אויך אַלע טעג פון חול המועד פסח) וויילּ אין דעם טאָג זיינען די מצריים אונטערגעגאַנגען (טו״ז הל׳ פסח, סי׳ ת״צ סק״ג).

צו דער זעלבער צייט געפינען מיר אָבער אויך, אַז מיטלייד מיט אַ אכזריות׳דיגען שונא קען האָבען אַ פערהענגניספולע ווירקונג. בן הדד, דער מלך ארם האָט איניגע מאָל איבערגעפאַלען דעם מלך ישראל, אחאָב בן עמרי, מיט דעם ציל, ביי איהם צוצונעמען „כל מחמד עיניך״. נאָך בן הדד׳ס מפלה האָבען זיינע ראַטגעבער צו איהם געזאָגט: שמענו כי מלכי בית ישראל מלכי חסד הם, לאָמיר זיך דעמיטיגען פאַר דעם מלך ישראל, וועט ער אונז גוט בעהאַנדלען. דער מלך ישראל איז איינגעגאַנגען אויף דעם רחמנות

קאַמפּיין און האָט געזאָגט: העודנו חי, אחי הוא, און האָט דעם גרימיגען שונא אַוועקגעשיקט מיט אַ פריינדשאַפטס פּערטראַג אין דער האַנט. די נביאים איז נישט איינגעגאַנגען אחאב׳ס פאַרגעהען, זיי האָבען איהם געוואָרענט: יען שלחת את איש חרמי מיד, והיתה נפשך תחת נפשו, ועמך תחת עמו. נאָך דריי יאָהר האָט דערזעלבער מלך ארם זיין מיליטער בעפוילען: לא תלחמו את קטן ואת גדול, כי אם את מלך ישראל לבדו; אחאב איז געפאַלען אין דער דאָזיגער מלחמה, אַלס אָפּפער פון זיין רחמנות. דער מלך ארם, וועמען ער האָט געשענקט דאָס לעבען, האָט אַלס דאַנק, ביי איהם דאָס לעבען צוגענומען (זעה מלכים א׳, סי׳ כ׳ וכ״ב).

לויטן מדרש, האָט, אין דעם קאַמף צווישען קין און הבל, קודם דער אַנגעגריפענער הבל געהאַט געוואונען די אויבערהאַנד, נאָר אַזוי ווי דער בעזיגטער קין האָט געבעטען אום רחמנות האָט איהם הבל פריי געלאָזט. דערויף ערשט האָט קין זיין מיטליידפולען ברודער אומגעבראַכט.

שאול׳ס רחמנות מיט אגג האָט איהם געקאָסט דעם טהראָן. עס איז אַ אונפערציהליכער פעהלער, זיך צו לאָזען לייטען פון מיטלייד געגענאיבער אַ בייזוויליגען שונא. דאָס איז פאַלשער רחמנות. אונזיניג און אונפעראַנט־וואָרטליך האַנדלען די יעניגע, וועלכע גיבען אַ שלאַנג די מעגליכקייט, ווייטער צו בייסען. די בעסטיע וויס דאָן נישט די ווייכהאַרציגקייט צו שעצען, זי טייטשט אויס די פיינקייט אַלס שוואַכקייט, און נוצט זי אויס אַלס מיטעל ביי דער ערשטער געלעגענהייט ווייטער אונגליק צו ברענגען אויף איהרע וואויל־טעטער. דאָס האָט שמואל פערשטאַנען: ויאמר שמואל הגישו אלי את אגג מלך עמלק וילך אליו אגג מעדנות, ויאמר אגג אכן סר מר המות, ויאמר שמואל כאשר שכלה נשים חרבך כן תשכל מנשים אמך, וישסף שמואל את אגג לפני ה׳ בגלגל (שמואל א׳, ט״ו).

אויף עמלק הייסט די גנאַדענפולע תורה נישט רחמנות האָבען. עס גע־הערט נישט קיין האַרטהאַרציגקייט דאַצו, דעם גרונדלאָזען פערניכטער צו פערניכטען. די זעלבע פרשה וואָס ענטהאַלט לא תתעב אדמי, לא תתעב מצרי, פערלאַנגט מחיית עמלק. פרעה האָט כאָטש געוואָלט האָבען בחנמ׳דיגע שקלאַפען, עמלק האָט אַ חוץ זיינע סאַדיסטישע געלוסטען, נישט געהאַט קיין שום אַנלאַס, ישראל צו איבערפאַלען. אשר קרך בדרך, ער האָט נישט געהאַט קיין שום טעריטאָריאַלען סכסוך מיט די היימאַטלאָזע וואַנדערער, ער האָט אויך נישט בעדאַרפט מורא האָבען פאַר זייער מאַכטפאָליטישער שטע־לונג, ווייל ואתה עיף ויגע, אַ מאַט, ערשעפּפט פאָלק האָט ער בעקריגט; דאָס מאָטיוו פון זיין רציחה איז געווען רציחה. ראשית גוים עמלק, ער האָט אַלס ערשטער געצייגט דעם וועג פון גרונדלאָזען, אונבעגרינדעטען האַס. אַזאַ פיינד איז אַ מצו׳ צו האַסען און זיך אָן איהם נוקם צו זיין.

נישט אויס אהבה צו נקמה האָט אסתר פערלאַנגט: ינתן גם מחר ליהודים אשר בשושן לעשות כדת היום. דער תרגום צו מגילת אסתר זאָגט, אַז די אַלע וואָס זיינען געהרג׳עט געוואָרען דעם דרייצעהנטען און פירצעהנטען אדר, זיינען געווען רופילין מזרע עמלק. — דאַמיט עס זאָל זיין „אסתר סוף כל הנסים״, מיר זאָלען נישט יעדע פּאָר יאָהר שוועבען אין לעבענסגעפאַהר און אָנגעוויזען זיין אויף נסים, האָט אסתר געוואָלט מיט אַמאָל פּטור ווערען פון אַלע שעדיגער פון דער מענשהייט. איינמאָל פאַר אַלע מאָל האָט זי געוואָלט אַ סוף מאַכען צו דער מכה, וואָס אַמאָל טרעט זי אויף אין דער געשטאַלט פון עמלק, אַ אַנדער מאָל רופט זי זיך המן, אַמאָל כמיעלניצקי און אַמאָל היטלער. לטובת דעם הומאַניזם האָט זי געוואָלט בעקעמפען דעם המנ׳יזם. אינ׳ם אינטע־רעס פון פרידען האָט זי געפיהרט קריג מיט דעם עמלקיזם, דער סבה פון אַלע קריגען, מיט דער גייסטיגער קראַנקהייט פון די פעלקער.

די זעלבע תורה וואָס וואָרענט: לא תקום ולא תטור (וואָס בעציהט זיך איב־ריגענס נאָר לגבי אַ יחיד און געהט נישט אָן אויף אַ רבים וואָס הרג׳ענען אויס אַ רבים), שאַרפט אונז גלייכצייטיג איין: תמחה את זכר עמלק, לא תשכח. עס זיינען פאַראַן אומשטענדען, וואו עס איז „גדולה נקמה שנתנה בין שתי אותיות, במקום שצריכה נקמה, דבר גדול הוא״ (רש״י, ברכות ל״ג ע״א). רחמנות אויף דעם אונריכטיגען פלאַץ איז אַ טייל פון אכזריות *). א״ר יב״ל: כל שהוא רחמן על אכזרי, לסוף נעשה אכזר על הרחמנים (ילקוט שמעוני שמואל א׳, קכ״א). אין אונזער פאַל איז דאָס געדענקען, דער רוף נאָך גע־רעכטער בעשטראָפונג, נישט אונעטהיש, דאָס פערגעסען וואָלט געווען אונ־מאָראַליש, פערברעכעריש. ווי אַמאָל ר״ח בן תרדיון דאַרפען מיר תובע זיין עלבונו של ספר תורה, וואָס די דייטשען האָבען מבזה געווען, און דעם עלבון פון אונזערע קדושים וועמענס מענשען ווירדע זיי האָבען געטראָטען מיט די פיס. אינמיטען אונזער השתפכות הנפש בעטען מיר צו הש״י: שבעתים השב לחיק מאניני, שכר חציך מדם מעני (סליחות ליום ה׳ דעשי״ת). א׳ אל דמי לדמי (סליחות לכ׳ סיון). קיינמאָל זיינען מענשען נישט געווען אַזוי בע־רעכטיגט ווי מיר היינט צו דעם פערלאַנגען fiat iustitia, pereat mundus.

אָבער אויך אין אונזערע אייגענע רייהען גיבט עס אַזעלכע, וואָס האָבען זיך אנגעאייגענט די שכחה־טאַקטיק פון די אומות העולם. נישט נאָר די גוים, אויך מאַנכע פון אונז, ליידען פון זכרון־שוואַכקייט. זיי האָבען זיך פיל צו ליב, איבערמעסיג זיך מצער צו זיין איבער דעם חורבן פון דער „פער־גאַנגענהייט״, און זיינען פיל צו בעקוועם, זיך די קעפ צו צערברעכען וועגען דער יידישער צוקונפט. זיי האָבען זיך אומגעשטעלט און צוגעפאַסט צו דעם

*) זעה מיין הקדמה צום ספר דברי יחזקאל (הוצאת אגודת חסידי שינאווע).

מנהגו של עולם. קוים האָבען זיי ערפאַהרען, וואָס מיט זייערע געשוויסטער איז געשעהן, און שוין איז געוואָרען נשכחתי כמת מלב, שוין האָבען זיי אָנגעהויבען צו פערגעסען. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט צו דער טאָג־טעגליכער בעשעפטיגונג, וואָס אַ טאָג האָט מען ווייניגער געוויינט, ווייניגער געזיפצט, וואָס אַ טאָג ווייניגער גערעדט פון דעם חורבן. און אפילו ווען מען רעדט יאָ דערפון, איז אָנגענומען געוואָרען די גוי׳שע אַרט, אָנצורופען די מערדער אַלס נאַציס, נישט אַלס דייטשען. אין דער בעצייכנונג ליגט אַ בעשטימטע כונה: די דייטשען רייניצוואוואַשען פון זייער שולד. ווער עס בעדינט זיך מיט דעם נוסח, גיבט אינדירעקט צו, אַז בלויז די נאַציס האָבען די מעשים רעים בעגאַנגען, אָבער דאָס דייטשע פאָלק איז גוט און וואויל ווי די וועלט. פילע אין אונזער מיט האָבען זיך געוועהנט צו רעדען פון די שחיטות אַזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אום אַ עלעמענטאַר קאַטאַסטראָפע, אַ ערדציטערניש, אָדער גלאַט אַ שרפה. „זיי זיינען נעביך אומגעקומען״, „זיי זיינען אַוועק״, „זיי זיינען געמוטשעט געוואָרען״ או. א. וו. ווער דאָס אַלץ האָט געטאָן, ווערט נישט אַרויסגעזאָגט, ווער עס האָט געשאָכטען, ווער עס האָט געמוטשעט און אומגעבראַכט, איז מען נישט מזכיר. אַפילו ווען מען געדענקט נאָך די ערמאָרדעטע, פערגעסט מען די מערדער. מען זאָגט נישט די דייטשע רוצחים האָבען מיינע קרובים געוואָרגען און גע־האנגען, נאָר זיי זיינען אומגעקומען. ווי מ׳וואָלט מורא געהאַט אָנצורופען די מערדער ביים ריכטיגען נאָמען. דאָס זיינען נאָר קורצע שטריכען פון פערגעסליכקייט סימנים אין אונזערע אייגענע קרייזען. און ווען עס וועט אין דעם טעמפּאָ אַזוי ווייטער געהן, וועט דער חורבן האומה נישט נאָר פון דעם זכרון און דער אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע קינדער און שפּעטערע דורות אבגעווישט ווערען, נאָר מיר אַליין קענען אויך מיט דער צייט אונזערע טייערסטע און זייער גרויזאַמען אומקום פערגעסען.

### פדיון נפשות און פדיון עצמות.

אין דעם צוזאַמענהאַנג מוז דאָ אָנגעוויזען ווערען אויף צוויי וואונדע פּונקטען, וועלכע זיינען סימבאָליש פאַר אונזער אייגענער פערגעסליכקייט און פעראַנטוואָרטונגסלאָזער נאַכלעסיגקייט. אונצעהליגע יתומים געפינען זיך אין גוי׳שע הייזער אָדער אין קלויסטערס, וואו זיי ווערען אויפגעצויגען אַלס גוים. געהענדיג צו דער שחיטה, האָבען נעמליך מאַנכע עלטערען אין זייער ראטלאָזיגקייט און פערצווייפלונג אַריינגעגעבען זייערע קינדער צו נישט־יידישע שכנים, אום ווייניגסטענס זיי צו ראַטעווען. די האָפנונג פון די אונ־גליקליכע טאַטע־מאַמעס איז געווען, אַז „ווען עס וועט ווידער זיין אַ וועלט״,

װעלען קומען די קרובים אָדער סתם יידען און װעלען די קינדער אַרויסנעהמען. עס איז שוין טאַקע „װידער אַ װעלט״, משטיינס געזאָגט, אָבער די קינדער זיינען נאָך אַלץ אין די הענד פון ערלים און װייסן נישט אַמאָל זייער אבשטאַמונג. די קרובים זיינען נישט געקומען, װייל אויך זיי זיינען אומגעקומען, און די יידען פון דער װעלט האָבען ביז יעצט נאָך נישט געבראַכט דעם בעװייז, אַז זיי שטייען אויף דער הויך פון זייער חוב און אחריות לגבי די פערלוירענע נשמות און די נשמות פון זייערע מערטירער־עלטערען. דריי און אַ האַלב יאָהר זיינען שוין פערגאַנגען זייט דעם סוף פונם קריג און ביז איצט איז נישט געשאַפען געװאָרען קיין אָרגאַן, װאָס זאָל זיך אויסשליסליך מיט דער דאָזיגער ברענענדער פראַגע בעפאַסען. װאָס לענגער עס דויערט, אַלץ מעהר װערען די קינדער ענטפרעמדעט און אַלץ שװערער װעט זיין זייער אויסלייזונג. װאָלטען זייערע עלטערען געאַהנט, װאָס אויס זייערע קינדער װעט װערען, װאָלטען זיי געװיס די קינדער נישט בעהאַלטען. די גרויסע מעהרהייט פון אונזערע קדושים האָבען טאַקע מורא געהאַט דאָס צו טאָן, האָבען זיי ליבער מיטגענומען זייערע שעפעלעך צום טויט, דענקענדיג אָן די געפאַהר, אַז די רעטונג פון זייערע קינדער׳ס גוף קען פערבונדען זיין מיט דעם פערלוסט פון זייער נשמה. דעם פרייז האָבען זיי בעשטימט נישט געװאָלט בעצאָהלען. געװיס איז די אויפגאַבע נישט קיין לייכטע, װייל די גוים מאַכען די גרעסטע שװעריגקייטען און פערלאַנגען גרויסע סומען פאַר די „בעפרייאונג״ פון אַ יידיש קינד און מאַנכמאָל ניצען אויך געלדמיטעל נישט. אָבער ביי געהעריגער אַנשטרענגונג, קען פיל עררייכט װערען. װאָס פלעגען יידען נישט צו טאָן, װען מען האָט בעדאַרפט ראַטעװען אַ יידיש נפש פון גוי׳שע הענד. האָבען זיך אונזערע אבות נישט ממש מוסר נפש געװען פאַר פדיון שבוים?

עס עקזיסטירט אויך אַ פּראָבלעם פון פדיון עצמות. צעהנטויזענדער פון קדושים, װעמען מיר זיינען שולדיג דעם גרעסטען רעספּעקט, זיינען געגענשטאַנד פון אַ אונגעהיירען בזיון המת. זייערע ביינער װאַלגערן זיך אַרום אין די װעלדער פון בעלזעץ און אין אַנדערע מקומות פון יידישען אומקום, הינט נאָגען אָן זיי און גוים מיסטיגען דערמיט די פעלדער. אויף יעדען לעבעדיגען ייד איז מוטל דער חוב, די הייליגע עצמות צוזאַמענצונעהמען און קובר צו זיין. אָבער קיינער פון אונז האָט עפּעס אונטערנומען אין דער ריכטונג. יחידים קענען װעניג אויפטאָן, עס דאַרף אָרגאַניזירט װערען אַ גרויסציגיגע אַקציאָן, אַ אַל־װעלטליכע „חברה קדושה״ מיט דעם צװעק, מפנה צו זיין די דאָזיגע עצמות און זיי ברענגען נאָך ארץ־ישראל. ביי צילבעװאוסטער, ענערגישער אַרבייט װעט עס האָפענטליך מעגליך זיין, אונזערע מתעסקים זאָגאַר אין אַזעלכע ערטער אַהינצושיקען, װאָס געפינען זיך אינ׳ם רוסישען געביט. יידען, גומלי חסדים, װאו זייט איהר?

די גאַלאַנצעס.

כידוע, איז אַלץ וואָס שפּילט זיך אָב אין אונזער צייט, פּערזעהן מיט אַ סופּערלאַטיוו. כמעט יעדעס עראייגניש פון דער געגענוואַרט געשטאַלטעט זיך צו דעם גרעסטען פון זיין אַרט אין דער געשיכטע. די יונגסטע מלחמה איז געוועזן די ביז אַהער גרעסטע; די כלי־זין וואָס זיינען אין דעם קריג פערווענדעט געוואָרען, זיינען געוועזן די ווירקזאַמסטע; די שחיטה פון יידען איז געוועזן די גרויזאַמסטע און אומפּאַנגרייכסטע; דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס די שרעקליכסטע מענשליכע בעסטיע; דאָס פערהאַלטען פון דער וועלט בעת דעם גרעסטען אָרגאַניזירטען מאַסען־מאָרד און איהר בענעהמען נאכהער צום שארית הפליטה, איבערטרעפט אַלע שאַנדען, וואָס זי האָט זיך ווען עס איז געלייסטעט. די אונפערשעמטסטע בושה, וואָס אַ קינד פון אַ יידישער מאַמע קען אָנטאָן זיין פאָלק, לייסטען זיך יענע יידישע אויסוואורפען, וועלכע זיינען געוואָרען שותפים פון עמלק. די געמיינסטע רעספּעקטלאָזיגקייט, דעם שענדליכסטען פערראַט אָן די קדושים בעגעהט דער ענטיידעטער ייד מיטן שוואַכען זכרון, דער פליכטפערגעסענער פערגעסער, וואָס חבר׳ט זיך מיט די דייטשען. דער קרייז פון די עהרלאָזע אבטרינּיגע איז צוואר נישט קיין ווייטער, פאָרלייפיג, נאָך קענען זייערע שמאָטעקעפּ אָבגעצעהלט ווערען אויף די פינגער. אָבער עס איז כדאי זיי צו צעהלען, איבער זיי צו ערצעהלען און זייער ווירדעלאָזיגקייט מפרסם צו זיין.

צוליב אייטעלקייט, „כבוד", אָדער פערדינסטמעגליכקייט שענדען זיי דאָס אנדענקען פון זעקס מיליאָנען מערטירער, פערקויפען זיי דעם נאַציאָנאַלען שטאָלץ, בעשמוצען זיי דעם פערזענליכען אנשטאַנד. פאַר זייער ביסאלע הייגט פערשאַכערען זיי די באַכען בלוט פון נעכטען, שטעלען זיי אין געפאַהר דעם יידישען מאָרגען, די צוקונפט פון זייערע אייגענע קינדער. דורך זייער פערקעהר מיט די דייטשען סאַנקציאָנירען די רענעגאַטען דעם פריישפּרוך, וואָס די גוים האָבען אַרויסגעגעבען איבער דעם שולדיגען דייטש, און דאַמיט הייסען זיי גוט דעם מאַסענמאָרד גופא. דורך זייער פריינדשאַפט צו די דייטשען אנימירען זיי די פּאָטענציעלע דייטשען, ד. ה. אַלע קינפטיגע אינטערנאַציאָנאַלע מערדער, צו נייע פערברעכען.

וויקטאָר גאָלאַנץ, דער לאָנדאָנער יידישער סאָציאַליסט, איז איינפאַך פערליבט אין די פערוועזע דייטשע מערדער. פאַר איהם איז „דייטשלאַנד אַ פּרואוושטיין פון ליבע". יעדע פאַר חדשים בעזוכט ער די דייטשען און בעוואַרפט זיי מיט געשענקען און טרויסט, (זיינע יידישע ברידער אין די לאַגערן, די אָפּפער פון זיינע דייטשע שיצלינגע, זעהט ער שוין פערזאָרגט). ער שאַפט גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, פעראַנשטאַלטעט מאַניפעסטאַציעס און געלד זאַמלונגען

און געהט אויס פאַר ליבשאַפט צו די „אָרימע" דייטשען. ער שרייבט ביכער און גרייפט אָן די „באַרבאַרישע פּאָליטיק פון די זיגער בנוגע די בעזיגטע דייטשען". ער דערמאָנט די וועלט, צו פערגעסען וואָס די דייטשען זיינען געווען, היינט זיינען זיי אין זיינע אויגען עדעל און גוט. שכחה אַליין איז נישט גענוג, מעהר הילף וויל ער פאַר די דייטשע ליבלינגע. כדי זיין בונד מיט די דייטשען צו בעפעסטיגען, האָט ער זיך איינגעזעצט אַ דייטשען איידעם. אין איינעם פון זיינע ביכער שרייבט ער, אַז היינט זיינען דאָ אין דייטשלאַנד מעהר נאַציס ווי ביים ענדע פונם קריג. פעראַנטוואָרטליך דערפאַר, זאָגט ער, איז די שלעכטע פּאָליטיק פון די אַליאירטע, ווייל זיי העלפען נישט גענוג די דייטשען, (אַז די דייטשען זיינען פרעך געוואָרען ווייל די זיגער בעהאַנדלען זיי צו פיין, דאַצו איז גאלאַנץ צו בלינד איינצוזעהן). ער רעכענט אויס, אַז אין שלעזוויג־האָלשטיין וועלען 350.000 דייטשע קינדער געהן אָהן שיך, ער זאָרגט זיך, אַז די דיסעלדאָרפער וועלען נישט האָבען גענוג קליידער (אונזערע ברידער האָבען געבעטען, מען זאָל זיי לאָזען די בלויזע הויט, און דאָס האָבען זיי זיך ביי גאלאַנצ'עס פריינד נישט געקענט אויסבעטען). בעזעסען פון מאַזאָכיזם, איז עס זיין קראַנקהאַפטע שפּעציאַליטעט, דוקא פאַר די ס.ס.־לייט בעזונדערס צו זאָרגען. זיינע הילפסאַקציעס האָבען זיך קאָנצענטרירט אין ערשטער רייהע אויף די „אַמאָליגע" געשטאַפּאָניקעס. צו זיין שאַנדע זאָל אויך אונטערשטראָכען ווערען, אַז גאלאַנץ איז געווען דער ערשטער, צו פערלאַנגען אַ אַלגעמיינע אַמנעסטיע פאַר אַלע נאַציס און די איינשטעלונג פון דער דיסמאַנטלונג פון דייטשע קריגספאַבריקען. דעם דאַנק פאַר זיין אַרבייט וועלען די דייטשען זיינע האלבארישע אייניקלעך אָבצאָהלען; דערווייל האָט זיך דער עהרגייציגער וויקטאָר גאַלאַנץ געקויפט אַ מאָראַליש „שטריקעל" און איז טרויעריג בעריהמט געוואָרען.

אין די זעלבע קאַטעגאָריע געהערען אונפערשעמטע „יידען" ווי מנוחין, וועלכער איז מזכה די דייטשען מיט בחנמ'דיגע וואָהלטעטיגקייטס־קאָנצערטען און דער „יידישער" פּאַרק קאָמישיאָנער פון ניו יאָרק ראָבערט מאָזעס, וואָס האָט אָנגענומען פון גענעראַל קלעי די שליחות, אויפצובויען הייזער פאַר דעם מערדער־פאָלק אין דעם מאָרדלאַנד.

עס געפינען זיך געשעפטס־טיכטיגע יידישע סוחרים, וועלכע בערייזען דייטשלאַנד און קניפּען אָן האַנדעלס־בעציהונגען מיט די מערדער פון זייער פאָלק. דעגענערירטע יידישע דיאַמאַנטען־הענדלער ריכטען אויף אַ שלייפעריי־אינדוסטריע אין דייטשלאַנד. כדי צו ערצילען אַ גרעסערען פּראָפיט, לאָזען זיי פּראָדוצירען עדעלשטיינער דורך הענד, וועלכע האָבען געוואָרגען יידישע קינדער! ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אום די מערדער פון זייערע אייגענע קינדער, וואָלטען זיי נישט געווען אַזוי פערגעסליך און עס וואָלט זיי נישט

געשמעקט אַז עמיצער אַנדערער זאָל זיך מיט די רוצחים חבר׳ן. אויך דער רעפאָרם ראַביי דר. בעק האָט זיך פערגאָלאַנצעוועט און איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ ערקלערונג אַז ער און זיינעס גלייכען האָבען שוין מוחל געווען דעם דייטשען פאָלק. מאַנכע פון די דייטשע יידען, וועלכע האָבען אָפּגערעכט „גלות״ אין ארץ־ישראל, זיינען צוריקגעקעהרט אין די דייטשע „היימאַט״, אום ביים ווידעראויפבוי פון דעם קין־לאַנד בעהילפליך צו זיין. מענשען, וואָס עס איז געווען כפשע בינם ובין המות, וועלכע זיינען דורך דעם ארץ־ישראל סער־טיפיקאַט געראַטעט געוואָרען פונ׳ם דייטשען מערדער, בענגען „אַהיים״ און פיהלען אין זיך אַ דראַנג, צו העלפען די פערשאָלטענע קאַניבאַלען. מי שמע כזאת, מי ראה כאלה?

יידען, נקמה!

דאָס העסליכע בענעהמען פון געצעהלטע העסליכע, אייגענזיניגע רענע־גאַטען, וועט אונז נישט מבלבל זיין. נישט די גוי׳שע היפּאָקריטען און נישט די יידישע משומדים וועט עס געלינגען, אונז אַוועקצוברענגען פון דעם וועג, וואָס עהרע און געפיהל געביטען אונז. אין אונזער דענקען און זעעלענלעבען זיינען מיר סואווערען. אונזערע הערצער לאָזען זיך נישט פון קיינעם דיקטירען. קיין שום פּאַרטייל וועט אונז נישט פערלאָקען, קיין שום אייסערער אָדער אינע־רער איינפלוס וועט אונז נישט דאַצו פערלייטען, דעם state of war מיט דעם דייטשען פאָלק אויפצוגעבען. מיר האָבען אַ צוואה צו ערפילען. דעם לעצ־טען וואונש פון זעקס מיליאָן יידען. אין זייער אָהנמעכטיגען צאָרן זיינען די הייליגע מערטירער בעהערשט געווען פון איין געדאַנק, אַז דער יידישער גואל הדם זאָל זיך נוקם זיין אָן די, וואָס האָבען אַזוי ברוטאַל אָפּגעהאַקט זייערע יאָה־רען. זיי האָבען געברענט נאָך אָפּצאָהל, זייער לעצטער ווילען און אויפשריי איז געווען: יידען נקמה! די ווערטער האָבען זיי איינגעקריצט אין די שוואַרצע ווענד פון זייערע פינסטערע תפיסות מיט דעם לעצטען בלוט פון דער נשמה, מיט דער לעצטער קראַפט פון זייער האַרץ, אין דער שעה פון זייער אַגאָניע. די ווערטער ווילען מיר איינקריצען אין אונזער זכרון, די צוואה זאָל אונזער צווייטער אם אשכחך זיין און בלייבען. דעם לעצטען רוף ווילען מיר לעבעדיג און וואַך האַלטען אַלס דעם וויכטיגסטען בעשטאַנדטייל פון אונזער דענקען און פיהלען, עד סוף כל הדורות. נקמה איז געווען זייער לעצטער זיפץ, פער־שעלטונג פונם פערשאָלטענען שונא איז געווען זייער לעצטער קרעכץ. זיי זיינען אַוועק, אָבער זייער שמע ישראל, יידען נקמה, זייערע יעמערליכע קולות מוזען תמיד געפינען אַ עכאָ אין די יידישע הערצער, און ווי לאַנג אַ ייד וועט אָטעמען אויף דעם פלאַנעט, טאָרען די ווערטער נישט פערקלינגען. זיי פיזיש

צו ליקווידירען, איז עס דעם דייטשען שונא געלונגען. אָבער זעעליש לעבען זיי ווייטער, זאָלען זיי ווייטער לעבען אין אונזערע הערצער, אין די מחשבות פון די קונפטיגע גענעראַציאָנען, און עס טאָר קיינמאָל נישט קומען צו קיין היסח הדעת.

אונזער אויפגאַבע איז אַ דאָפּעלטע. זה לקדשו ולכבדו, דאָס אָנדענקען פון אונזערע קדושים צו פערהייליגען און צו פעראייביגען, וזה להממו ולאבדו, און די דייטשע בעסטיע אָפּצולערנען און אָפּצוצאָהלען. דעם צווייפאַכען ציל זאָלען די פאָלגענדע תקנות דיענען:

א) יעדען פרייטאָג־אָוונט, ביי דער תפלה פון קבלת שבת, נאָך דעם קאַפּיטעל ה׳ מלך גאות לבש, זאָלען אַלע מתפללים זאָגען קדיש פאַר די קדושים, וואָס זאָל בעטראַכט ווערען אַלס פאָלקס־קדיש.

ב) יעדען שבת, אפילו שבת שמברכין החודש זאָל געזאָגט ווערען אב הרחמים, אַזוי ווי עס ווערט געטאָן אין די שבתות שמברכין החודשים אייר און סיון לזכר הקדושים פון תתנ״ו ותתק״ו (זעה מהרי״ל וש״ע או״ח סוף סי׳ רפ״ד ומג״א שם).

ג) יעדען יום טוב ביי הזכרת נשמות, זאָל געמאַכט ווערען אַ שפּעציעלע הזכרה פאַר די קדושים וטהורים שנהרגו ושנשרפו ושנחנקו ע״י הגרמנים הארורים ימ״ש והרוצחים מגוים אחרים ימ״ש.

ד) ענטשפּרעכענד דעם דין: משייר מקום אע״א כנגד הפתח בלא סיד, זכר לחורבן (ש״ע או״ח סי׳ תק״ס, ס״א), זאָלען אין יעדער יידישער וואוינונג צוויי שטעלען נעבענאיינאַנדער נישט בעמאָלט ווערען, איינע זכר לחורבן הבית, די צווייטע זכר לחורבן יהודי־איירָאָפּא.

ה) אויף דער וואַנד פון יעדען יידישען היים זאָל הענגען לכל הפחות איינס פון די בילדער וואָס סימבאָליזירען דאָס מאַרטיריום פון אונזער פאָלק אונטער׳ן דייטשען יאָך. יעדעס בילד זאָל פערזעהן ווערען מיט די ווער־טער: יידען נקמה!

ו) נעבען דעם געוועהנליכען דאַטום פון פרשת השבוע, חודש און יאָהר, זאָל יעדער בריוו ענטהאַלטען אויך דאָס יאָהר לויט דער צייטרעכענונג פונם חורבן איירָאָפּאַ; אַלס שטיך־יאָהר זאָל ה׳ת״ש אָנגענומען ווערען, למשל שנת תש״ט, שנה התשיעית לחורבן יהודי־איירָאָפּא.

ז) יעדע יידישע שמחה און גרעסערע צוזאַמענקונפט זאָל איינגעלייטעט ווערען מיט „אני מאמין״, וואָס דאַרף פון די אָנוועזענדע שטעהענדיג געזונ־גען ווערען, מיט דער מעלאָדיע וואָס די קדושים פלעגען צו זינגען אין די טויט־טענלאַגערען און אויף זייער לעצטען וועג.

ח) יעדען תשעה באב פאַר מנחה זאָל בצבור פאָרגעלייענט ווערען פון

דעם ספר הזכרון, וואו עס ווערען געשילדערט די ענוים פון די קדושים, זייער העלדענטום און מסירת נפש, זייער פערצווייפלונג און זייערע נסיונות*).

---

*) פאַר דעם צוועק איז אַם געאייגענטסטען דאָס עדות־מאַטעריאַל פון מענשען, וועלכע האָבען פערזענליך בייגעוואוינט און איבערגעלעבט די פאַקטען וואָס זיי ער־צעהלען. לדוגמא זאָל געבראַכט ווערען די פאָלגענדע שילדערונג פון אַ יידישער פרוי:

„ווען איך בין אָנגעקומען קיין ארזשאראוו האָב איך פון מיין פעטער'ס משפחה בלויז געטראָפען זיינס אַ פופצען יעהריגען יינגעל. ער האָט מיך פשוט אָנגעקוקט ווי משוגע הלמאי איך בין צו זיי געקומען. מיר לעבען דאָך דאָ אין גיהנם, — האָט ער מיר דאָ ערקלערט — שוין זעקס טעג ווי די דייטשען האָבען די גרעסטע צאָל יידען פון שטעטעל, בערך דריי הונדערט פופציג יידען פערשפאַרט אין דער גרויסער שוהל, נישט דערלאָזט זיי געבען צו עסען.

אויפען צווייטען טאָג פון מיין ווייַלען אין ארזשאראוו האָט מען זיך דערוואוסט אַז די יידען האָט מען פערשפאַרט צוליב דעם וואָס אַ יידיש מיידעל האָט געפּאַטשט אַ דייטשען אָפיציר, בשעת ער האָט איבער איהר געוואָלט בעגעהן אַ שאַנד־טהאַט און אויך צוליב דעם וואָס די יידען זיינען נישט געגנוג העפליך.

אַלע בעמיהונגען מצד די קהלה־פאָרשטעהער, אַז מען זאָל די יידען בעפרייען האָבען נישט געגעבען קיין רעזולטאַט. אויך די שתדלנות אַז מען זאָל צו די לעבעדיגע מענשען צולאָזען עפּעס שפּייז האָט זיך נישט איינגעגעבען. די קליינע צאָהל יידען, וואָס האָבען זיך געפונען אין שטעטעל מחוץ דער שוהל, האָבען מיטגעמאַכט וואָס די יידען אין דער שוהל.

אין מיטען דער נאַכט האָב איך דערהערט שרעקליכע קולות וואָס האָבען זיך גע־טראָגען פון דער שוהל. איך בין אין די נאַכט־וועש אַראָפּגעגאַנגען פון מיין געלעגער און אַרויסגעקוקט אין דער ריכטונג פון דער שוהל. דער גאַנצער שוהל־הויף איז געשטאַנען אין פלאַמען. איך מיט מיין קאָזין האָבען אויסגעבראָכען אין אַ שרעקליך געוויין. מיר האָבען דאָך געוואוסט אַז אין דעם מאָמענט ווערען לעבעדיגערהייט פער־ברענט הונדערטער יידען און צווישען זיי פרויען, קינדער און אויך מיין פעטער, מומע און זייערע קינדער.

צומאָרגענס איז דער ראש הקהל צוזאַמען מיט עטליכע יידען אַריין צום שטאָדט־קאָמענדאַנט און געפרעגט צי עס איז זיי ערלויבט מקבר צו זיין די יידישע קערפּערס.

דער קאָמענדאַנט האָט געענטפערט: מיר וועלען זיי אייך געבען צו מקבר זיין, איהר מוזט אָבער אונטערשרייבען אַ פּראָטאָקאָל אַז די דריי הונדערט און פופציג האָבען זיך עהרליך פערדינט זייער שטראָף.

די ראשי הקהל האָבען אַזאַ ערקלערונג אונטערגעשריבען.

דער קאָמענדאַנט האָט די ראשי הקהל געהייסען קומען איינס אַזייגער ביינאַכט. בייטאָג קענען זיי צוגרייטען די קברים. אויך האָט ער פערלאַנגט צו מאַכען בלויז עטליכע קברים, מען זאָל די קברים אויסקאַלכען, כדי נישט פערשפּרייטען קיין קראַנק־הייטען.

איינס אַזייגער ביינאַכט זיינען מיר צוזאַמען מיט די ראשי הקהל אַוועק צום קאָ־מענדאַנט. אונטער אַ שמירה פון אַ גרופּע געסטאַפּאָ־לייט זיינען מיר אַוועק צו דער שוהל. בעת מען האָט געעפענט די שוהל האָט זיך פאַר אונזערע אויגען אַנטפּלעקט אַ

די פאַרלעזונג זאָל זיין אין דער שפּראַך וואָס דער עולם פערשטעהט.

ט) פאַר דעם איינשלאָפען, נאָך קריאת שמע, זאָל יעדער ייד פאָלגענדע תפלה זאָגען: יזכור א׳ את נשמות הקדושים שנרצחו על ידי הגרמנים הארורים, את התלאות והצרות אשר סבלו וינקום נא את נקמת דם ישראל הנשפך כמים. ארץ אל תכסי דמם ואל יהי מקום*) לזעקתם.

י) עס זאָל פּראָקלאַמירט ווערען אַ חרם איבער דייטשלאַנד, לויט וועלכען עס זאָל פערבאָטען זיין פאַר אַ ייד זיך דאָרט צו בעזעצען.

יא) עס זאָל פערהענגט ווערען אַ איסור, צו האַנדלען מיט דייטשלאַנד. יעדער ייד מוז באָיקאָטירען דייטשע סחורות און גאָרנישט טאָן, וואָס קען זיין פון נוצען פאַר די דייטשען.

יב) די וואָס טראָגען דייטש קלינגענדע נעמען, זאָלען דיזעלבע ענדערען, ד. ה. העברעאיזירען.

יג) ווי ווייט מעגליך זאָל זיך אַ ייד נישט בעדינען מיט דער דייטשער שפּראַך, נישט אין וואָרט און נישט אין שריפט.

בכלל זאָלען מיר אַלץ אין אונז אויסמעקען וואָס איז פון דייטשען אורשפּרונג אָדער פערבונדען מיט דייטשע זיטען. יעדע פון אונזערע האַנדלונגען מוז געפּרואווט ווערען, צי שטעהט זי נישט אין צוזאַמענהאַנג מיטן דייטשען וועזען. ביז אַהער זיינען מיר געווען די אייפריגסטע טרעגער פון דער דייטשער קולטור און די טרייעסטע פלעגער פון דער דייטשער שפּראַך אונטער די נישט דייטשע פעלקער. אונזער „יידיש״ (וואָס איז אויפגעבויט אויף דעם מיטעל־האָכדייטשען, דאָס גערעדעכץ פון די דייטשען בעת די קרייצציגע, ווען מיר זיינען פערטריבען געוואָרען פון דייטשלאַנד), האָט געטראָגען די דייטשע צונג איבער די גאַנצע וועלט. אונזער ביבעל האָט דורך לוטהער׳ס איבער־

---

שרעקליך בילד. אַלע אינעווייניג אין דער שוהל, דער ארון הקודש, די ספרים, דער באַלעמער, האָבען נאָך געגליהט, אַלע יידען זיינען געווען פערברענט אויף קויל.

מיר האָבען נישט געוואוסט, וואָס פריהער אַרויסצוטראָגען. מיר האָבען זיך בעמיהט צו דערקענען וועמען פון די פערברענטע יידען, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז אויף דער שוהל און אין דער שוהל זיינען מצד די דייטשען אויסגעגאָסען געוואָרען גאַנצע פעסער נאַפט און בענזין. דאָס פייער האָט אַלץ און אַלעמען פערברענט.

דאָס איז געווען פאַר אונז אַ שרעקליך איבערלעבעניש דאָס אַרויסטראָגען די אַלע טויטע קערפּערס. מיר האָבען זיי אַלעמען איבערגעפיהרט אויפן בית־עולם און דאָרט זיי געבראַכט צו קבורה אין די ברידער־קברים. ווען עס האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען, איז די אַרבייט געווען פערענדיגט״.

*) זעה איוב סי׳ ט״ז, פי״ח. מקום הייסט נישט בלויז אָרט, געביעט, נאָר אויך גרעניץ, פערגל׳ דאָס לאַטיינישע fines, finei.

זעצונג געלעגט דעם גרונד צו דער ענטוויקלונג פון דער דייטשער שריפט־שפּראַכע. אַ ייד האָט בעצייכענט זיין פאַמיליען נאָמען אַלס „דייטשען" נאָמען. יידישע צונעמען זיינען טאַקע געוועזן על פּי רוב דייטשע נעמען, אַזוי אַז אַ ייד איז דערקענט געוואָרען דורך זיין דייטשען נאָמען. גאָלדבערג, ראָזענטהאל, שטיין זיינען געוואָרען טיפּיש־יידישע נעמען. צי דער טרעגער פון'ם נאָמען קאָהען איז אַ ייד, האָט מען נאָך געקענט צווייפלען, אָבער אַז מאַנדעל איז אַ ייד איז נישט קיין ספק. ביי די אַקציעס האָט דער דייטשער באַנדיט געוואוסט צוערשט די מענשען מיט עכט דייטשע נעמען צוזאַמענצונעהמען. יידען האָבען זיך געהאַלטען אן די נעמען „פּרעסבורג", „לעמבערג", „בייסאנץ", או. א. וו., אין אַ צייט, ווען די סלאַווישע בעוואוינער פון די דאָזיגע שטעדט האָבען זיך אָנגעשטרענגט דורך זייערע בעצייכנונגען דעם סלאַווישען כאַראַקטער פון די שטעדט צו בעטאָנען. דאַמיט האָבען מיר בייגעטראָגען צו דער ערהאַלטונג פון דייטשע נעמען פאַר נישט דייטשע אָרטשאַפטען. יידען האָבען בעפרוכטעט און בערייכערט די דייטשע ליטעראַטור. נישט נאָר די דייטשע יידען, נאָר אויך יידען פון די פערשידענסטע לענדער האָבען גערעדט דייטש און סימפּאַטיזירט מיט דער דייטשער אַזוי גערופענער ציוויליזאַציע. נאָך היינט איז ביי די יידען פון דייטשלאַנד, וואָס זיינען קוים מיטן לעבען ענטלאָפען פון דער דייטשער שלאַנג, נאָך אַלץ די אומגאַנגס־שפּראַך דייטש. דאָס אַלץ מוז ענדליך אויפהערען. דייטש איז געוועזן די שפּראַך, אין וועלכער עס זיינען געגעבען געוואָרען די לעצטע קאָמאַנדאָס, דאָס לעצטע וואָס אונזערע קדושים האָבען געהערט, איז געוועזן דער דייטשער בעפעהל: לאָז, שיעסען! דייטש איז די שפּראַך פון די מערדער, און אַלץ וואָס איז דייטש דאַרף אָפּגעמעקט ווערען פון דער וועלט.

זכור את אשר עשה לך עמלק, יכול בלב כשהוא אומר לא תשכח, הרי בלב אמור, ומה אני מקיים זכור, בפה (ספרי פ' תצא ומגילה י"ח ע"א). מיר טאָרען זיך נישט בעגניגען מיט אַ פלוקטואירענד' געדענקען, מיט אַ אויבערפלעכליכער, דעקאָראַטיווער עראינערונג פון אַ מעמאָריאַל־פעראַנשטאַלטונג. דער ברענענדער שמערץ פון רחמנות מיט די פערמוטשעטע און דאָס פייער פון צאָרן איבער דעם דייטשען עמלק, וואָס בעהערשט היינט דעם יידישען מענש, בעדאַרף זיך פערוואַנדלען אין אַ נר תמיד וואָס זאָל אונאויפהערליך פלאַקערען און בעשווינגען דעם רהיטם פון אונזער ווייטערען לעבענסוועג. מיר דאַרפען געדענקען ביז צום פערגעסען זיך. פאַר אונז האָט דאָס לעבען מיט אַזאַ ביטערען וועהטאָג אין האַרץ סיי ווי קיין גרויסען ווערט. מיר לעבען ווי אין אַ בייזען חלום, און ווי אַ חלום קען אויך דאָס לעבען פון אונז נישט דיריגירט אָדער קאָנטראָלירט ווערען; צו מיר ווילען אָדער נישט, דאָס חלום־לעבען געהט ווייטער. דער זין פון'ם יידישען ווייטער חלום'ען נאָך דעם חורבן

איז: זה לקדשו ולכבדו, וזה להממו ולאבדו, צו עהרען און הויך צו האַלטען דאָס אָנדענקען פון די, וואָס זיינען איינגעגאַנגען אין די שבת׳דיגע רוה, און נקמה צו נעהמען אָן זייערע אונבאַרמהערציגע פיינִיגער. דאָס איז דאָס הייליגע געבאָט פאַר דעם שארית ישראל. נקום נקמת בני ישראל, אחר תאסף אל עמך. בעפאָר מיר האָבען נישט נוקם געווען נקמת בני ישראל, קענען מיר נישט רוהיג אַוועקגעהן פון דער וועלט, טאָר זיך אַ ייד נישט בערוהיגען. עס טאָר דעם דייטשען שד נישט געלינגען, דעם יידישען גואל הדם צו ענטרינען. נאָך דעם אַנידערוואַרפען פונ׳ם אויפשטאַנד פון די קליינאַזיאַטישע גריכען (צו וועלכען די אַטהענער האָבען זיי געהאָלפען), האָט דער פערזער־קעניג דריוש זיך געלאָזט יעדען טאָג צורופען: „האַר, געדענק די אַטהענער!״, אַזוי שרייט צו אונז דאָס יידישע געוויסען, דער יידישער כבוד און דאָס אחריות פאַרן קיום האומה: ייד, געדענק דעם דייטשען עמלק, זכור את אשר עשו לך הגרמנים!

דאָס פינף־יעהריגע געראַנגעל מיטן דייטשען מלאך המות דאַרף נישט בלויז איינגעקריצט ווערען אין די טאוועל פון אונזערע הערצער, עס מוז אויך ערהאַלטען בלייבען אין דעם זכרון פון די, וואָס וועלען נאָך אונז קומען. צו דעם צוועק זאָל געשריבען ווערען אַ „ספר הזכרון״, וואָס זאָל ענטהאַלטען די פּאַסירונגען, די מאַרטיראָלאָגיע פון אונזער פאָלק אין דער צייט פון דער דייטשער שרעקענסהערשאַפט. געוויס, נישט אַלץ וואָס האָט זיך צוגעטראָגען אין דעם גרויסען שחיטה־הויז איירָאָפּע, האָבען מיר ערפאַהרען. דאָס ביסעל, וואָס איז אונז איבערליפערט געוואָרען, איז נאָר אַ ברוכטייל, אַ טראָפּען פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם אונענדליכען ים הצרות. דעם פולען אומפאַנג פון די דייטשע אכזריות וועלען מיר קיינמאָל נישט וויסען, ווייל מיט די ליידענדע ברידער און שוועסטער זיינען אויך אַוועק די ערצעהלער פון זייערע ליידען. אונטער די מערטירער האָט עס געגעבען גרויסע העלדען, וואָס האָבען זיך מקריב געווען פאַר אַנדערע, עס זיינען פאָרגעקומען סצענעס פון איבער־מענשליכער מסירת נפש; פשוט׳ע יידען זיינען די שווערסטע נסיונות בייגעשטאַנען; פראָסטע מענשען האָבען זיך דערהויבען צו איבער דימענזיאָנאַלער גרויסקייט; יעדעס יידישע קינד איז געווען אַ טראַגעדיע פאַר זיך, יעדע האַנדלונג איז געווען אַ עפּאָס, יעדע שעה אין טאָג האָט געבאָטען שטאָף פאַר אַ ענדלאָזער ליידענסגעשיכטע. מוזען מיר אונז בעשרענקען מיט דעם וואָס איז אונז יאָ ערהאַלטען געבליבען, און דאָס דאַרפען מיר אבהיטען, זאַמלען, פערצייכענען און פעסט האַלטען פאַר שפּעטערע דורות.

און זאָגאַר פון דעם ווייניגען, וואָס איז אונז יאָ בעקאַנט, קענען מיר אונז נישט מאַכען קיין גענוי בילד. דאָס וואָס מיר ווייסען, איז בלויז אַ פראַגמענט,

אַ קיצור פון אַ פּחדים׳דיגער מעשה אָהן אַ סוף. קיין שפּראַך איז נישט רייך גענוג אפילו נאָר אָנצודייטען די טראַגווייטע, דעם פאַרנעם פון דעם אונגעהייערען חורבן. קיין לשון איז נישט אימשטאַנד אויסצודריקען די צרות, וואָס אונ־זערע טייערע זיינען אויסגעשטאַנען. קען עמיצער בעגרייפען דעם צושטאַנד פון אַ פאַמיליע, וועלכע ווייס וואָס עס טוט זיך דרויסען, און ציטערט שוין חדשים לאַנג פאַר דעם מאָמענט ווען די גזלנים וועלען קומען; פּלוצלונג הערט איהר שריט, שריט פון באַרבאַרען־שטיוועל, איהר הערט רוגזה׳דיגע קלעפּ אין דער טיר, בעוואָפענטע רוצחים זיינען דאָ, זיי געביטען, בעפעהלען, שלאָגען און שרייען, זייער פּרצוף וואַרפט אַ אימה, זיי רייסען אייך אַרויס די קינדער, אייערע קינדערלעך פאַר וועלכע איהר האָט אייך געפּלאגט, וועלכע איהר ליבט מעהר ווי דאָס לעבען, אייערע אוצר׳לעך, וואָס איהר האָט אָנ־געהיטען ווי אַ אויג אין קאָפּ, צו וועמען איהר האָט געהאָרכט ביינאַכט און געזאָרגט בייטאָג, פאַר וועמען איהר האָט שטענדיג געאַרבייט און געשטרעבט, אין וועמען איהר האָט אייך געשפּיגעלט, פאַר וועמענס נאָגעל איהר זענט תמיד בעריט געווען אייער געזונד אַוועקצוגעבען, זיי וויל דער רוצח פון אייך אַוועקנעמען, זיי כאַפּט ער אָן מיט דער האַנד, זיי שלעפּט ער אַוועק, זייער בלוט וויל ער פערגיסען, זייער טייער לעבען וויל ער פער־שניידען, זייערע זיסע פּיסקעלעך שטום מאַכען, זייערע קלוגע אייגאלעך וויל ער צומאַכען, זיי, די קינדערלעך פיהרט ער אַוועק, דער מערדער! די שע־פאלעך שרייען, זיי וויינען, זיי רופען מאַמע, טאַטע, זיי פערשטייען נישט, פאַר וואָס איז מיט אַמאָל אַזאַ ענדערונג איינגעטרעטען; פון אַזוי פיל צערט־ליכקייט און ליבע, פון אַזוי פיל פעטערליכע איבערגעבענקייט און מיטער־ליכער געטריישאַפט, זעהען זיי זיך פּלוצלונג אין די הענד פון מאַניאַקעס, וואָס שלעפּען זיי ביי די פליגעלעך אַזוי אכזריות׳דיג און טאָן אַזוי וויי! אַ מינוט פריהער זיינען זיי אַרומגעכאַפּט געוואָרען פון צאַרטע מוטער־הענד, געדריקט געוואָרען צו אַ וואַרימער ברוסט, און יעצט שלעג מיט קאָלבעס, מכות רצח!

קען עמיצער משער זיין די מורא׳דיגע געפיהלען פון די קליינע קינדער בשעת זיי געפינען זיך מיט די באַנדיטען אַליין אין וואַלד. אָהן זייער טאַטע־מאַמע? קען עמיצער דערגרינטעווען, וואָס עס טוט זיך אין די געמיטער פון די עלטערען, וועלכע זיינען געבליבען אַליין אין דער שטוב, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג געהילעכט פון אונשולדיגען קינדער־געלעכטער? קען זיך עמיצער אַ בילד מאַכען פון די פערצווייפעלטע, ווי זיי וואַלגערען זיך אויף דער ערד פאַר צער, ווי זיי ווינדען זיך אין יסורים, ווי זיי קוקען אויף די נאָך וואַרימע וויגאלעך און ליידיגע בעטאלעך, ווי זיי בעטראַכטען די ביל־דער און בעטאַפּען די שפּילצייג? קען עמיצער אַריינקוקען אין זייערע צעבראָכענע הערצער, פערשטעהען זייער יאָמער, מיט וועלכען זיי האָבען

זיך אונאויפהערליך אַרומגעטראָגען, ביז צו דער שעה, ווען די זעלבע רוצחים, די מערדער פון זייערע קינדער, זיינען ווידער געקומען און האָבען זיי געפיהרט אויף דעמזעלבען אָרט, וואו זייערע קינדערלעך האָבען דעם לעצטען זיפץ געטאָן?

יאָ, אונבעגרייפליך און אונפאסבאר איז דאָס לייד און דער גרוי־ליגער אומקום פון אונזערע הייליגע. זייער געשריי איז שוין לאַנג פער־שטומט, זייערע טרערען פערווישט, זייער בלוט פערטריקענט. זיי שווייגען שוין לאַנג, און דאָך הערען מיר זיי, און דאָך רעדען זיי צו אונז. cum tacent clamant. זייער שווייגען איז אַ הויכע אנקלאַגע. זיי ריידען צו אונז דורך דעם עטהער, וואָס האָט אויפגענומען זייערע קולות, דורך די לופט וואָס האָט געטראָגען זייער רויך, דורך די ערד וואָס האָט איינגעזאפט זייער בלוט, דורך דעם הימעל וואָס האָט געזעהן זייער פיין, דורך די יתומים וואָס וויסען נישט ווי זיי הייסען און ווער זיי זיינען, דורך די לעבעדיגע קדושים, וואָס זיינען געבליבען אַליין אין אַ פינסטערער וועלט. קוקט אייך אָן די צייכענס אויף זייערע הענד, דעם שטאַרענדען בליק פון זייערע אויגען און די שוואַרצע רענדער אַרום זיי; זעהטס די קנייטשען און פאַלטען אויף זייער שטערען, בעטראַכטס די טרויער אויף זייער פּנים, דעם ציטער אין זייערע הערצער. פרעגט זיי אויס איבער די לאַנגע נאַכט פון גרויל, לאָזט אייך ערצעהלען ווי זעקס מיליאָן יידען האָבען געלעבט און געדולדעט, געליטען און געבלוטעט, ווי זיי האָבען געהונגערט און געשמאַכטעט, לאָזט אייך ערצעהלען פון זייערע בזיונות און ערנידעריגונגען, פון זייער שרעק און קוואַל. לאָזט אייך ערצעהלען איבער זייער ביטערען גורל, איבער זייער פערצווייפלונג, זייער פערלאָזטקייט און איינזאַמקייט, איבער זייער פיזישער און זעעלישער בויט.

דערמאָנט אייך אָן די מאַרטערוועקצייג, מיט וועלכע די דייטשע רוצחים האָבען געפּלאָטערט יידישע קינדער, ווי זיי האָבען צערשטערט זייערע היי־זער, אויסגערויבט זייערע פאָלקסשעצע און אָפּגעמעקט אַ גלאָררייכען עבר; ווי זיי האָבען אויסגעלאָשען אַ פרוכטבאַר, קערנדיג יידיש פאָלקסלעבען און אַנידערגעריסען מויערען, וואָס קענען נישט מעהר אויפגעריכט ווערען (ווער קען דען ווידער אויפשטעלען אַ יידיש פוילען?).

דערמאָנט אייך ווי זיי האָבען געריסען שטיקער פלייש פון לעבעדיגע און געוואָרפען צו די הינד טויטע, ווי זיי האָבען געשפּילט בשעת יציאת נשמה פון אַלטע און געצוואונגען יידען צו טאַנצען ביים טויט פון זייערע קינדער.

זאָלען פאַר אייערע גייסטיגע אויגען אויפשטייגען די יונגעלייט מיט די אָנגעצינדענע בערט, די זקנים מיט די דורכגעלעכערטע קעפּ, די קינדער

מיט די אויפגעשניטענע בייכלעך, די לעבעדיגערהייט בעגראָבענע מענער, די פון גאַז דערשטיקטע יידישע פרויען.

זאָלען פאַר אייערע אויגען דעפּילירען די יידישע מאַסען אין זייער מאַרש



לאָז, מאַרש!

צום טויט, די פירכטערליכע סצענעס פון יענע פינסטערע טעג און נעכט, ווען די ערשעפּטע מענשען זיינען אַריינגעפּאַקט געוואָרען מיט גוסס'דיגע זקנים און צעדריקטע קינדער, אָהן אַ שטיקעל ברויט, אָהן אַ ביסעל וואַסער, אָהן אַ קאַפּינקע לופט; ווי זיי זיינען אָנגעקומען אויף דער לעצטער סטאַנציע, ווי די דייטשען האָבען די איינגעשיכטערטע געיאָגט און געטריבען אין לויפשריט: לאָז, שנעל, מאַרש! ווי די רוצחים האָבען זיי געשלאָגען, ווי די שיינוועדפער האָבען זיי געבלענדעט. ווי די פערווערזע מערדער האָבען פון איינאַנדער געריסען מאַן פון ווייב און צעשיידט עלטערען פון קינדער; ווי זיי האָבען אַרויסגעשלאָגען זויגלינגע פון זייערע מאַמעס' פערקראַמפּטע הענד און גענייט טאַטעס צו פערברענען זייערע קינדער.

זאָל צו אייער אויער דרינגען דאָס יעמערליכע געוויין פון גאַנצע משפחות, די קולות פון עלטערען וואָס זיינען אויפגעלעזט אין שמערץ, פון פערשלאָפענע קינדער, וואָס רופען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, פון שוועסטערען וואָס געזעגענען זיך מיט זייערע ברידער, פון מענער וואָס זעהען צום לעצטען מאָל זייערע נאָהענטע.

לעבטס דורך אין דער מחשבה דעם ביטערען טעם פון די הילפלאָזע, בעת זיי ווערען געשלעפּט צו דער שחיטה אונטער דעם געלעכטער פון די פוילישע, אוקראַאינישע אָדער אונגאַרישע צוקוקער, ווי זיי בעטען אום הילף און די „היימישע" גוים מאַכען פון זיי חוזק און ענטפערען מיט סאַ־דיסטישע אויסרופען; ווי די רוצחים רינגלען אַרום די אויסגעהונגערטע און געפּרוּוירענע און מאַכען גרייט די מכשירים פון טויט.

לעבטס דורך אין דער מחשבה, ווי עס האָט אויסגעזעהן אין די יידישע געצעלטען ווען בעוואפנטע דייטשע באַנדיטען זיינען אַריינגעדרונגען מיט שפּיר־הינד און האָבען אויסגעזוכט יעדעס בעהאַלטענע קינד; ווי אַ יידישע מוטער האָט פערצווייפעלט געקעמפט מיט אַ ריקזיכטסלאָזען מערדער אום דאָס טייערע לעבען פון איהר איינציג קינד; ווי יידישע קינדער מוזען אַריינ־שפּרינגען אין אָפענע גריבער, ווי יידישע טעכטער ווערען אַריינגעשטופּט אין די גאַז־קאַמערען.

פערגעגנוואַרטיגט אייך ווי זיי זיינען געשטאַנען פאַר זייערע אומברענ־גער, ווי אָפט זיי האָבען געקוקט דעם טויט אין די אויגען, ווי אַזוי זיי האָבען בעגעגענט דעם טויט, ווי שרעקליך עס איז געווען זייער ענדע, ווי שווער דער דייטשער רוצח האָט זיי געמאַכט דעם טויט, ווי ער האָט זיי געלאָזט



זייף־פאַבריקאַציע.

קעמפפען אום טויט, בעטען אום טויט; ווי מיד ער האָט זיי געמאַכט ביז צו דער אונפעהיגקייט, דעם שטערבע־אַקט דורכצופירען.

לאָזט אייך ערצעהלען פון די אַליאירטע זעלנער ווי זיי האָבען מיילענווייט געשפירט דעם ריח פון אַרומליגענדע מתים, דעם רויך פון פערברענטע יידען; אין וועלכען מעמד זיי האָבען די נאָך לעבעדיגע אָנגעטראָפען. ווי זיי זיינען געלעגען צווישען טויטע, איינגעהילט אין שמאַטעס, פערהונגערט, אויסגע־דאַרט, אָפּגעצעהרט, סקעלעטען, אַ הויפען ביינער; ווי זיי זיינען געשטאָרבען ביים פערצעהרען פון אַ נאָרמאַלער שפייז, ווייל זייער מאָגען האָט נישט מעהר געקענט פערטראָגען קיין בעסערע קאָסט.

זאָלען פאַר אייך שטעהן די בילדער פון טיפסטען מענשליכען לייד און ערגסטער טירישער רציחה, קלאַמערט אייך אום די דאָזיגע בילדער, זייד נישט מסיח דעת פון זיי ווי לאַנג איהר אָטעמט, ווי לאַנג איהר דרעהט אייך אַרום אויף דעם עולם השקר, און לאָזט זיי איבער אַלס ירושה פאַר אייערע נאָכקומען, פאַר אַלע צייטען.

זכור את אשר עשה לך עמלק, געדענק, ישראל, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט דיר, האָט אונז אַלע אָנגעטאָן. געדענקט ווי אַזוי מיר זיינען געשטאָרבען, פאַרוואָס מיר זיינען געשטאָרבען. זאָל אייביג לעבען אין זכרון פון ישראל אונזער שמע ישראל, אונזער צוואה, אונזער יידען, נקמה! אונזער קללה צו דער דייטשער שלאַנג בשעת אונזער בלוט איז טייכענווייז געפלאָסען, בשעת אונזערע קינדער האָבען אויסגעהויכט זייערע ריינע נשמה׳לעך: ארור אתה מכל הבהמה ומכל חית השדה, על גחונך תלך ואפילו עפר לא יהי׳ לך לאכל; פערשאָלטען זאָלסטו זיין זינד־בעלאַדען פאָלק, אַש און אַשפּה זאָל אויס דיר ווערען, די ערד זאָל דיך אויסשפּייען, די לופט זאָל זיך דיר ענטציהען; דאָס וואָס דו האָסט איבער אונז געבראַכט זאָל איבער דיר קומען, פלוך זאָל דיך בעגלייטען, פערפלוכט פאָלק, צרות זאָלען דיך אומגעבען, די קללות פון די יידישע מאַמעס זאָלען דיר אָנגעהן, די פערשעלטונג פון אונשולדיגע יידישע קינדער זאָל קומען איבער דיר, גרמניא הארורה.

אַז דאָס זאָל מקוים ווערען, דאַרפט איהר לעבענגעבליבענע בייטראָגען. דורך אייער קיום מצות מחיית עמלק מאַכט איהר הכנות פאַר אונזער שבת, פאַר אונזער בערוהיגונג, פאַר די מנוחה פון דער וועלט. דורך אייער גע־דענקען וועלען מיר לעבען. זייט אייך מתלבש מיט אונזערע נשמות, זייט די אויסלייזער פון אונזער בלוט, זייט נוקם אונזער נקמה.

דאָס זיינען די ווערטער פון די נהרגים ונשרפים, פון די נשחטים ונחנקים, דאָס זיינען די רייד פון זעקס מיליאָן רוה־לאָזע מערטירער, דאָס קומט פון די לעפּצען פון די געקוועלטע און געטרעטענע. דאָס ריידען צו אייך די קדושים

פון זייערע ברידער־קברים, פון זייערע עהרענפלעצער אין הימעל, וועמען זיי האָבען געשפּאָלטען בעת זייער אַוועקגעהן פון דער וועלט. הערט איהר נישט ווי זיי מאָהנען און פערלאַנגען? הערט איהר נישט דעם רוף פון די געלייטערטע, זייער אויפשריי, זייער צוואה? שמע ישראל, פערגעסט אונז נישט, יידען נקמה, לא תשכח!

